

מיין משפחה — איידער איך בין געפאָרן דעם ערשטן מאָל נאָך ארץ ישראל אין יאָר 1936

# אַ לעבן
# פאַרן פאָלק

פון

פעסיל שער־קאָסאָוו

ניו־יאָרק, נ. י.

1971 תשל״א

# אינהאַלט



## פון מיין טאָג־בוך

# אינהאַלט

## אין פרייע שעה'ן

### לידער

# אינהאַלט

# אינהאַלט

# פועלי ציון שבועה

## פון י. פּעלאָוויץ

מיר הייבן די הענט קעגן מזרח און שווערן
ביי ציון, איר פאָן, ביי איר הייליקער ערד,
ביי אַלץ וואָס מיר ליבן, וואָס הייליק מיר ערן,
ביי אונזערע העלדנס צעבראָכענעם שווערד.

ביי אונזער געשיכטע וואָס איז אָנגעשריבן
מיט אונזערע טרערן, מיט אונזערן בלוט,
ביי אַלעס מיר שווערן דאָס פאָלק הייס צו ליבן
און קעמפן פאַר אים מיט ענערגיע און מוט.

מיר שווערן אים ליבע, מיר שווערן אים טרייהייט
צוריק דאָס געווער ניט צו לייגן פון האַנט,
ביז וואַנען מיר וועלן ערקעמפן אין פרייהייט
אַ רואיקער לעבן אויף אייגענעם לאַנד.

מיר שווערן צערייסן די קייטן אויף שטיקער
פון זיינע געבונדענע וואונדיקע הענט;
אַראָפּצואוואַרפן דעם יאָך פון די דריקער,
פאַרלאָזן דעם גלות, די פינצטערע ווענט.

און אויך ווען צו שטאַרבן אין מיטן דעם שטרעבן
איז אונז דאָ באַשערט, ניט ברענגען אים דאָרט,
דאַן וועלן מיר אַנדערע דעם גייסט איבערגעבן,
זיי זאָלן פאַרטרעטן אין שטרייט אונזער אָרט!



# אַ לעבן
# פֿאַרן
# פֿאָלק

# דערציילט ווי פאַר אַן אייגענעם פריינד

## מאַמע־ווילנע

(ערשטער קאַפּיטל)

מיט אַ ציטער אין האַרצן דערמאָן איך זיך אין מיין געבוירנשטאָט, ווילנע! אַ שפּילעכל אַרויסצורײדן דאָס וואָרט — ווילנע! דאָס איז דאָך געווען אַן עיר־ואם בישראל! די שטאָט פון גרויסער אידישער אָרעמקייט, און פון גוואַלדיקער אידיש־גייסטיקער עשירות! אין קורצן — די שטאָט פון ווילנער גאון! אַפילו די אָרעמסטע צווישן די אָרעמע האָבן געהערט פון אים און זיך געגרויסט מיט אים! אין די פּאַרוואָרלאָזטע אידישע שטיבלעך איז געווען באַקאַנט דאָס ווערטל, נעמלעך: „וויל־נאַר!״ דאָס הייסט, וויל נאָר שטאַרק, קאָנסטו אויך ווערן אַ גאון אין לערנען...

מיין פאָטער האָט געהייסן לייזער־יודל ב״ר נחום הכהן; און מיין מוטער — בונע־חסיה, בת מרדכי הלוי. נאָר אָנהויבן מיין לעבנס־געשיכטע וועל איך מיט מיין באָבען, ע״ה.

מיין באָבע, ריווע, איז געבליבן יונג אַן אלמנה. און הגם די קוזינען פון זיידנס צד זיינען געווען גבירים, די באַרימטע ברידער שערס, וועלכע האָבן געפירט גרויסע געשעפטן פון אימפּאָרט פון כלעריי פּרוכטן אויף דער „ברייטער גאַס״ (באָלשאַיאַ אוליצאַ), האָט זיך די באָבע מפרנס געווען מיט אירע דריי קינדער, צוויי מיידלעך און אַ אינגל, פון אַ „סעמער״, אַ געשעטעלכל, לעבן די יאַטקעס, אויף וועלכן זי האָט פאַרקויפט סעמעטשקעס, קוואָס און ווינטער־צייט, אויך הייסן באָב. נו, איר פאַרשטייט שוין אַליין, אַז ס׳איז געווען ביי איר אַ געמוטשעט לעבן. נאָר דער גרעסטער האַרצווייטיק אירער איז געווען, וואָס זי האָט נישט געקענט שיקן איר בן־יחיד, לייזער־יודל, מיין פאָטער ע״ה, אין אַ חדר צוגלייך מיט אַלע באַלעבאַטישע קינדער. נאָר אים געמוזט פאַרשרייבן אין דער תלמוד־תורה, וואו מ׳האָט געלערנט אומזיסט און וואו די מלמדים האָבן נישט געשמט מיט זייער גרויס לומדות. לאַ־די, וואָס די אינגלעך האָבן קנאַפּ געגאָסן פון גאָטס תורה, האָט מען זיי נאָך אומגעשלעפּט צו „שלום־זכרס״, צו „בריתן״, צו „פדיון־הבנס״ און, להבדיל, צו „לוויות״. אמת, מ׳האָט די אָרעמע קינדער באַלוינט מיט קלייניגקייט פאַר דער טרחה, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס געהאַט קעגן די אויסגע־

טראָטעגע שטיוועלעך? און היות, ווי אין דער תלמוד־תורה האָבן זיך געמערט, מיט יעדן זמן, די תלמידים, האָט מען געזוכט וואָס שנעלער אַרויסצופטרן פון דאָרטן די עלטערע אינגלעך. קורץ, אין איין שיינעם טאָג, האָט מען אויך משלח געווען איר בחורל. ער איז דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר. און די באָבע האָט אים אָפּגעגעבן צו אַ שניידער זיך צו לערנען די מלאכה.

איך דאַרף אייך לאַנג נישט ברייען, וואָס מיין טאַטע האָט דורכגעמאַכט אין יענער שניידער־שטוב. פרעגט נישט, וואָס ער האָט דאָרטן געטאָן, פרעגט בעסער, וואָס ער האָט נישט געטאָן! קודם־כל האָט מען אים „איבערגעגעבן" די הויז־באַלעבאָטישקייט, ד. ה. קערן און וואַשן די פּאָדלאָגע, אַרויסטראָגן דאָס מיסט, זיך ניאַנטשען מיט די קינדער, לויפן אין קלייטל איינצוקויפן זאַכן פאַר דעם מייסטערס וויב, אָפּטראָגן אַ שטיקל אַרבעט; און ווען צוויי יאָר זיינען פאַריבער, און ס'האָט געהאַלטן דערביי, אַז אָט־אָט וועט מען אים שוין צולאָזן צו דער נאָדל, איז געשען מיט אים אַ געשעעניש, וואָס איז כדאי צו דערציילן:

שמואל שער, דער עלטסטער פון די קוזינען, האָט געהאַט אַ זינדל, סיאָמקע האָט ער געהייסן. האָט מען אים, דורך פּראָטעקציע, אָנגענומען אין דער ווילנער גימנאַזיע. און ווען ער האָט פאַרענדיקט די שקאָלע, האָט ער זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו. האָט זיין פאָטער געוואָלט ווידער פועלן ביי „נאַטשאַלסטווע", מיט אַריינרוקן אַ פּאָר טויזנטער „לאַפּקע־געלט", מ'זאָל געבן זיין תכשיט אַ ווייסן בילעט, און ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף שוועריקייטן.

— אין וואָס גייט עס? — האָט דער גביר געוואָלט וויסן, האַלטנדיק ביידע הענט אין די קעשענעס — לאָמיר הערן קלאָרע דיבורים!

דעם צאַרישן טשינאָווניק האָט שטאַרק געטשעפּעט, וואָס דער איד זיצט זיך אַזוי בהרחבה אין זיין שיינעם קאַבינעט, און מיינט, אַז מיט געלט קאָן ער אָפּקויפן די גאַנצע וועלט. און כאָטש אים איז ניחא געווען דעם אידנס אַפּותיקא, האָט ער זיך זייער געקווענקלט:

— גאָספּאָדין שער! דער „אויעזד" דאַרף צושטעלן די נויטיקע צאָל „נאָוואָבראַנצעס"!

— דער „אויעזד" וועט זיך באַגיין אָן מיין סיאָמקען, איוואַן פּעטראָוויטש!

— האָט ער פאַרקנייטשט מיט אַן אויג.

— איז וואו זאָל איך אייך קריגן איינעם אויף זיין אָרט, גאָספּאָדין שער?

— איך וועל אייך צושטעלן אַזאַ איינעם — און ער האָט אים געגעבן מיין טאַטנס נאָמען און אַדרעס.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז איוואַן פּעטראָוויטש צוריק געקומען צו מיין פּעטער.

— גאָט איז מיט אייך, גאָספּאָדין שער! ער איז דאָך נאָך אַ אינגל! לויט זיינע מעטריקעס איז ער קוים אַלט פופצן יאָר — האָט ער געטענהט — די „פּריסוטסטווע" וועט אים זיכער צוריקווייזן.

— מעטריקעס קאָן מען „צורעכט" מאַכן, איוואַן פּעטראָוויטש! — האָט שער אים אַריינגעקוקט אין די גרויע אייגעלעך.

— אָבער וואָס איז מכוח זיין „נאַרוזשני וויד" (אויסזען), גאָספּאָדין שער?

— און וויפל מאָל טרעפט עס — איז יענער נישט נתפּעל געוואָרן — אַז דעם מענטשנס אויסזען שטימט ניט מיט זיין אמתן עלטער?

און כאָטש איוואַן פּעטראָוויטש האָט שוין געוואוסט ביי זיך, אַז ער וועט דורכפירן דאָס מיאוס שטיקל אַרבעט, האָט ער פונדעסטוועגן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ס'איז פאַרבונדן מיט גרויס סכנה סיי פאַר אים, סיי פאַר שערן.

— און וואָס וועלן מיר טאָן, גאָספּאָדין שער, אַז דעם אינגלס עלטערן און קרובים וועלן אַנטפּלעקן דעם סוד און מאַכן אַ סקאַנדאַל?

— קיינער וועט נישט מאַכן קיין סקאַנדאַלן! — האָט דער גביר אַוועק־געמאַכט דעם עסק מיט דער האַנט — דאָס אינגל איז אַ האַלבער יתום און אַ גאַנצער „אָבאָדראַנעץ" (האָלעדריגע). קיינער קימערט זיך נישט און וועט זיך נישט קימערן וועגן אים. אין לעצטן סך־הכל, איוואַן פּעטראָוויטש, טוט איר אים דאָך אַ טובה — האָט דער פּעטער אַריינגעלייגט די טומאה אין דער יראה — ווייל ער וועט איצט האָבן אַ זאַטן מאָלצייט און גאַנצע שטיוול אויף די פיס...

מיינע פריינט! איר זייט אַוודאי בעלנים צו וויסן, ווי אַזוי מען איז דער־גאַנגען צו דער „שיינער" געשיכטע? טאָ הערט אַ מעשה!

בעת עס זיינען אָנגעגאַנגען די פאַרהאַנדלונגען צווישן שערן און דעם טשינאָווניק, האָט זיך דעם פּעטערס תכשיט, סיאָמקע, אַריינגעשלייכט אינעם צווייטן חדרל, וואָס איז געווען אָפּגעצאַמט מיט אַ דין ווענטל, וואו דער גביר פלעגט כאַפּן אַ דרימל בייטאָג אויף דער סאָפע, און ער האָט אויף טשיקאַוועס פאַרצייכנט מיט אַלע פּיטשעווקעס, שוואַרץ אויף ווייס, דעם גאַנצן שמועס, באַטראַכטנדיק, דורך די שפּאַרונעס, די צווייִ פיינע לייט, ווי זיי מאַכן קונציקע

העוויותלעך, כדי אַרויסצובברענגען אויף שטום־לשון דאָס, וואָס עס לאָזט זיך נישט זאָגן מיט פּשוטע ווערטער. סיאָמקע האָט געהאַט דערביי אַ טרייפֿענע כוונה, נעמלעך: אַזוי ווי ער קריגט ביים פּעטער יעדע וואָך קעשענע־געלט און לאַנג האַלט זיך עם ביי אים נישט, וועט ער אַצינד האָבן אַ „בייטש" איבער אים, און וועט זיך הייסן העכערן זיין „זשאַלאָוואַניע" (שכירות), ווייל דער פֿאָטער וועט דאָך זיכער נישט וועלן, אַז זיין סוד זאָל אַרויס אויף דער ווייסער וועלט. דער חברה־מאַן האָט זיך פֿונדעסטוועגן באַוואָרנט מיט אַ פּאָר קאָפּיעס פֿון זיין כתב — מאַלע וואָס עס מאַכט זיך...

אין אַ צייט אַרום, ווען מיין טאַטע איז שוין געווען פֿאַרשיקט ווי אַ „נאַוואָבראַנעץ" ערגעץ אין קאַווקאַז, און די גאַנצע אַפּערע האָט געגומען פֿאַרגעסן ווערן, ווי דער קוזין האָט עס פֿאַרויס געזאָגט, איז שערן מיאוס געוואָרן צו צאָלן זיין זון, ווי מען רופֿט עס אין אַמעריקע, „בלעקמייל" (שאַנטאַזש־געלט), האָט סיאָמקע אַ סטראַשע געטאָן מיטן „דאָקומענט" און טאַקע אים באַלד געוויזן דער באָבן. אָבער וואָס האָט שוין אַן אָרעמע אַלמנה געקאָנט דעמאָלט אויפֿטאָן מיט אים? סיידן אָנקלאָגן דעם קוזין פֿאַרן „ונתנה־תוקף"; אָבער אַזוי נאַריש איז מיין באָבע נישט געווען...



# מיין באָבעס טעכטער

(צווייטער קאַפּיטל)

מיין באָבעס עלטסטע טאָכטער, ריינע, איז אַלט געווען זיבעצן יאָר, ווען איר איינציק ברודערל, מיין טאַטע, הייסט עס, איז אַזוי אומרחמנותדיק אַוועקגעריסן געוואָרן פֿון דער היים.

זי איז געווען אַ שיין און געראָטן מיידל, מיט גוטע און שטילע אויגן, ווי ביי אַ טויב, און ווייכע, טונקעלע האָר. אַ מיידל מיט אַ סך מעלות, אָבער מיט ווייניק מזל. זי האָט געהאָלפֿן דער באָבען אין איר, מ'שטיינס געזאָגט, „מסחר" אין מאַרק, און נאָך מער — אין שטוב. נאָר דער באָבען איז עס נישט געווען ניחא. זי האָט איר געוואָלט זען וואָס גיכער פֿאַרשלייערט, וואָרעם אַ זיבעצן־יאָריק מיידל האָט, לויט די באַגריפֿן פֿון יענער צייט, שוין געהייסן

א „מויד־אין־די־יאָרן״, און זי קאָן נאָך, חלילה, האָט די באָבע געזאָגט, פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ...

האָט די באָבע נישט אויפגעהערט צו זוכן אַ שידוך פאַר ריינען — אַליין געזוכט און דורך שדכנים, ביז גאָט האָט געהאָלפן און זי האָט געפונען אַ וואוילן, באַלעבאַטישן מענטשן מיטן נאָמען מוני הורוויץ, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע אַכסניה. אמת, ער איז געווען מיט אַ יאָר דרייצן עלטער פון איר, אַן אַלמן, מיט אַן עופעלע אויף די הענט. אָבער די באָבע האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גליקלעכן שידוך.

ריינע איז געווען אַ געטריי און איבערגעגעבן ווייב צו איר מאַן, און זיין מיידעלע, חנה־לאהלע, האָט זי דערצויגן ווי אַן אייגן קינד. זי האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטער באַלעבאָסטע. אַלץ וואָלט, דאַכט זיך, געגאַנגען כשורה, ווען נישט דער באָבעס אינגערע טאָכטער, עטל.

עטל איז געווען פונקט דער היפוך פון איר שוועסטער. צו צוועלף־דרייצן יאָר האָט מען שוין געמערקט ביי איר נטיות פון צעלאָזנקייט, פון הפקרות. די באָבע, נעבעך, שטענדיק פאַרדאגהט וועגן פרנסה, האָט שטיל געליטן, נישט געשלאָפן קיין נעכט. צוערשט האָט זי געהאַלטן עטלען, ווי פריער ריינען, לעבן זיך, אין מאַרק. אָבער דאָס מיידל האָט געהאַט אַ שאַרפע צונג, האָט באַליידיקט מענטשן, איז אָפּט פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע שעהן פון געשטעל, האָט די באָבע באַשלאָסן זי אָפּצוגעבן דינען אין אַ הויז. האָט זיך דערוואוסט דערפון ריינע.

— סטייטש, מאַמע! — האָט זי געטענהט — פאַרוואָס זאָלסטו זי אָפּגעבן צו פרעמדע? אַמער זאָל זי זיין ביי מיר אין דער אַכסניה. זי וועט שוין דאָרטן געפינען וואָס צו טאָן. אויב זי וועט מיר נאָר אַרויסהעלפן מיט חנה־לאהלען, וועט זי זיך שוין האָבן פאַרדינט אויף איר אויסקומעניש.

די באָבע האָט געגעבן אַן חשק איר הסכמה, נאָר עטל האָט זיך, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, שנעל אָנגעכאַפּט אין דעם איינפאַל, שוין אַ ביסעלע צו שנעל! און ווי נאָר זי האָט זיך אַריינגעקליבן צו דער שוועסטער, האָט זי גענומען ווייזן ווער זי איז. זי האָט טאַקע געטאָן אַלץ וואָס מ׳האָט פון איר געפאָדערט, אָבער אויף אַזאַ שטייגער און אויף אַזאַ אופן, אַז דער שוואָגער זאָל איר באַמערקן. לכתחילה האָט הורוויץ אָנגענומען איר חציפות פאַר קינדערשע שטוקעס און געקוקט אויף זיי מיט ביטול, נאָר שפּעטער זיינען זיי אים מיאוס געוואָרן און ער האָט זיי מער נישט געזען. עטל, וואָס איז לויט די יאָרן

נאָך אַ קינד געווען, האָט שוין אָבער געהאַט אין זיך אַ סך ווייבערשע חנען. אין אירע שוואַרצאַפּלען האָבן זיך געצונדן סודותדיקע פייערלעך, און דאָס נעזל, אַ פאַרריסנס, ווי ביי אַ שיקסל, האָט זיך געליכטיקט אויף איר פּנימל, און זיך ווי געררייצט מיט דער וועלט...

ריינע האָט אויך באַמערקט עטלס אויפפיר. עס האָט איר שטאַרק גע־קרענקט. זי האָט געשפּירט מיט אַלע חושים, אַז הגם איר מאַן איז אַ פרומער און איידעלער מענטש, און קומט אַרויס פון אַ יחוסדיקער משפחה, קאָן אָבער צוליב דער שוועסטער צעשטערט ווערן איר פאַמיליע־לעבן.

ס'וואָלט געוויס לסוף אויסגעבראָכן אַ ביטערער קריג צווישן די שוועס־טער, ווייל עטל וואָלט זיך נישט געלאָזן אַזוי גרינג אַרויסוואַרפן. נאָר צום גליק פאַר ריינען איז צו דעם נישט געקומען. די קליינע איז פּלוצים צוגעזאָטן געוואָרן, ווי ס'טרעפט נישט זעלטן מיט מיידלעך אין איר עלטער, צו אַ נייעם פאַרשוין, און האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אין שוואָגער.

אין הורוויצעס אַכסניה פלעגן פאַרפאָרן לייט פון נאָענט און פון ווייט. האָט זיך איין טאָג אַריינגעשטעלט אַ מאָדנע מענטשל פון גאָר אַן אַנדער מין. ער האָט געהאַט אַ טונקעלע הויט און לויפיקע אייגעלעך, האָט געטראָגן אַ שוואַרצן צילינדער אַפילו אין דער וואָכן, און גערעדט רוסיש געמישט מיט אַ סך פרעמדע ווערטער. ער האָט געהאַט לאַנגע און דינע פינגער ווי ביי אַ פּיאַניסט, צי ווי, להבדיל, ביי אַ קונצנמאַכער, און מ'האָט אים טאַקע גערופן צווישן זיך „קונצנמאַכער" אָדער „קאָטערינשטשיק", ווייל ער האָט געהאַט אַ שפּילקאַסטן מיט אַ פּאָפּוגיי, סאַמאָזוואַנעץ, וואָס פלעגט פאַר אַ קאָפּיקע אַרויסשלעפּן מיטן שנאָבל אַ צעטעלע פון אַ קאַרטאָן־שאַכטל מיט אַ פאָרויסזאָג וועגן יענעמס צוקונפט. אַ רעדל פון ווייבער און דינסט־מיידלעך איז געשטאַ־נען אַרום אים און געוואַרט מיט פלאַטערנדיקע הערצער ביז דער וואונדער־פויגל האָט זיי דערלאַנגט אין דער האַנט אַריין דאָס גורלדיקע פּאַפּירל...

די קליינע עטל איז געווען פול מיט חידוש. זי האָט נישט געוואוסט וואוהין פריער צו קוקן, אויפן טשיקאַווע מאַנסביל, ביי וועמען דאָס מויל מאָלט, ווי אַ מיל אין שניטצייט, צי אויפן פאַרביקן סאַמאָזוואַנעץ. ס'האָט איר געמישט אין קאָפּ — און ווען דער פּאָפּוגיי האָט אויך איר געגעבן זיין פייגלשע נביאות, איז זי שיער נישט געפאַלן אין חלשות. אין צעטעלע איז געווען געשריבן קלאָר און בפירוש, אַז איר גורל איז ענג געבונדן מיטן מאַן פון שפּילקאַסטן, און זיי זיינען אַ זיווג מן השמים...

די מויד האָט עס גענומען זייער ערנסט. זי האָט זיך געטראָפן מיטן צילינדער־יונג בשתיקה, ווארעם זי האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז די אייגענע, מיט דער באָבען בראש, וועלן זיין קעגן אַזאַ פריינטשאַפט. פונדעסטוועגן איז דער סוד דערגאַנגען צום שוואָגער. ער האָט תיכף אַרויסגעטריבן דעם קאַטע־רינשטשיק און פאַרזאָגט עטלען מיטן האַרבן וואָרט, זי זאָל מיט יענעם נישט האָבן קיין מגע־ומשא. און ס'האָט זיך געשפירט אין זיינע רייד, נישט נאָר אַ ווידערווילן צו אַזאַ געשעעניש אונטער זיין דאַך, נאָר נאָך מער אַ פאַרדראָס, וואָס זי האָט זיך פאַרקוקט אויף אַזאַ איינעם...

— האָסט שוין נישט געפונען קיין בעסערן מיט וועמען זיך צו פריינטלען — האָט הורוויץ געשריען — ווי מיט אָט דעם שלעפּער?

— איר דאַרפט נישט שרייען אויף מיר! איר זייט מיר נישט קיין טאַטע און אויך נישט קיין ברודער; און ער — האָט זי פּראָטעסטירט — איז נישט קיין שלעפּער!

דער שוואָגער האָט דעמאָלט חשק געהאַט אויך איר צו ווייזן די טיר. פונדעסטוועגן האָט ער געפּרוּווט אַן אַנדער צוגאַנג:

— נו, און אויף דער אַלטער מאַמען האָסטו גאָרניט קיין רחמנות?

— אַזוי ווי זי ווייסט נישט, אַזוי וועט איר נישט שאַטן! — האָט עטל קורץ אָפּגעשניטן.

— זי וועט שוין וויסן! — האָט הורוויץ געהעכערט זיין קול — אַלע, אַלע וועלן וויסן!

דער שוואָגער האָט געטשאַטשעוועט אויף איר און זי נישט אָפּגעלאָזן פון אויג. בייטאָג, איז ער געווען זיכער, וועט זי נישט וואַגן יענעם צו זען. אָבער אין די נעכט איז ער געלעגן אַ וואַכער און זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך אין עטלס קאַמער.

ריינע, וואָס האָט אויך נישט געוואָלט מצער־זיין די מוטער און געשוויגן, האָט שטיל געהאָפט, אַז די שוועסטער וועט זיך אויך דאָס מאָל אויסטשוכען פון דער פאַרבלענדעניש. אָבער איר מאַנס איבערגעטריבענע זאָרג האָט זי באַאומרואיקט:

— עפּעס ביסטו מיר שוין אַ ביסעלע צו פיל פאַרדאגהט וועגן איר, מוני!

— ער קאָן זי נאָך, חלילה, פאַרפירן, דער אויסוואורף! — האָט ער אַזש אַ זיפץ געטאָן.

איין פרימאָרגן, האָט די עלטערע שוועסטער געפונען עטלס געלעגער

נישט באַרירט און איר מאָגער רענצל האָט געפעלט. ס׳האָט זיך באַלד אַרויס־געוויזן, אַז זי איז נעלם געוואָרן אין דער נאַכט מיטן טונקעלן פאַרשוין און נישט געלאָזן נאָך זיך אַפילו אַ זכר...

די באָבע האָט זי באַוויינט, ווי זי וואָלט שוין געווען אַ פאַרלוירענע.

צו מאָרגנס האָט מען אויסגעפונען, אַז זי האָט חתונה געהאַט מיטן קאַטערינשטשיק.



## לייזער־יודל קומט צוריק אהיים פון דער „סלוזשבע״

(דריטער קאַפּיטל)

לייזער־יודל, מיין טאַטע הייסט עס, איז געווען פופצן יאָר אַוועק פון דער היים. די באָבע האָט אויסגעוויינט אירע אויגן אויף אים. זי האָט שוין געהאַט אויפגעגעבן אַלע האָפענונגען צו זען אַמאָל איר בן־יחיד. אַ סימן האָט איר, זי האָט אַריינגענומען אין שטוב אַ פאַרוואָגלט יתומל, אַ שטיקל קרוב, מיטן נאָמען שלמהקע, ער זאָל זיין, איבער 120 יאָר, איר קדיש. אין אַמעריקע רופט מען עס „אַדאָפּטירונג״, אָבער אָן די פאַרשיידענע פאָרמאַליטעטן.

מיין טאַטע איז, נעבעך, דורכגעגאַנגען אין דער פרעמד, ווי ס׳ווערטל גייט, קאַלטס־און־וואַרעמס. ער האָט זיך געפונען די גאַנצע צייט אין אַ גוישער וועלט, נישט באַגעגנט קיין אידן און נישט געהערט קיין אידיש וואָרט. ס׳איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס די עטלעכע זמנים אין דער תלמוד־תורה האָבן פאַרפלאַנצט אין אים אַ ביסל אידישקייט, און ביי אַ נסיון האָט זיך עס אָפּגערופן אין אים. ווען די אונטערגעשיקטע „קנעפּלעך״ זיינען גע־קומען נאָך אים, האָט אים די באָבע, ביים זעגענען זיך, נאָר באַוויזן צו זאָגן מיט אַ פאַרשטיקט קול:

„זאָלסט געדענקען, לייזער־יודעלע, אַז דו ביסט אַ איד!״

מיין טאַטע איז געווען, ווי די באָבע האָט דערציילט, אַ פּעאיק אינגל, סיי אין לערנען, סיי שפּעטער ווי אַ זעלנער. איינמאָל האָט געטראָפן אַ טשיקאַווע זאַך: צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער איז געקומען קיין קאַווקאַז אויף אַ „סמאָטר״

(אויסקוק). ווי ער גייט אַזוי פֿאַרביי די שערענגעס סאָלדאַטן, טוט ער זיך פּלוצים אַ שטעל אָפּ לעבן אַ הויכן יונג מיט אַ בלאָנדער באָרד און העלע אויגן.

— אַ טי קטאָ? (ווער ביסטו?) — גיט אַ פֿרעג טאַקע „ער" אַליין.

— „יעוורייי, וואַשע וויסאָקאָ־בלאַגאָראָדיע!" (אַ איד, אייער הויך וואויל־געבאָרנקייט!).

— „זשאַלקאָ!" (אַ שאָד!) — איז דער צאַר אָפּגעטראָטן פֿון אים. ער האָט, קאָנטיק, געהאַט אין זינען אים צו געבן אַ העכערן טשין.

אָבער אינגאַנצן פֿאַרקוקט האָט אים די נאָטשאַלסטווע אויך נישט. א גענעראַלס אַ פֿרוי האָט זיך דערוואוסט, אַז ער טויג זיך אויס צו שניידעריי, האָט זי אויף טשיקאַוועס אים געלאָזט אויפֿנייען פֿאַר איר אַ קלייד. דאָס קלייד האָט אַזוי שטאַרק נושא־חן געווען, און אפשר ער אַליין אויך, אַז זי האָט אים נאָרייעט צו אַנדערע אָפּיצערסקע ווייבער. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. די גענעראַלשע, מסתמא, פֿון די מער וועלטלעכע פּריצטעס, האָט זיך בכלל פֿאַראינטערעסירט אין אים. זי האָט אים געגעבן אוראָקן אין רוסיש, ווייל זיין לשון איז איר גאָרנישט געפֿעלן געווען. זי האָט זיך געהאַט באַקלאָגט, האָט דער טאַטע אונז אַמאָל דערציילט, אַז אַ מענטש מיט זיין פֿאַרנעם דאַרף ריידן מער סקלאַדנע און מער גראַמאַטיקאַליש...

די גענעראַלשע, אַלעקסאַנדראַ וואַסיליעוונאַ (איר פֿאַמיליע־נאָמען האָט ער פֿאַרגעסן), האָט אויך געזאָרגט, אַז נאָכן אָפּדינען די געפּאָדערטע יאָרן, זאָל מען אים אָנשטעלן פֿאַר אַ באַאַמטן אויף דער פּאָסט. ער האָט דאָרטן געהאַט אַ גאַנץ פֿיינע שטעלע און גאָר נישקשהדיק פֿאַרדינט. דער טאַטע האָט אָפּגעשפּאָרט, לויט די אַמאָליקע השגות, אַ היפּשע אָפּותיקא אין קאַווקאַז. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ סך מתנות פֿאַר דער פֿאַמיליע: גילדענע אויררינגלעך, פֿינגערלעך, בראָשקעס און אַנדערע חפצים. ס'האָט זיך גיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין שטאָט, אַז לייזער־יודל איז געוואָרן אַן עושר אין מרחקים, און מ'האָט אים גענומען ריידן שידוכים פֿון בכבודיקע משפּחות.

אין אַ דאָרף, נישט ווייט פֿון ווילנע, האָט געלעבט אַ גמרא־מלמד. זיין זון האָט דווקא געהאַנדלט מיט סמאָלע, און גערופֿן האָט ער זיך מרדכי הלוי. האָט דער מרדכי געהאַט דריי טעכטער און בונע־חסיה איז געווען די שענסטע יפֿת־תואר. האָט זיך לייזער־יודל פֿאַרקוקט אויפֿן מיידל און געפֿילט, אַז ס'האַרץ גייט אים אויס נאָך איר. אָבער דאָס מיידל האָט אים אַפֿילו נישט

באַמערקט, ווייל זי איז געווען פאַרליבט איבער די אויערן אין אירן אַ יוגנט־חבר, אהרן.

אהרן איז געווען אַנגעשטעלט אין אַ הורטאָוונעם געשעפט, און ער פלעגט זיך טרעפן יעדן שבת בייטאָג מיט בונע־חסיהן, נאָר צו קיין חתונה און אַפילו צו תנאים־שרייבן איז עס נישט געקומען. ס׳האָט זיך אַלע מאָל אונטערגערוקט אַן אַנדער מניעה, און די לעצטע איז געווען לייזער־יודל...

הגם דער בחור איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, און מיידלעך האָבן אים נישט געפעלט, האָט ער אָבער פון קיין אַנדערער נישט געוואָלט וויסן. ער פלעגט זיך פלוצים ווייזן אין דאָרף, און ער האָט אַלע מאָל געבראַכט מיט זיך אַ געשאַנק פאַר דעם סמאָלאַרס טאָכטער. אירע טאַטע־מאַמע האָבן צוגעזען זיין עגמת־נפש. און דער פאָטער האָט געפּרואווט אַ רעד טאָן, פאַר אַ נאָווינע, מיטן מיידל:

— וואָס וועט זיין דער תכלית, טאָכטערל? ווי לאַנג וועסטו זיך לאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ פונעם יונג? (אַזוי האָט ער גערופן אהרנען אונטער די אויגן).

— דו מיינסט אַוודאי אַרעלען? — האָט בונע־חסיה זיך געוואונדערט, וואָס מען רופט איר טייערן חברל „יונג".

— יאָ, אים מיין איך! — איז מרדכי געווען שטרענג — ווי לאַנג איז דער שיעור? מען דאַרף שטעלן אַ חופה און — שוין!

— באַלד, באַלד, טאַטעלע! — האָט דאָס מיידל אים באַרואיקט — ער זאָגט, ער דאַרף קריגן אין גיכן אַ העכערונג אויף זיינע שכירות. ער זאָגט...

— ער זאָגט, ער זאָגט... — האָט דער פאָטער איר איבערגעשלאָגן — זאָג מיר בעסער, וואָס זאָגסטו?

— איכ׳ל וואַרטן... — האָט דאָס מיידל געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן די בליקן — איכ׳ל וואַרטן...

האָט זיך אַריינגעמישט דער פעטער, זלמן, דעם פאָטערס אַ ברודער. ער איז אַמאָל געווען אַ בעקער און איז געוואָרן שפּעטער אַ שותף אין דער סמאָלע־ברענעריי.

— בעסער נעמען אַן אַלטגעבאַקענע קיטקע, ווי אַ פריש־אויפגעבלאָזן זעמעלע — דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, אַז כאָטש לייזער־יודל איז דער עלטערער, קאָן זי האָבן אַ זיכער און זאַט לעבן מיט אים.

נאָר בונע־חסיה האָט גאָרנישט געטראַכט אַזוינע טראַכטונגען און אויך דער פאַרגלייך האָט ביי איר נישט אויסגענומען. האָט זי זיך אויפגעהויבן, וואַרפנדיק אַ מאָדנעם בליק אויף אירע דריי קעגנער (די עלטערן און דער פעטער) און זיך שטיל אַרויסגעשאַרט פון הויז.

איינמאָל, ווען לייזער־יודל איז געווען צו גאַסט ביי ר׳ מרדכין אין שטוב, האָט מען אים פאַרבעטן צו וואַרעמעס. ער איז געזעסן ביים טיש, אַ פאַר־קלעמטער, און ווי אַן אָרעם־בחור געשלונעגן שטיל דעם ביסן, און פון צייט־צו־צייט געוואָרפן אַ פאַרליבטן בליק אויפן מיידל קעגנאיבער. די אָרומיקע האָבן עס צוגעזען און אומהיימלעך געשוויגן.

נאָכן אָפּראָמען דעם טיש, האָט דער גאַסט אַרויסגענומען אַ פּאָר גאָלדענע אוירינגלעך און בנעימותדיק געזאָגט:

— זיי וואָלטן אַזוי שיין געפּאַסט אין בונע־חסיהלעס אויערלעך...

דאָס מיידל האָט זיי מיט אַ לייכטן שמייכל אָפּגעשאַרט פון זיך, ווי ער וואָלט זי וועלן אונטערקויפן מיטן געשאַנק, און איז אַוועק העלפן דער מאַמען אין קיך.

דאָ האָט שוין דער פעטער זלמן נישט אויסגעהאַלטן. ער איז אויפגע־שפרונגען פון אָרט און האָט פאַר כעס אַ קלאַפּ געטאָן מיטן גאַנצן כוח אין טיש, אַזש ער האָט, אומווילק, צעבראָכן אַן אוירינגל...

אָט דאָס איז געווען די לעצטע שטרוי, וואָס האָט צעבראָכן דעם מיידלס עקשנות. זי האָט אין גיכן חתונה געהאַט, קעגן איר ווילן. און אָט די איינגע־שפאַרטע בתולה איז שפעטער געוואָרן מיין מאַמע...



## לייזער־יודל און זיינע פרנסות

(פערטער קאַפּיטל)

דאָס ביסל שניידעריי, וואָס לייזער־יודל האָט זיך אויסגעלערנט אַלס אינגל, און וואָס איז אים צונוץ געקומען בעת דער „סלוזשבע“ (מיליטער־דינסט), האָט אים אָבער שוואַך מפרנס געווען, ווען ער איז געוואָרן אַ באַ־וויבטער. ס׳רוב קונים, ביטערע אָרעמעלייט, זיינען געקומען צו אים לייגן לאַטעס אויף די אָפּגעטראָגענע קאַפּאָטעס, און זעלטן־ווען זיך געלאָזט אויפנייען אַ בגד. האָט ער זיך מיישב געווען און האָט אַוועקגעזעצט אַ פּוילישע גויע ביי דער עובֿדה, און איז אַליין אַרויס צוהאַנדלען אין מאַרק מיט עפּל, אייער, גריבנס און מילך.

דערווייל, ווי זאָגט מען עס, די יאָרן שטייען נישט! ס׳זיינען געבאָרן געוואָרן ביי מיינע עלטערן דאָס ערשטע קינד, אַ מיידעלע, אסתר, און גאָר אין גיכן — אַ אינגעלע, נאָר ער האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן. דאָס דריטע — בין איך געווען, פּעסי־ליבע, מיט זעקס יאָר אינגער פון מיין שוועסטער. אסתר איז שוין דעמאָלט געגאַנגען אין „קלאַס“, ווי מ׳האָט גערופן די „נאַראָד־נאַיע אוטשילישטשע“ (פאָלקשול) פאַר אידישע קינדער. זי איז געווען אַ שיינינקע און געהאַט אַ שיין שטימעלע. און ווען זי פלעגט זיך צעזינגען, איז דאָס גאַנצע געסל געשטאַנען ביי אונזערע פענצטער. ווען איך בין אַ ביסל עלטער געוואָרן, און הגם איך בין אויך געווען אַ שיין קינד, האָב איך געהאַט ווען מקנא צו זיין. די קנאה האָט, ווי געווייינטלעך, געבראַכט צו קריגעריי צווישן אונז, ביז ס׳איז געקומען אַ ניי און לעצט מיידעלע אין דער פאַמיליע...

דער דלות אין שטוב איז געווען אין־לשער. דער טאַטע מיט זיין האַנדל אין מאַרק האָט נישט פאַרגרינגערט דאָס לעבן. מיין מאַמע, אַ בלאָנדע מיט גרויסע, בלויע, אומעטיקע אויגן, איז געווען פאַרביטערט. לאו־די, וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ מענטשן, וועמען זי האָט נישט ליב געהאַט, האָט זי זיך נאָך געדאַרפט ראַנגלען טאָג־טעגלעך מיט דער נויט. ס׳האָט אָפט געפעלט ממש דאָס שטיקל ברויט; און ווינטער — אַפילו אַ שייטל האָלץ אָנצואוואָרעמען די שטוב.

דער טאַטע האָט אויסגעמיטן ווי ווייט מעגלעך דאָס הויז, זיין ווייב, די קינדער. ער האָט זיך בעסער געפילט צווישן זיינע גוטע פריינט, די אויסגע־

דינטע זעלנער, וועלכע האָבן אין זייער קינדהייט און יוגנט דורכגעמאַכט דעם זעלביקן וועג ווי ער. ער האָט זיך אומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן צו שאַפן אַ „סאָלדאַטסקע קלויז", און אים איז עס טאַקע געלונגען. ס'האָט זיך אָפּגע־זוכט אַ פאַרמעגלעכער זעלנער, וואָס האָט מנדב געווען אַ שטיק פון זיין נחלה פאַר דעם צוועק. ער האָט אויך געגעבן און געהאָלפן זאַמלען די נויטיקע סומע פאַר דעם בנין. און מ'האָט ענדלעך, מיט גאָטס הילף, אויפגעבויט דאָס קלויז. מען האָט דאָרטן איינגעאָרדנט אַ שול צום דאַווענען.

מיין טאַטע איז דאָרטן געוואָרן דער בעל־תפילה, בעל־קורא, בעל־מנגן, גבאי און וואָס נישט? ער פלעגט דאָרטן אָפּזיין דעם גרעסטן טייל פון טאָג און אַוודאי שבת און יום־טוב. צו אים האָט מען זיך געווענדט וועגן יעדן ענין, זיך גרויסגעהאַלטן מיט אים און אים באַטראַכט פאַר אַ גרויסן בר־דעת. די מאַמע, וועמען ס'האָט געדאַרט דער קאָפּ פון וואָס אָפּצוקאָכן אַ מאָלצייט און ווי צו פאַרטרייבן די קעלט פון שטוב, האָט ביי אַזוינע לויב־ווערטער ליב געהאַט צו פאַרציען אַ לידעלע, וואָס איך געדענק נאָך היינט, נעמלעך:

אַ שיינער און אַ פיינער עפּל,<br>
אַ וואָרעם ז'אויכעט אין דערינען.<br>
דער ביישפּיל ז'צו מיר אַליין,<br>
באַטראַכט איר מענטשן מיט אַ ריינעם זינען!

צו זיבן יאָר האָב איך אָנגעהויבן צו לערנען אין „קלאַס". מען פלעגט זאָגן אויף מיר: „מאַלענקאַיאַ דאַ אודאַלענקאַיאַ!" (אַ קליינינקע, אָבער אַ געראָטענינקע). איך האָב זיך געלערנט מיט חשק, נישט אויסגעפעלט אַ לערנ־טאָג. ביי יעדן אוראָק האָב איך אַנטדעקט אַ נייע וועלט. כ'האָב געזשוברעוועט ווערטער, וואָס איך האָב אָפט נישט פאַרשטאַנען און וועמען פרעגן איז נישט געווען. איך בין דעמאָלט געווען אין זיבעטן הימל, ווייט פון אונזער אָרעם שטיבל, ווייט פון דער קעלט, ווייט פון דער מאַמעס טרערן, וועלכע האָבן געשניטן מיין קינדיש האַרץ. מיין גליק האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ווען מיינע שיך האָבן זיך צעריסן — האָט זיך אויך איבערגעריסן מיין לערנען אין „שקאָלע".

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט די מאַמע מיר אָפּגעגעבן צו אַ העטשקע־מאַכערין אויף צוויי יאָר, כדי זיך צו לערנען דעם פאַך „אומזיסט". נישט געקוקט, וואָס מ'האָט מיך נישט צוגעלאָזן צו דער מאַשין, האָב איך שנעל געכאַפּט די המצאה און האָב געקאָנט קריגן אַרבעט ערגעץ אַנדערש, נאָר מיין

מאַמע האָט נישט געוואָלט ברעכן איר צוזאָג צו דער הענטשקע־מאַכערין: „כ׳האָב דאָך איר געגעבן מיין וואָרט!״ — קלינגען מיר נאָך היינט אירע רייד אין די אויערן. און איך האָב געמוזט פאַרענדיקן דעם טערמין.

איך בין שפעטער אַוועק אַרבעטן צו אַן אַנדער הענטשקע־מאַכערין און פאַרדינט דאָרטן פינף רובל אַ וואָך. די מיידלעך ביי אונז, ווי אין אַנדערע װערקשטאַטן, האָבן זיך געבונטעװעט. ס׳זיינען געװען צװישן אונז מיטגלידער פון דער ניי־אויפגעקומענער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע „בונד״, וועלכע האָבן געוואָלט אַרויסרופן אַ סטרייק און מאַכן אונז אַלעמען פאַר בונדיסטן. מיין חברטע זלאַטע האָט מיך איינמאָל געבראַכט צו אַ „סכאָדקע״ (צונויפקום) פון דער פּאַרטיי. איך בין שוין דעמאָלט אַלט געווען פערצן יאָר. מיר איז געפעלן זייער שטאָלצע האַלטונג, זייערע מוטיקע לאָזונגען, זייערע גערעכטע פאָדערונגען און איך האָב געלייענט זייערע בראָשורן. די איינציקע שטערונג צו ווערן אַ פולער מיטגליד איז געווען, וואָס די חברים האָבן מחלל־שבת געווען בפרהסיא. מיינע עלטערן זיינען געווען פרומע מענטשן, און איך בין דערצויגן געוואָרן אין דעם גייסט. בקיצור, איך בין אַוועק פון בונד צו אַ צווייטער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געוויזן אויף דער אידישער גאַס, מיטן נאָמען: „פּועלי־ציון״. דאָרטן האָב איך געפונען אַלע מעלות פון דער ערשטער, מיט אַ צוגאָב פון אַנדערע פונקטן, וועלכע זיינען מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן, נעמלעך — דרך־ארץ פאַר אידישע טראַדיציעס און אַ שטרעבונג צו שאַפן אַ היים אין ארץ־ישראל אויף סאָציאַל־עטישע יסודות.

אין די צענדליקער יאָרן פון מיין זיין אויף גאָטס ערד בין איך געבליבן געטריי די פּועלי־ציון־אידעאַלן. זיי האָבן מיך געטרייסט, דערמוטיקט און דערהויבן, ווען דאָס אַרומיק אידיש לעבן בכלל, און די אייגענע עקזיסטענץ בפרט, האָבן אויסגעזען טרויעריק, האָפענונגסלאָז און שוואַרץ. און ווען אָט די יאָרן איז כדאי צו דערציילן!...

# איך האָב געזען ד״ר הערצל!

(פינפטער קאַפּיטל)

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן מיין קינדערשע פרייד, ווען איך האָב, ענד־לעך, זוכה־געווען, מען זאָל מיך אַריינגעמען אין דעם פּועלי־ציוניסטישן קלוב, ווען מען האָט מיר אָנגעשפּילעט דעם פּאַרטיי־צייכן, די „מגן־דוד־שפּילקעלע״ און איך האָב באַצאָלט מזומנע 25 קאָפּיקעס!...

אין קלוב האָבן זיך דעמאָלט געפונען 32 חברים. מיר פלעגן זיך, ס'רוב, צונויפקומען אויסערן שטאָט, פּראַוועז אידישע און אַרבעטער יום־טובים, אויסהערן לעקציעס פון פּראָמינענטע מענטשן, אויך אייגענע אַגיטאַטאָרן און בכלל הערן נייעס פון דער וועלט. און ווען מ'האָט געדאַרפט, האָבן מיר גע־מאַכט זאַמלונגען פאַר וויכטיקע פּאַרטיי־צוועקן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן מיר געשאַפן אַ היפּשע סומע, ווען דער באַוואוסטער פּועלי־ציון־טוער פון ווילנע, סענדער זייד, האָט געמוזט אָפּפאָרן קיין פּאַלעסטינע, ווי ארץ־ישראל האָט בשעתו געהייסן.

די אידישע וועלט האָט דעמאָלט, אין 1903, געברויזט מיטן נאָמען „ד״ר הערצל״. אַ סך אידן האָבן געזען אין אים דעם פון־יאָרן־לאַנג געחלומטן גאָטס שליח. אַנדערע — דעם וואונדערלעכן שטאַטסמאַן, וועלכער זוכט דעם וועג צו אונזער גאולה. אָט דער מענטש מיט דער אַריסטאָקראַטישער גע־שטאַלט, מיט די גרויסע, שטראַלנדיקע אויגן און שוואַרצער באָרד, האָט אַלעמען אימפּאָנירט, אַפילו קעגנער! ס'האָט אַרומגעכאַפּט אַ התלהבות, אַ יראת־הכבוד, שוין בלויז אַ בליק צו טאָן אויף זיין פאָטאָגראַפיע, וואָס מ'האָט געפונען אין פיל אידישע הייזער.

מיר, דאָס יונגוואַרג, האָבן אַרומגעראַמט זיין פּאָרטרעט אין קלוב־צימער מיט לאָרבער־בלעטער, זיך געשפּיגלט אין אים, אים באַוואונדערט און אים געהאַלטן פאַרן הויפּט־מנהיג פון אונזער פאָלק...

איינמאָל, אין אַ זונטיק, ווען כ'בין געקומען פון אַ דאַטשע מיטן מאָד־נעם נאָמען — „די דריטע קאָשאַרקע״, וואו מיר פלעגן אָפּהאַלטן אונזערע אומלעגאַלע מיטינגען, האָב איך זיך שטאַרק פאַרוואונדערט, וואָס אַלע יידי־שע געשעפטן זיינען געשלאָסן פונקט ווי שבת. כ'בין דעמאָלט אַוועק צום

חבר שלמה שנייער, קאָרעספּאָנדענט און פּראָוואַלטער פון דער אידישער צייטונג „פריינט" אין ווילנע, כדי צו דערגיין די סיבה.

ביי אים האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ד"ר טעאָדאָר הערצל געפינט זיך אין שטאָט, אָבער ס׳איז פאַראַן אַ באַפעל פון „נאַטשאַלסטווע", אַז ער טאָר זיך נישט באַווייזן אין דער עפנטלעכקייט. לויטן פּאָליציייאישן „אוקאַז" מוז ער מאָרגן צוויי פאַרטאָג פאַרלאָזן ווילנע.

אַלע באַמיאונגען פון אונזער פריינט שנייער אויסצוגעפינען וואו ד"ר הערצל הויזט, האָבן זיך נישט איינגעגעבן. מיר זיינען אומגעפאָרן מיט אַן „איזוואָשטשיק" פון איין גאַס אין דער אַנדערער, פון איין חבר צו אַ צווייטן, געזוכט, געפרעגט — אָבער אָן הצלחה.

איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן. איך האָב נישט געוואָלט דורכלאָזן אַזאַ וואונדערלעכע געלעגנהייט. איך בין געשטאַנען אויף דער סאַדאָווער גאַס, דורך וועלכער ד"ר הערצל האָט געמוזט דורכפאָרן. ס׳האָט געווייעט אַ פאַרטאָגיקע קעלט. ס׳האָט ביי מיר געציטערט יעדער אבר, די אויגן האָבן זיך געקלעפּט, אָבער דאָס האַרץ האָט געפלאַטערט פון גרויס דערוואַרטונג...

פּלוצים האָבן זיך באַוויזן דריי קאַרעטן. די ערשטע און די דריטע זיי־נען געווען פאַרמאַכט. אין דער מיטלסטער איז געזעסן ד"ר הערצל מיט דריי באַגלייטערס: דער גרויסער שריפטשטעלער בן־עמי און די צוויי ברי־דער גאָלדבערג, באַקאַנטע גבירים אין שטאָט.

דער עולם איז געוואַקסן, מען האָט זיך געשטופּט, געשריען, געטומלט. פּאָליציי און קאָזאַקן אויף פערד האָבן געפּאָכעט מיט נאַגייקעס איבער די קעפּ, געוואָלט האַלטן אָרדענונג, נישט צוגעלאָזן נאָענט צו די קאַרעטן. פון מיין האַרץ האָט זיך דאַן אַרויסגעריסן אַ ספּאָנטאַנער הידד. איך האָב זיך דורכגעבראָכן דורך דער פּאָליצייאישער קייט און זיך אַ לאָז געטאָן צום געגאַרטן מענטש. נאָך מיר האָט זיך געיאָגט אַ „גאָרדאָוואָי", נאָר איך בין געווען פלינקער און אינגער און האָב אים אויסגעמיטן, און באַלד בין איך, אָן אָטעם, אַריינגעלאָפן כמעט אין דער קאַרעטע. איך געדענק, ווי אַ הויך געשטאַלט האָט זיך אַ שטעל־אויף געטאָן און אַראָפּגענומען דעם צילינדער און מיך באַגריסט, און אפשר אויך די אַנדערע, וועלכע האָבן געריסן זייערע הענט צו אים פון דער ווייטן. איך געדענק נישט גענוי ווי לאַנג עס האָט גענומען מיין קלאַמערן זיך אין אים. ערשט ווען איך האָב דערהערט דעם ווילדן געשריי פונעם פּאָליציסט לעבן מיר, האָב איך זיך גענומען טראָגן

צווישן פערד און וועגענער, צווישן מענטשן־קנוילן, דורך גאַסן און געסלעך. קאָנטיק, אַז ד״ר הערצל האָט באַמערקט אָט די סצענע, ווייל ער האָט עס באַשריבן אין דער ווינער „נייע פרייע פרעסע״, וואו ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, אַז „אַ מיידעלע אין ווילנע האָט אים געוואָלט שטאַרק זען, און אַ פּאָליציסט האָט זי נאָכגעיאָגט און זי געטויט...״

נו, געטויט, ווי איר זעט, האָט מען מיך דעמאָלט נישט. איך בין בשלום אַרויס פון דער געפאַר, און קומענדיק אַהיים האָב איך זיך געגעבן אַ נדר: אויב כ׳וועל אַמאָל חתונה האָבן און וועל האָבן אַ אינגעלע, וועל איך אים אַ נאָמען געבן „הערצל״.

מיין נדר האָב איך געהאַלטן. איך האָב — אויף אַ לאַנגע יאָרן — אַ הערצל!

דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס איך האָב געזען אָט דעם מערקווירדיקן מענטש פנים־אל־פנים. ווי יונג און סענסיטיוו איך בין נישט געווען, בין איך באַלד ווידער פאַרטאָן געוואָרן מיט פאַרטיי־אַרבעט, און די געשעעניש איז, מיט דער צייט, פאַררוקט געוואָרן אין אַ ווינקל פון מוח, ווי נישט מיט מיר וואָלט געטראָפן אַזאַ היסטאָרישע טרעפעניש...

אַרום יענער צייט האָט די פּועלי־ציון אָנגעפירט אַ סטרייק אין שטאָט און מען האָט אַרעסטירט די אָנפירערס, צוויי ברידער מיטן פאַמיליע־נאָמען — קאָרבאָנעק. זיי זיינען טאַקע געווען קרבנות פון פּאָליציייִשער ברוטאַליטעט. מען האָט זיי געלאָזט הונגערן אין געפענגעניש און קיינער פון די נאָענטע האָט נישט באַוויזן זיי צו ברענגען שפייז. האָב איך זיך אונטערגענומען דאָס צו טאָן. ווען איך בין אָנגעקומען אינעם תפיסה־קאַנטאָר האָב איך אויסגעפונען, אַז די צוויי חברים איז געלונגען צו אַנטלויפן. מען האָט מיך, אָן אַ פאַרוואָס, פאַרהאַלטן און גענומען אויף אַ שטרענגן „דאָפּראָס״ (אויספרעג), וואָס איך ווייס וועגן די פאַרשוואונדענע לייט. איך האָב שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט זיין „קאָנספּיראַטיוו״. קורץ און גוט, מ׳האָט ביי מיר גאָרנישט אַרויסגעקראָגן, ביז ס׳איז אָנגעקומען דער פּריסטאַוו סניטקין. ער איז געווען אַ ביסל פאַרשניאָשקעט און אין אַ פריילעכער שטימונג. איך האָב זיך פאַרקלאָגט פאַר אים, אַז פאַר אַ גוטער טאַט, צאָל מען מיר אָפּ מיט שלעכטסקייט. ער האָט מיך אויסגעהערט מיט אַ שמייכל און גלייך באַפוילן, מען זאָל דאָס „מיידעלע״ לאָזן גיין אַהיים צו איר מאַמען. מיין האַלטונג ביי דער פּאָליציי האָט מיך דערהויבן אין די אויגן פון

מיינע חברים, און מען האָט מיר אָנגעטרויט אַ בריוו, וואָס דער „צענטראַל־קאָמיטעט" אין ווילנע האָט געזאָלט צושטעלן צו די אָנפירנדיקע חברים אין האָמליע. איך בין געווען זייער שטאָלץ מיט מיין מיסיע. איך בין אַרויסגע־פאָרן אַהין אָן אַ פּאַספּאָרט, און הגם די נסיעה איז נישט געווען קיין זייער לאַנגע, האָט יעדער בליק פון אַ פרעמדן אויף מיר געמאַכט שטאַרקער קלאַפּן מיין האַרץ. איך בין אויף יענער שליחות אויסגעוואַקסן אין מיינע אייגענע אויגן...

מען האָט מיך פאַרהאַלטן אין האָמליע אויף צוויי מאָנאַטן. פּאַרטיי־אַרבעט איז געווען לרוב. דאָרט וואו מען האָט געטאָגט האָט מען אָפטמאָל נישט גענעכטיקט. די שפּיאָנען האָבן אומעטום געלויערט. די צייטונגען, נישט געקוקט אויף דער שטרענגער צענזור, האָבן געלאָזט דורכשמוגלען קלאַנגען וועגן אומרוען איבערן גרויסן צאַרישן לאַנד, וועגן גרויסע סטרייקס און — פּאָגראָמען...

אין אויגוסט, 1904, האָט זיך ווי אַ דונער דורכגעטראָגן איבער דער יידישער וועלט די שרעקלעכע בשורה, אַז ד"ר טעאָדאָר הערצל איז גע־שטאָרבן. אידן האָבן דערשפּירט ווי אַ גרויס ליכט האָט זיך אויסגעלאָשן פאַרן אידישן פאָלק. אין אַ סך אידישע הייזער איז מען געזעסן „שבעה". קיינער האָט זיך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט, אַז אין ווינציקער פון פופ־ציק יאָר וועט פאַרווירקלעכט ווערן זיין חלום...



# איך פאָר קיין אַמעריקע

(זעקסטער קאַפּיטל)

ס'האָט זיך אָנגערוקט דאָס יאָר 1905. די לופט איז פול געווען מיט פרילינג, מיט מאַיאָווע צוזאָגן. מ'האָט דערוואַרט ישועות ונחמות און — אַ נייע קאָנסטיטוציע. איך בין דעמאָלט יונג געווען, און יונג האָט אויסגעזעון אין מיינע אויגן די וועלט.

איך בין געווען פאַרליבט אין דער וועלט, געזען אין איר בלויז גוטס און דאָס שלעכטס, וועגן וועלכן מ'האָט דערציילט, האָב איך געגלויבט, וועט גאָר גיך פאַרשווינדן...

אָבער נאָך מער פאַרליבט בין איך געווען אין חבר חנא דעם איינבינ־דער, אַ קלוב־חבר. ער איז געווען אַ ראָמאַנטישער טיפּ: הויך, מיט גע־קרייזלטע האָר און שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, מיט אַ סודותדיקן שמייכל אויף די דינע ליפּן און מיט אַ „רייכער" שפּראַך, דאָס הייסט, ער האָט גע־קאָנט אויסדריקן זיינע געפילן אין פּאָעטישע ווערטער...

אין יענע טעג בין איך געווען, ווי דאָס ווערטל גייט, אין זיבעטן הימל. אַלץ האָט זיך געדרייט אַרום אָט דעם בחור. כ'האָב נישט געמערקט, ווי ס'קלייבן זיך שווערע וואָלקנס נישט נאָר אויפן פּאָליטישן הימל, נאָר אויך איבער מיין אייגענעם קאָפּ, ווייל חנא האָט מיר איינמאָל געלאָזט וויסן, אַז ער דאַרף זיך שטעלן בקרוב צום פּריזיוו, און אַז ער וועט נישט גיין דינען „פאָניען", נאָר וועט זיך בעסער אָפּטראָגן קיין אויסלאַנד, און אויסלאַנד האָט דעמאָלט געמיינט — אַמעריקע!

איך דאַרף פאַר איך נישט דערציילן, וואָס אַ יונג מיידל פילט ביי אַזוינע רייד. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז כ'וועל נישט איבערלעבן די שיידונג. די איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס ער האָט געפונען פּאַסיקע און שיינע ווערטער מיך צו באַרואיקן און אָנצוצינדן מיין פאַנטאַזיע מיט שילדערונגען, ווי אַזוי אונזער צוזאַמען־לעבן וועט זיין אין דעם נייעם לאַנד...

ס'איז געווען אַ שווערער טאָג פאַר מיר, ווען חנא דער איינבינדער האָט פאַרלאָזט ווילנע. און עס האָט זיך נאָך נישט באַוויזן איינצושטילן מיין בענקעניש און צער, ווי אַ נייער אומגליק האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, פאַרשטייט זיך, נישט נאָר אויף מיר אַליין, כ'מיין דער אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס איז געקומען ווי אַן ענטפער אויף דער צאַרישער לאַנג־יאָריקער אונטערדריקונג. ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז די רעגירונג זאָל געבן דעם פאָלק אַ ליבעראַלע קאָנסטיטוציע, אָבער באַלד האָט זי חרטה געהאַט און דערטרונקען די רעוואָלוציע אין טייכן בלוט. ביי אונז אין ווילנע זיינען געלעגן אויפן געאָרגעווסקי פּראָספּעקט 22 הרוגים, צווישן זיי מיין בעסטע חברטע, מאַשע גאָלדבערג.

אין גיכן זיינען אויסגעבראָכן, ווי באַוואוסט, פּאָגראָמען אויף אידן אין תחום־המושב, דער שרעקלעכסטער — אין קישענעוו! אידן האָבן זיך דער־שפּירט (פאַר אַ נאָווינע!) נאָך מער אומבאַשיצט און הפקר. ביאַליק, ווי באַ־וואוסט, האָט אין זיין קלאָג־ און שטראָף־פּאָעמע „אין דער שחיטה־שטאָט" געגעבן אויסדרוק צו די געדאַנקען און געפילן, וועלכע האָבן דעמאָלט באַ־

הערשט ס׳רוב פון דער אידישער אינטעליגענץ. ס׳זיינען געשאַפן געוואָרן „זעלבסטשוץ״־גרופּעס, אָבער נאָך מער האָט מען גענומען רעדן וועגן אַנט־לויפן פונעם פאַרשאָלטענעם לאַנד.

היות ווי איך האָב זיך געדרייט צווישן „אויפגעקלערטע לייט״, ווי מיין מאַמע האָט זיי גערופן, האָט זי זיך שטאַרק געשראָקן פאַר מיין גורל, און זי איז צוגעשטאַנען צו מיין טאַטן, אַז איך זאָל וואָס שנעלער אַוועקפאָרן פון רוסלאַנד און אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. דער אמת איז, מען האָט מיר נישט געדאַרפט צופיל איינרעדן. נישט נאָר האָט געלאָקט דאָס ווייטע, כמעט לע־גענדאַרע אַמעריקע אויף יענער זייט ים. פאַר מיר איז געווען געזונג, וואָס דאָרטן געפינט זיך מיין באַשערטער, חנא. און איך האָב זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

איך בין אָפּגעפאָרן פון ווילנע אין דעצעמבער 1905 מיט מיינער אַ נאָענטער פריינדין, רחל. צווישן די פּיל־צאָליקע באַגלייטערס האָט זיך אויך געפונען חיים ראַבינאָוויטש, אַ בוכהאַלטער ביים שוין־דערמאָנטן גביר גאָלד־בערג. און ער, חיים, האָט מיך טאַקע באַקאָנט צופעליק מיט זיין באַלעבאָס. גאָלדבערג איז דעמאָלט געפאָרן צו זיין הויפּט־קאָנטאָר אין ליבאַווע מיטן ערשטן קלאַס. פאַרשטייט זיך, און איך, ווי געוויינטלעך, מיטן דריטן. אין ליבאַווע האָב איך געדאַרפט נעמען די שיף קיין האַמבורג.

ווער וואָלט זיך עס, אַ שטייגער, געקאָנט משער־זיין, אַז איכ׳ל דאַרפן אָנקומען נאָך אַ טובה צום גביר? מאָלט אייך, מען האָט זיך עס יאָ געקאָנט פאָרשטעלן, נאָר אַז יענער זאָל עס וועלן טאָן, איז שוין געווען פאַר מיר אַ חידוש!

אין ליבאַווע האָט מען אונז, די דריט־קלאַס פּאַסאַזשירן, „פאַרטריבן״ אין אַ גרויסן, אומציכטיקן באַלאַגאַן, וואו די טאַראַקאַנעס זיינען אומגע־קראָכן מאַסנוויין. אויב אין די טעג איז געווען קאַלט, כמורנע און לאַנגוויי־ליק, זיינען די נעכט געווען נישט אויסצוהאַלטן פון די קריכנדיקע באַשע־פענישן. מיר האָבן דאָרטן געוואַרט אויף דער פּאַזידאָן (אַזוי האָט געהייסן די שיף) און ווער ס׳וועט האָבן מזל וועט באַטרעטן איר דעק, וואָרעם ס׳זיי־נען געווען מער פאַרשוינען, ווי דער קליינער דאַמפער האָט געקאָנט אויפ־נעמען, און די, וועלכע וועלן פאַרבלייבן, וועלן דאַרפן וואַרטן גאַנצע וואָכן אויף אַן אַנדער שיף.

ווען גאָלדבערג האָט זיך דערוואוסט פון מיינע קלעמענישן, האָט ער

מיר מיטגעגעבן אַ שריפט צום קאַפּיטאַן, און ס׳האָט געווירקט ווי אַ כישוף. איך האָב געקראָגן אַן אָרט אויפן דעק.

די נסיעה קיין האַמבורג האָט געדויערט דריי מעת־לעת, שווערע מעת־לעתן! ס׳איז גאָרנישט געבליבן אין זכרון, נישט פונעם דאַמפּער, נישט פון די פינף טעג אין האַמבורג, וואָס זאָל ווערט זיין צו געדענקען. נאָך ערגער איז געווען אויף דער אָקסן־שיף, וועלכע האָט זיך געשלעפּט נייע 15 טעג קיין ניו־יאָרק. וועגן איר, זעט איר, איז שוין גראָד יאָ דאָ וואָס צו דער־ציילן, אָבער בלויז שלעכטס...

מיר זיינען געווען זעקס פרויען אין אַ קליינער קאַבינע. די שפּייז איז באַשטאַנען פון פּערלגרויפּן מיט אַ צוגאָב פון אַ שטיקל צעוועמטן קעז, וועלכן די דייטשן האָבן גערופן פאַרצערטלט „לימבורגער קעזע״. די פּערל־גרויפּן האָט מען אונז „סערווירט״ צוויי מאָל אין טאָג, אין גרויסע וואַש־עמערס. נאָך אַ פּאָר מאָל עסן, האָבן די פּאַסאַזשירן דאָס צוריקגעגעבן דעם ים. די געדערים האָבן זיך פּשוט אָפּגעזאָגט זיי צו פאַרדייען.

די שיף־אַדמיניסטראַציע האָט זיך ווינציק גענומען צום האַרצן. אויפן דריטן טאָג, אין דער פרי, האָבן מיר דערקלערט אַ הונגער־סטרייק. די אָנ־פירערין, ווי איר שטויסט זיך אפשר אָן, בין איך געווען. דערצויגן אין אַ רעוואָלוציאָנערער סביבה האָב איך נישט געקענט פאַרטראָגן קיין עוולות. מיר האָבן זיך נישט צוגערירט צו דער געבראַכטער שפּייז און געפאָדערט בעסערע. אויף אונז קוקנדיק, האָבן די אַנדערע מיטפּאַרערס געטאָן דאָס זעלביקע. בקיצור, דער „סטרייק״ האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען. דער קאַפּי־טאַן פון דער אָקסן־שיף האָט מיך געסטראַשעט מיט דעפּאָרטאַציע. ער איז געבליבן ביים ווערטל, ווייל אין מיטן ים האָט ער עס נישט געקענט טאָן, און אין אַמעריקע ווידער וועט ער שוין נישט האָבן קיין דעה.

מיר זיינען ווי־עס־איז דורכגעקומען מיטן עסן און באַלד אין גאַנצן פאַרגעסן אין דעם אינצידענט. מיר האָבן דערזען פון דער ווייטנס די מאַ־יעסטעטישע פרייהייטס־סטאַטוע מיטן אויסגעשטרעקטן פאַקל אין איר האַנט, און גאָר גיך זיינען מיר אַראָפּ אין „קעסל־גאַרדן״ און פון דאָרטן אַרויס אין דעם גרויסן ניו־יאָרק.

# איך האָב חתונה מיט מײַן באַשערטן

(זיבעטער קאַפּיטל)

רחלס קוזינע, מרס. גאָלד, האָט אונדז אָפּגעוואַרט. זי האָט זיך אַרויסגע־וויזן צו זײַן ווי אַן אייגענע שוועסטער. זי איז ווערט געווען איר נאָמען — באַשע גאָלד. זי האָט אויך מיך פֿאַרבעטן צו זיך און מיר געהאָלפֿן אויפֿ־זוכן מײַנע שוועסטער־קינדער און דעם חתן מײַנעם, חנא, וועמעס אַדרעסן זײַנען, צו מײַן האַרץ־ווייטיק, פֿאַרלאָרן געגאַנגען אויף דער רײַזע, הגם איך האָב זיי אָפּגעהיט ווי די אויגן אין קאָפּ.

מײַן קוזינע האָט זיך אַוודאי שטאַרק דערפֿרייט מיט מיר. איר מאַן איז געווען אַ בראָנדז־אַרבעטער און שווער פֿאַרדינט אויף זײַן אויסקומעניש. איך בין געווען בײַ זיי צוויי וואָכן. אין משך פֿון דער צײַט האָט זיך אויך אָפּגע־רופֿן חנא. די באַגעגעניש מיט אים האָט מיך קאָמפּענסירט פֿאַר אַלע צרות און לײַדן. ער פֿלעגט מיך באַזוכן כמעט יעדן טאָג. נאָך צוויי וואָכן בין איך אַוועק אַרבעטן אין אַ שאָפּ בײַ מײַן הענטשקע־פּאַך.

איך קען זיך נישט באַקלאָגן אויף „קאָלאָמבוסעס מדינה“, ווי אידישע אימיגראַנטן האָבן דעמאָלט באַצייכנט זייער נײַע היים. איך האָב, אַ דאַנק מײַן פֿאַך־קענטשאַפֿט, פֿאַרדינט גוט, לויט די דעמאָלטיקע אומשטענדן, גאַנצע ניין דאָלאַר אַ וואָך. די ערשטע שכירות האָב איך אָפּגעגעבן מײַנע גאַסט־פֿרײַנטלעכע קוזינען, און די אַנדערע — אָפּגעשיקט אַהיים צו מײַן משפּחה.

איך האָב אויך געהאַט מזל צו מײַן באַלעבאָס מר. וואָולף. נישט נאָר האָט ער אָפּגעשאַצט מײַן אַרבעט, נאָר ער האָט אויך געוואָלט, די „וועלט“ זאָל זען מײַן טאַלאַנט. ער האָט מיך באַזעצט אין שוי־פֿענצטער פֿון זײַן שאַפּ, און פֿאַרבײַגייער האָבן באַוואונדערט, ווי איך פֿורעם אויס אויף דער מאַשין די זשעמשענע הענטשקעס. מר. וואָולף איז געווען אין גאַנצן אַנ־דערש, ווי מען איז געוואוינט צו לייענען וועגן די אַמאָליקע אויסנוצער־באַלעבאַטים. ער האָט געטראָגן אַ שמייכל אויף די ליפּן און אַ רויז אין לאַץ. אים האָט נישט געאַרט, ווען זײַן זון בערנאַרד האָט זיך פֿאַרקוקט אויף מיר. אין קעגנטייל, ער האָט אים געהאָלפֿן זיך שדכענען צו מיר. איך האָב בער־נאַרדן קוים פֿאַרשטאַנען, ווײַל ער האָט נישט געקאָנט קיין אידיש און איך — נישט קיין ענגליש. ס׳איז געווען אויף אונדז בײדן אַ גאָטס רחמנות, און

מיר האָבן זיך אַרויסגעהאָלפן מיט שטומע הענט־צייכנס. דער אמת איז, אַז אָט דער יונגערמאַן איז מיר שטאַרק נישט אָנגעגאַנגען. איך בין געווען פאַרליבט ביז אַריבער די אויערן אין מיין בן־עיר, חנא דעם איינבינדער.

חנא האָט פאַר דער קורצער צייט פון זיין אין אמעריקע איינגעאָרדנט פאַר זיך אַ קליינעם שאַפּ. ער האָט אויך געהאַט „גאָלדענע״ הענט, און צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט, האָט ער געהאַט הצלחה. מיר האָבן געזען פאַר זיך אַ סך מעגלעכקייטן פון שטייגן. און הגם מיר האָבן גערעדט אָפט וועגן תכלית, האָבן מיר אָפּגעשטופּט די צייט פון דער חתונה אויף שפּעטער... ספּעציעל דעמאָלט, ווען איך האָב געפונען אַ גוטע שטעלע אין גלאָווערסוויל.

גלאָווערסוויל איז אַ שטעטל אין ניו־יאָרק סטייט, וואו עס ווערן פאַבריצירט הענטשקעס נישט נאָר פאַרן גאַנצן לאַנד, נאָר אויך פאַר אויסלאַנד. מר. וואולפס אַ קאָנקורענט האָט זיך דערוואוסט פון מיין קענטשאַפט אין דער „בראַנזשע״, און ער האָט מיר אָנגעבאָטן טאָפּלט די שכירות וואָס איך האָב פאַרדינט. נו, איך האָב נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון, און — דערמוטיקט פון חנאן — בין איך אַוועקגעפאָרן אַהין.

ס'האָט שוין אויך געהאַלטן דערביי, אַז חנא זאָל אַריבערפירן זיין שאַפּ אין שטעטל, אַזוי געפעלן איז אים געוואָרן דאָס לעבן דאָרטן. קעגן ניו־יאָרק האָט עס אָבער אויסגעזען ווי אַ דאָרף. און ער האָט לסוף געביטן זיין דעה. ער האָט מיך באַזוכט יעדן סוף וואָך, ביז איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז איך קען מער נישט אויסהאַלטן די איינזאַמקייט און די בענקעניש נאָך אים. און נאָך זעקס חדשים גלאָווערסוויל האָב איך זיך אומגעקערט אין דער גרויסער שטאָט.

אין 1906 האָבן מיר ענדלעך געשטעלט אַ חופּה כדת־וכדין. מיר האָבן געדונגען אַ פיינע דירה און אין לויף פון די יאָרן האָט זיך די פאַמיליע פאַרגרעסערט מיט פיר קינדער, דריי מיידלעך און אַ אינגל — הערצל. דאָס ערשטע טעכטערל האָט געטראָגן דעם נאָמען ריינע, נאָך מיין מומען. די צווייטע איז געווען חסיה נאָך דער מאַמען. דאָס דריטע קינד איז הערצל און דאָס אינגסטע איז לאה־בתיה.

דאָס זיינען געווען קריטישע יאָרן. אין דער קריזיס־צייט האָב איך צונויפגעזשעברעוועט ממש פון קליינגעלט אויף אַ בילעט פאַר מיין שוועסטער שרה, און זי געבראַכט קיין אַמעריקע. מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט אין

באָראָ־פּאַרק, אין אַ האַלב־איינגעפאַלן הייזל. מיר אונטן, און איבער אונז אַ פאַמיליע טשאַרלי האַלפּערין. אין יעדן שטיבל האָט זיך געפונען אַן אייזן אייוועלע, וואָס האָט געדאַרפט וואַרעמען אין די ווינטער־חדשים.

ויהי היום און די מענטשן, אויבן, זיינען ערגעץ אַוועק און איבערגע־לאָזן דריי קליינע קינדער אַליין. דאָס דריי־יאָריקע מיידעלע האָט זיך גענו־מען פאָרקען ביים אייוועלע, ביז דאָס פייער האָט אָנגעכאַפּט איר קליידעלע. ס׳וואָלט נישט גענומען לאַנג און דאָס קינד וואָלט, חלילה, פאַרברענט גע־וואָרן, און דאָס גאַנצע הייזל וואָלט אַוועק מיטן רויך. צום גליק האָב איך דערשפּירט דעם רויך און בין אַרויף צום שכן, אויפגעפּראַלט די טיר, און באַדעקנדיק מיט מיין קערפּער דאָס מיידעלע, האָב איך עס אַרויסגעראַטע־וועט פון די פלאַמען און עס אַרויסגעטראָגן אין קאָרידאָר. אין יענער מינוט איז אָנגעקומען איר פאָטער. ער איז געוועזן אַזוי אויפגעטרייסלט און אייג־צייטיק דאַנקפול פאַר מיין אויפטו, אַז ער איז געפאַלן אויף די קני און מיר געקושט די הענט. ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען אַ מאַנס־ביל וויינען, זיך באַגיסן מיט טרערן, ווי אַן עופעלע...

חנא האָט בשעתו פאַרלאָרן זיין געשעפט, און ער איז אַריבערגעפאָרן קיין עקראָן, אָהייאָ, וואו ס׳האָט דעמאָלט זיך געטומלט מיטן אויפקום פון אַ נייער אינדוסטריע, נעמלעך — גומענע רעדער (ראָבער טייערס). מ׳האָט די שטאָט גערופן „דהי סיטי אָוו אָפּאָרטוניטי״, און מיין מאַן האָט דאָרטן געעפנט אַ לעדער־געשעפט.

איך בין געבליבן מיט מיינע קליינע קינדער ביי דער וואונדערלעכער מרס. גאָלד, ווייל מיר האָבן געמוזט אויך אויפגעבן אונזער אַפּאַרטמענט. קורץ, מיר האָבן זיך אָפּגעמאַטערט אַרום זעקס מאָנאַטן, ביז חנא האָט אונז אַריבערגענומען קיין עקראָן. זיין אויסערגעוויינטלעכע פעאיקייט האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן און ער האָט מצליח־געוועזן. ער איז געוואָרן אַ דערפאָלג־רייכער ביזנעסמאַן. מיר האָבן מיט דער צייט געקויפט אַן אַפּאַרטמענט־הויז און געהאַט אַ גוטע הכנסה. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי האָפענונגספול און ליכטיק. איך האָב געמיינט, אַז עס איז אונז באַשערט אַצינד אַ רואיק און גליקלעך צוזאַמענלעבן. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 32 יאָר און אונ־זער עלטסט קינד — עלף יאָר. נאָר פון דער האָפענונג האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. אַן אומגעריכטער אומגליק האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף מיר און אַלץ צעשטערט.



פון לינקס צו רעכטס: פּאָלאַ בן־גוריון,
בעבאַ אידעלסאָן, אַ חברה און איך




פון לינקס צו רעכטס : איך, יהודית שמחונית און חברה אידאַ מאַרקס.



**די בלינד־הויז אין ירושלים**

פון רעכטס צו לינקס: דער פאָרשטייער מר. מזרחי, דער לערער פון מוזיק, איך, פרוי ביסקינד, דר. ביסקינד'ס פרוי — דער ערשטער דר. אין ארץ ישראל (דאַן פּאַלעסטינע) און מיין טאָכטער לאה — געווען פיר מאָנאַטן אין ישראל אין 1936, וואו איך האָב זיי געבראַכט צוויי פידלען און דריי בענדזשאָס.

# דער חלום איז צערונען

(אַכטער קאַפּיטל)

די ייִדישע באַפעלקערונג אין עקראַן איז דאַן נישט געווען קיין גרויסע. מ׳האָט געלעבט אין איין געגנט, נישט ווייט פון שטאָט־צענטער. ס׳רוב אידן זיינען געווען פּעדלער, קליינע קרעמער, גראָסערי־לייט, אינשורענס־אַגענטן. מען איז געווען מיטגלידער פון „פאַרבאַנד", פון „אַרבעטער־רינג" און פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. מע האָט זיך געטראָפן ביי שמחות און, להבדיל, ביי טרויער־פאַלן אין די לאָקאַלן פון די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס. מען האָט זיך געקאָנט און געוואוסט וואָס עס טוט זיך, בדרך־כלל, איינער ביים אַנדערן, אַפילו ווען מען איז געווען פון אַ קעגנעריש קלייזל.

מיט אַמאָל האָב איך גענומען באַמערקן, אַז מען סודעט זיך ווען מען דערזעט מיך, צי מען האָקט אָפּ אַ שמועס בעת איך קום אָן אויף די רייד. די ערשטע צייט האָט עס מיך געוואונדערט, אָבער שפּעטער האָב איך עס פאַרטרויט מיין מאַן. חנא פלעגט זיך צעלאַכן אויפן קול און עס אָוועקמאַכן מיט דער האַנט: „מאַלע, וואָס מענטשן באַלאַקען!" אָדער „וואָס גייט עס דיר אָן?" און גאָר אָפּטער: „גיי שוין, גיי, עס דאַכט זיך דיר אויס!"...

און בעת ער האָט מיר אָפּגעפּטרט מיט אָט די קורצע ענטפערס, האָב איך דערפילט אַ לייכטן ציטער אין זיין קול און אַ קוים־מערקלעכע בלאַס־קייט אויף זיין פּנים, און ס׳איז מיר געוואָרן פאַרדעכטיק. ס׳האָט זיך אויך נישט זעלטן געמאַכט, אַז ער זאָל פאַרשפּעטיקן צו אַ מאָלצייט אַפילו אויף אַ שעה און מער. און ווען ער איז איינמאָל אין גאַנצן נישט געקומען צום אָוונט־ברויט, האָב איך אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך מוז דערגיין די סיבה.

איינמאָל, אין אַן אָוונט, בין איך געשטאַנען נישט ווייט פון זיין קראָם. ס׳איז געווען שליס־צייט. האָב איך דערזען פון זיין טיר אַרויסקומען אַ פרוי פון אַ צווייפלהאַפטן כאַראַקטער. זי האָט זיך גיך אָפּגעטראָגן אין אַ זייטיקער גאַס, און באַלד האָט ער זיך געוויזן און האָט אָוועקגעאיילט אין איר ריכטונג.

אויף מאָרגן, ווען די קינדער זיינען אָוועק אין שולע, בין איך אַרויס מיט אָפענע רייד: „ווער איז די פרוי, מיט וועלכער דו טרעפסט זיך?" אַנשטאָט צו ווערן איבערראַשט און זיך פילן שולדיק, האָט ער געענטפערט קאַלטבלוטיק: „אַ פרוי..." און ער האָט גלייך צוגעגעבן: „זי מיינט פאַר

מיר גאָרנישט!״ און ווי ער וואָלט מיך געוואָלט באַרויִקן, האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט: „נישט זי און נישט די אַנדערע!...״

„און נישט די אַנדערע?״ — האָב איך איבערגעחזרט זיינע ווערטער. און מיט אַמאָל איז אַלץ פאַר מיר קלאָר געוואָרן. איך האָב גענומען פאַרשטיין דאָס שושקען זיך הינטער מיינע פּלייצעס, זיין פאַרפאַלן ווערן פון הויז און זיין קאַלטקייט צו מיר און צו די קינדער...

איך האָב זיך דערפילט טיף באַליידיקט און נידערגעשלאָגן. איך האָב נישט געוואָלט מאַכן קיין סקאַנדאַל, וויסנדיק, אַז כ׳וועל דערמיט פאַרשעמען מיינע קינדער און שעדיקן זייער רעפּוטאַציע אין שול. איך האָב, באַטראַכטנדיק מיין געענדערטע לאַגע, באַשלאָסן צו פאָדערן אַ גט פון אים.

מיר האָבן געהאַט, ווי שוין דערמאָנט, אַן אַפּאַרטמענט־הויז אויף אונזערע ביידנס נעמען, און ביים פאַרקויפן האָב איך זיך געוואָלט באַוואָרענען מיט אַ העלפט פון איר ווערט, אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט נישט געצאָלט פינקטלעך אויפן „מאָרגעדזש״ און עס איז געווען אַ געפאַר, מ׳זאָל צונעמען ביי אונז דאָס הויז.

חנא האָט גאָר גיך ליקווידירט זיין לעדער־געשעפט און איז אַוועק קיין קליוולאַנד, און מיט אים זיינען פאַרשוואונדן אַכצן הונדערט דאָלאַר. איך בין געבליבן ווי אויפן וואַסער. אונטער אַזוינע אומשטענדן האָב איך נישט געקענט דערוואַרטן פון אים קיין „אַלימאָני״, און צוליב די פריערדיקע סיבות האָב איך אים נישט געוואָלט שלעפּן אין געריכט.

איך האָב זיך אַריינגעקליבן אין אַ קעלער־שטוב פון מיין בנין, און געפועלט ביים „מאָרגעדזשיר״, ער זאָל האָבן איינזען מיט מיר ביז איך וועל אים, צוביסלעך, אויסצאָלן דעם אָנגעקליבענעם חוב מיט פּראָצענטער, וועלכע זיינען אָנגעוואַקסן.

דערווייל האָט זיך די לאַגע אין לאַנד געביטן צום בעסערן. אַלע דירות זיינען ביי מיר געווען פאַרדונגען. איך האָב מיט עקשנות זיך געראַנגלט מיט די ביטערע אומשטענדן און זיי מנצח־געווען. איך האָב פונעם הויז נישט נאָר געצויגן חיונה, אָפּגעצאָלט אַלע מיינע חובות, נאָר אויך געגעבן מיינע פיר קינדער, ווען זיי זיינען אונטערגעוואַקסן, אוניווערזיטעט־בילדונג.

איך האָב באַהערשט מיינע געפילן, וואָס איך האָב געהאַט צו חנאן פאַר די צוועלף יאָר פון אונזער הייראַט. דאָס זיינען געווען געפילן פון ליבע און טריישאַפט, פון צוטרוי און אָפּשיי. איך האָב, נאָכן גט, מער נישט גע־

בראַכט זיין נאָמען אויף מיינע ליפּן. מיינע קינדער האָבן קיינמאָל נישט געהערט קיין שלעכט וואָרט פון מיר אויף זייער פאָטער, נישט אין טעג פון נויט, נישט ווען אונזער לעבן איז גרינגער געוואָרן. איך בין פאַר זיי געווען סיי די מאַמע, סיי דער טאַטע. צו מיר זיינען זיי געקומען מיט זייערע דאגות און פריידן, מיט זייערע פּראָבלעמען און פּלענער. איך בין געווען אין גאַנצן פּאַרטאָן מיט זיי, און האָב געשטרעבט, אַז זיי זאָלן דערגרייכן אין לעבן דאָס, וואָס מיר האָט זיך נישט איינגעגעבן.

צוויי יאָר זיינען פאַרביי זינט איך האָב אַרויסגעקראָגן דעם גט. עס פּלעגן דערגרייכן צו מיר שטיקלעך ידיעות וועגן מיין געשיידטן מאַן. נאָך אַלעמען איז קליוולאַנד גאָר נאָענט צו אונז. אונזערע באַקאַנטע קאָמוניקירן מיט דער שטאָט און קומען אין קאָנטאַקט מיט דאָרטיקע מענטשן. און הגם מען האָט מיך געשוינט, פּלעגן דאָך אָנקומען בשורות צו מיר וועגן זיין ווייטערדיקער הפקר פירונג, ביז ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין עקראָן, אַז חנא איז ערנסט קראַנק.

דאָס איז געווען אַ וואונדער! ווייל אָט דער מענטש האָט אַלעמאָל אויסגעזען מונטער, שוין צו מונטער! דאָס טשיקאַווסטע דערביי איז געווען — זיין וואונטש צו זען אונזער זון, הערצל. ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אין אים.

ווען הערצל איז געקומען קיין קליוולאַנד, האָט ער אויסגעפונען, אַז זיין פאָטער געפינט זיך אין שפּיטאָל. אויפן בעט דאָרטן איז געלעגן אַ שאָטן פון דעם, וועלכן ער האָט געדענקט פון אַמאָל. לויט דעם דאָקטאָרס רמזים, האָט מיין זון פאַרשטאַנען, וואָס פאַראַ סאָרט קראַנקייט זיין טאַטע האָט, און אַז זיינע טעג זיינען געציילטע.

מיינע געפילן דעמאָלט זיינען געווען געמישטע: אָט איז מיך באַפאַלן אַ טעמפּער גלייכגילט צו זיין גורל, און אָט — אַ שטראָם פון זכרונות, וועלכע האָבן מיך צוריקגעפירט צו מיינע יונגע, מיידלשע יאָרן אין ווילנע, ווען איך האָב אים געטראָפן ס'ערשטע מאָל...

ס'איז פאַר מיר שווער געווען זיך צו באַגעגענען מיט פריינט. זיי האָבן מיר אַריינגעקוקט טיף אין די אויגן, ווי זיי וואָלטן וועלן דאָרט געפינען צייכנס פון „נקמה״. אַנדערע האָבן, אָן צערעמאָניעס, באַמערקט: „אצבע־אלקים!״ (גאָטס שטראָף!).

## איך ווער פאַרטאָן אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן

(ניינטער קאַפּיטל)

די שווערסטע וואונדן היילט די צייט און — אַרבעט! איך האָב זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב־און־לעבן אין געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט. איך האָב אָפּט פאַרנאַכלעסיקט מיין הויז און געשעפטן. איבערן לאַנד זיינען דעמאָלט אויפגעקומען פועלי־ציון־קלובן, און מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז אויך עקראָן זאָל נישט אָפּשטיין פון כלל. מיין אַמאָליקער לענדלאָרד, אַראָנסאָן, האָט מיר אין דעם געהאָלפן. ער איז, אגב, געווען אַ שוועסטערקינד פונעם באַרימטן אַראָנסאָן אין ארץ־ישראל, וואָס האָט מיט זיין שוועסטער שרה און אַנדערע אידישע יונגעלייט געדינט קאָנספּיראַטיוו דער ענגלישער רעגירונג אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, און איז שפּעטער הינגעריכטעט געוואָרן פון דער טערקישער מאַכט.

דער קלוב איז באַשטאַנען פון 22 מיטגלידער. דער אונטערשייד אין עלטער איז דערגאַנגען ביז קאָמיזם. איר האָט דאָרטן געקענט געפינען אַ צוואַנציק־יאָריקן מיט אַ בן־חמישים. ווען ערענרייך איז געקומען פון ניו־יאָרק אונז אינסטאַלירן, האָט ער נאָך דעם אַ זאָג געטאָן צו מיר מיט די ווערטער פון קרילאָווס פאַבל: „לעבעד, ראַק דא שטשוקאַ" (שוואַן, קרעפּס און העכט).

מיר האָבן זיך דעמאָלט אויך גענומען גרינדן די ערשטע תלמוד־תורה אין שטאָט. מיר האָבן געקלאַפּט אין אידישע טירן און צונויפגעזשעברעוועט אַביסל קליינוואַרג. אונזער ערשטער לערער איז געווען דער שפּעטער באַקאַנט־געוואָרענער שרייבער, דוד עדלסבערג.

ס'איז אויך רייף געוואָרן די צייט צו שאַפן אַ „פאַרבאַנד"־צווייג. יאַנקל האַלאב האָט מען אויסגעקליבן פאַרן פאָרזיצער. אונזערע פאַרבעטענע געסט זיינען דעמאָלט געווען די חברים: סיגל, העמלין, ווערטהיים. אויף דער אידישער גאַס האָט מען דערהערט נייע לאָזונגען. די ערשטע „פאַרבאַנד"־שול איז אויפגעקומען אין יאָר 1919. מיר האָבן גאָר גיך דערגרייכט זיבעציק תלמידים. אָנגעפירט מיט דער אַרבעט האָבן די צוויי לערערס, וויינער און ראדזשער.

ווי דורך אַ כישוף־שפּרונג האָבן אויפגעשפּראָצט ביי אונז צווייגן

פון דער „הדסה“ און פון די פּרויען־פּיאָנערן. צווערשט האָט מען זיך גע־שראָקן, טאָמער וועלן די טאָוגנגען אַרום די צווייגן שטערן דער אַרבעט פון דער שול. נינאַ צוקערמאַן האָט בשעתה אונז באַזוכט און אונז געוויזן דעם וועג, און מיר האָבן געפונען געגוג צייט פאַר אַלע אַרבעטן.

אין 1931 האָב איך אין עקראָן געגרינדעט דעם „חלוצות“ פּיאָנערן־קלוב.

עקראָן איז, מיט אַנדערע ווערטער, אַרויף אויף דער לאַנד־קאַרטע. מ'האָט זיך דערוואוסט, אַז מיר זיינען אַקטיווע מענטשן און וואַרעמע אידן. און ס'האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אונז שרייבער, לעקטאָרן און קאָנצערטיסטן. עס גע־דענקט זיך מיר נאָך היינט דער קאָנצערט פון יאָסעלע ראָזנבלאַט, נישט נאָר צוליב זיין וואונדערלעכער טענאָר־שטימע, נאָר דאָרטן, אויפן קאָנצערט, האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ מענטשן, וועלכער איז מיר נאָך איצט ליב און טייער. אָט די קאָנטשאַפט איז ווערט מען זאָל דערציילן מיט מער פּרטים.

ווען איך בין יענעם אָוונט געקומען צו דער קאָסע, האָב איך זיך גע־כאַפּט, אַז אין מיין צעטומלעניש האָב איך פאַרגעסן מיין האַנט־בייטל אין הויז. איך בין געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט און האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. מיט אַמאָל רופט זיך אָן אַ מאַן הינטער מיר, אַז ער וועט מיר אויסבאָרגן דעם דאָלאַר, וואָס עס קאָסט דער בילעט. איך האָב אַ קוק גע־טאָן אויף אים און בין געוואָרן דערשטוינט. דער ווילד־פרעמדער מענטש האָט מיר אויסגעזען „באַקאַנט“. איך האָב זיך בשום־אופן נישט געקענט דערמאָנען, וואו איך האָב אים באַגעגנט. איך בין געזעסן לעבן זיין זייט, און מיין נייגער איז געוואָקסן פון מינוט צו מינוט. אַוודאי האָב איך הנאה גע־האַט פון ראָזנבלאַטס נגינה. אָבער מיין אומרואיקייט האָט מיך נישט אָפּגע־לאָזן. ער האָט מיך שפּעטער באַגלייט אַהיים. איך האָב אים אַרויסגעטראָגן די געבאָרגטע אַסיגנאַציע, און ווידער אים אָפּגעמאָסטן מיט גרויס אינטע־רעס. ערשט ווען איך האָב זיך אַ מידע אַריינגעלייגט אין בעט, האָט אויפגע־טויכט אין מיין מוח אַ חלום פון מיין קינדהייט.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַוודאי אַ יאָר עלף. חלומט זיך מיר, איינמאָל, אין אַ נאַכט, אַז איך שפּיל זיך מיט מיין חברטע אין גאַס. ס'איז אָוונט, קומט צו צו מיר אַן עלטערער מענטש, געקלײדט אין אַן אויבער־בגד, וואָס, אַז מען וויל קאָן מען עס רופן פּאַלטאָ, און עס קאָן אויך הייסן אַ קאַ־פּאָטע. ער איז אַ ביסל איינגעבויגן, און אויף זיין רעכטער באַק זעט זיך אַ קליינער שראַם. ער זאָגט צו מיר מיט אַ שטיל קול און מיט גוטע, רואיקע

אויגן: „מיידעלע, דו ביסט מיין זיווג!" אָנשטאָט בייז צו ווערן, דאַנק איך אים אָפּ און גיי זיך אַוועק ווייטער שפּילן...

אויף מאָרגן איז דער חלום אויסגערונען פון מיר. איך האָב מער נישט געטראַכט וועגן אים און אים פאַר קיינעם נישט דערמאָנט. נאָך מער, איך האָב אין אים פאַרגעסן.

און אָט, גלייבט עס יאָ צי נישט — ווערט דער חלום מקוים. דאָס הייסט, עס באַווייזט זיך פאַר מיר אין דער ווירקלעכקייט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, דער געשילדערטער מענטש, מיט אַ בגד, פון וועלכן איך האָב אָפּט געמאַכט שפּאַס, ביז ער איז פּטור געוואָרן פון אים. און ער איז צוויי טראָפּן ווי דער חלום־איד, מיטן צייכן אויפן פּנים, אַפילו מיט זיין גאַנג און שטימע...

איך האָב לאַנג נישט געקענט קומען צו זיך. דער גלויבן אין חלומות איז פאַרשפּרייט צווישן פאָלק. פאָלקסמענטשן, ווען זיי קומען זיך צונויף, האָבן ליב זיך צו דערציילן וועגן זייערע חלומות, און זיי אויסטייטשן ווי זיי געפעלט און ווי זיי לווינט זיך. פונדעסטוועגן נעמען זיי אויף מיט אַ קערנדל אומגלויבן דעם פּותר־חלומניק. אגב, שענקט מען היינט אַ סך אויפמערק־זאַמקייט דעם ענין, און ס׳איז אויסגעוואַקסן, כידוע, אַ גאַנצע וויסנשאַפט אויף אָט דעם געביט.

זיין נאָמען איז, צו לאַנגע, לאַנגע יאָר, יעקב קאָסאָף. ער איז דעמאָלט געווען אַן אלמן און האָט געהאַט אַ גראָסערי. מיר האָבן געשטעלט אַ חופּה, און ער איז געוואָרן אַ פאָטער צו מיינע קינדער־יתומים. ער האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַר אַן איידעלן און פיין־פילנדיקן מענטש. די קינדער האָבן אים ליב געקראָגן און ער זיי אַוודאי. דאָס לעבן איז אַוועק אויף נייע רעלסן: אָנשטאָט קריג, ברוגזן, אומצוטרוי, האָט געהערשט אין הויז שלום און שלווה. צו מיין מזל האָט קאָסאָף געטיילט מיט מיר די געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. מיר זיינען געווען ביינאַנד פאַראינטערעסירט אין די זעלביקע זאַכן.

אין 1930 איז צאָליק געוואָרן מיין מעטראָפּאָליטאַן־פּאָליסי. איך האָב אַריינגעלייגט די סומע אין באַנק. היות אָבער, ווי אין יענער צייט, האָבן אַ סך באַנקען באַנקראָטירט, ווייל ס׳האָט געהערשט אַ גרויסער קריזיס אין לאַנד, האָב איך צוערשט געהאַט אַ שמועס מיטן הויפּט־פאַרוואַלטער. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אַזוינס קען נישט פּאַסירן מיט זיין באַנק. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אויך דאָ געשען דאָס אומגליק. נאָר צוליב דעם פאַר־

וואַלטערס צוזאָג און מיין צוטרוי צו אים, האָב איך אַרויסגעקראָגן טויזנט דאָלאַר פון מיין געלט.

ווי אַ מאַמע קען איך זיך נישט באַקלאָגן אויף מיינע קינדער. פאַרקערט, איך האָב געהאַט און האָב נחת פון זיי. אויב איך וועל זיך אַצינד אָפּשטעלן אויף מיין אינגסטער טאָכטער, לאה, איז עס דערפאַר, ווייל זי האָט נאָך יונגערהייט אַרויסגעוויזן אַ טאַלאַנט צו מאָלן. זי האָט געוואונען אַפילו אין אַ קאָנטעסט אַן אויסצייכענונג, און האָט גענומען לעקציעס אין מאָלעריי. און ווען איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל אויף באַזוך, איז מיט מיר מיטגעפאָרן לאה.



# מיין ערשטע רייזע קיין ארץ־ישראל

(צענטער קאַפּיטל)

אין 1936 האָב איך זיך אונטערגענומען צו באַזוכן דאָס לאַנד פון מיינע טרוימען, און האָב פאַרגעלייגט מיין זעכצן־יאָריק טעכטערל, לאה, מיטצופאָרן. אַוודאי האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אין דעם. זי האָט געוואָלט אָנקומען אין דער „בצלאל״ קונסט־שול, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ נאָמען אין דער אידישער וועלט. און מיט ברוך שאַצן, איר גרינדער, האָט מען זיך שטאַרק גערעכנט אין די קינסטלערישע קרייזן.

איך האָב זיך באַקאַנט מיט ברוך שאַצן דורך פּרץ הירשביין אויף אַ ציוניסטישער אונטערנעמונג.

מיר האָבן געזאָלט אָנקומען אויף פּסח אין לאַנד. אָבער צוליב די שטאַרקע טומאַנען אויפן ים האָבן מיר פאַרשפּעטיקט, און געמוזט האַלטן יום־טוב אויף דער שיף. מ'האָט דורכגעפירט אַ גרויסאַרטיקן סדר אין איינע פון אירע רחבותדיקע זאַלן. ביי די טישן זיינען געזעסן צענדליקע חלוצים פון פאַרשיידענע לענדער. דער גרויסער חזן ווינאָגראַדאָוו האָט געפּראַוועט דעם קאָלעקטיוון סדר, און מיין טעכטערל, ווי די יינגסטע צווישן עולם, האָט געפרעגט די פיר קשיות.

מיר זיינען פאַרבליבן פיר חדשים אין לאַנד און גאַנצע דריי פון זיי — אין ירושלים. מיר זיינען געקומען אין „בצלאל" מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון ראַבאַי פראַנק, וואָס האָט פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין דער אידישער געמיינדע אין עקראָן, און לאה איז געוואָרן אַ סטודענטין אין דער קונסט־שול.

ס'איז דעמאָלט געווען אַן אומרואיקע צייט אין לאַנד. די אַראַבער פלעגן מאַכן אָנפאַלן אויף ישובים. ס'איז געווען אַ געפאַר אַרויסצוגיין אין גאַס ביינאַכט. דער ירושלימער מופטי האָט געהאַלטן אויפרייצנדיקע דרשות פאַר זיינע נאָכפאָלגער. אין דער אידישער מחנה האָט מען אָרגאַניזירט די „הגנה".

איך בין דעמאָלט איינגעשטאַנען מיט מיין טעכטערל אין דעם סאַן רעמאָ־האָטעל, אין ירושלים. איך האָב פאַרנומען אַ צימער בשכנות, נישט ווימנדיק דערפון, מיט קעמפער פון „חרות". דאָרטן האָט מען אָפגעהאַלטן קאָנספּיראַטיווע מסיבות. דאָרטן האָט זיך געפונען אויפרייס־מאַטעריאַל. היות ווי לאה'ס בעט איז געשטאַנען ביי דער וואַנט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט זייער צימער, האָב איך זיך געביטן מיט איר אָרט. קיין אַנדערע לייַדיקע קאַמערן זיינען נישט געווען אין דעם האָטעל. קורץ און שלעכט! עס זיינען אַוועק שלאָפלאָזע, אומרואיקע נעכט. בריוו פון דער משפחה האָבן גערופן צוריק אַהיים. איך האָב געוואָלט איבערוואַרטן די שלעכטע צייט. איך האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט צוויי פאַרלאַנגען: ערשטער — באַזוכן דאָס לאַנד „פון דן ביז באר שבע", ווי דאָס ווערטל גייט; צווייטער — נישט אָפּרייסן מיין קינד פון דער קונסט־שול, כל־זמן דאָרטן גייען נאָך אָן די לימודים.

דערווייל האָט מיין לאה זיך באַקאָנט מיט די טעכטערלעך פון די חברים בראַון און צוקערמאַן, און אַלע דריי באַשליסן צו גיין איינמאָל אין סינעמאָ. מיידלעך, ווי געווינטלעך, האָבן זיי זיך פאַררעדט. זיי האָבן גערעכנט אַריינגיין אין איינער און גאָר אַוועק אין אַן אַנדערער. איבער דער שטאָט צעטראָגט זיך פּלוצים די טרויעריקע נייעס, אַז אַן אַראַבישער טעראָריסט האָט אין אַ סינעמאָ דערשאָסן דריי אידן: אַ דאָקטער, אַ סטודענט און אַ בעקער.

נו, איך דאַרף אייך נישט דערציילן, וואָס אַ מאַמע לעבט איבער אין אַזוינע מינוטן. ביז איך האָב דערזען מיין לאהן איז מיר שיער די נשמה נישט אַרויס. זי איז אַריין מיט דער בשורה: „מאַמע, מען האָט דערשאָסן די דריי אידן אין דער סינעמאָ, וואו מיר האָבן געזאָלט אַריינגיין!"

איך דערמאָן אָט די אינצידענטן, כדי איר זאָלט באַגרייפן אין וואָס פאַראַ צושטאַנד דאָס לאַנד האָט זיך געפונען. אַוודאי האָט מען דאָרטן איבער־

געלעבט אַ סך ערגערע און געפערלעכערע צייטן, אָבער ס׳רוב שׂרפֿות, איי־דער זיי שפּרייטן זיך פונאַנדער, הויבן זיך אָן פון קלענערע און גרעסערע פונקען. ס׳איז אַ מין הקדמה צום אומגליק.

אָט וועגן דער „הקדמה" איז כדאי זיך אָפּצושטעלן אין מערערע פּרטים: עס ברעכט אויס אַן אמתער פייער אין אידישן טייל פון שטאָט. די אַראַבי־שע פייערלעשער איילן זיך נישט. אָנשטאָט צו קומען צום געראָפענעם אָרט, פאַרקערעווען זיי זיך אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג. ס׳פלאַצט ממש דאָס געדולד. זיי באַווייזן זיך ערשט דעמאָלט, ווען די שׂרפה האָט אַלץ פאַרלענדט.

אַדער נעמט דעם אַראַבישן פאָליציסט. ער האָט געהאַט טראַכאָמע. מ׳האָט אים געהיילט אין דעם „הדסה"־שפּיטאָל און געראַטעוועט זיינע אויגן. ווען ער זעט ווי זיינע לאַנדסלייט באַפאַלן אומשולדיקע אידן, שפּאַנט ער אַוועק אין אַ זייט און מאַכט זיך נישט וויסנדיק. אָט אַזוי אָן אַ שיעור פאַלן.

הגם אין לאַנד הערשט „קאָרפיו" — מען טאָר נישט אַרומפאָרן וואו מען וויל — ווענדן מיר זיך צום „אָפיס" פונעם היי־קאָמישיאָנער, מען זאָל אונז דערלויבן צו באַזוכן די היסטאָרישע ערטער. עס קומט אַ קאַטעגאָרי־שער אָפּזאָג און אַן אומגעבעטענע עצה, מיר זאָלן מער נישט ווילן אין לאַנד און זיך אומקערן קיין אַמעריקע. דעם זעלביקן ענטפער קריגן מיר אויך פונעם אַמעריקאַנער קאָנסולאַט.

עס בלייבט נישט קיין אַנדער ברירה, ווי אויסצופאָלגן זייער ראַט, בפרט דעמאָלט, ווען עס שליסט זיך, צוליב די אומרוען, די „בצלאל"־שול.

מען זעצט אונז אַריין אין אַ געפּאַנצערטן אויטאָ און מען פירט אונז אַוועק קיין חיפה. דאָרטן באַווייז איך נאָך איבערצוגעבן דעם חבר באַראַץ אַ פּעקל, וואו עס געפינען זיך פלאַסטינקעס און אַ שפּיל־מאַשינקע. ער האָט עס געזאָלט קריגן פון אונז אין עקראָן, ווי אַ מתנה, נאָר מחמת געוויסע שוועריקייטן איז עס נישט געטאָן געוואָרן. איך געזעגן זיך מיט ציפּורה זייד און מיט די קרובים, און זיי באַגלייטן אונז צו דער שיף.

מיט אַ שווערער געמיט פאַרלאָז איך דעמאָלט ארץ־ישׂראל. טיף אין מיר שטאַרקט זיך דער וואונטש — וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן, וועל איך זיך בקרוב אומקערן. פון דער ווייטנס זע איך נאָך דעם וואונדערלעכן הר־הכרמל. אָט צעצינדן זיך שוין די ליכטער אויף זיינע הויכן. שאָטנס האַלטן איינגעהילט זיין צופוסנס. מיר שטייען נאָך לאַנג און קוקן, ביז די נאַכט פאַרווישט דעם לעצטן שפּור.

אין ניו־יאָרק וואַרטן אויף אונז מיין שוועסטער און שוואָגער. מיר פאַר־פאָרן צו זיי. איך געפין דאָרט אַ טעלעגראַמע פון עקראָן, אין וועלכער מען לאָזט מיך וויסן, אַז איך בין אויסגעקליבן פאַר אַ דעלעגאַטין צו דער קאָנ־ווענשאָן פון די „פּרויען־פּיאָנערן" אין באָסטאָן, וואָס וועט פאָרקומען אין אַ צוויי וואָכן אַרום.

אין דער צווישנצייט וויל איך ביי מיין שוועסטער. איך פאָר פון איר קיין באָסטאָן און מיין טעכטערל — קיין עקראָן, צו דער דערעפענונג פונעם „סקול־סעמעסטער".

ביי דער קאָנוועגשאָן בין איך אַן עדות פון אַ דראַמאַטישן סכסוך צווישן צוויי אָנפירנדיקע פערזענלעכקייטן, שרה פעדער און סאָפי יודין. ס'איז פון יענע געשעענישן, וועלכע זיינען אַלט ווי די בערג — ווען איין פירערין מיט לאַנג־יאָריקע פאַרדינסטן דאַרף אָפטרעטן איר אָרט, צוליב די אָדער יענע טעמים, איר אָפּאָנענטין. ביידע ערלעכע און איבערגעגעבענע טוער־רינס, און דאָך רייסט עפּעס דאָס האַרץ ווען אַזוינס קומט פאָר.



## די גראָסערי, וואָס האָט זיך אַליין אויפגעגעסן

(עלפטער קאַפּיטל)

מיין מאַן, יעקב קאָסאָף, זאָל געזונט זיין, איז אַ מענטש אַ רך־לבֿ. אַז אַזאַ איינער ווערט דער אייגנטימער פון אַ גראָסערי אין אַן אָרעמער געגנט, דאַרף מען אים נישט מקנא זיין. לאַ־די וואָס ער דאַרף אויסשטיין די קאָנ־קורענץ פון אַן „איי־ענד־פּי", האָט ער נאָך צו טאָן מיט ביטערע אָרעמע־לייט, וועלכע נעמען אויף באָרג און קענען, נעבעך, נישט אָפּגעבן דעם חוב. אַנדערע, ווידער, האָבן סתם דאָס געגנאַר, ווען זיי זעען פאַר זיך אַ שטילן מענטש פון אַ גוטן שמייכל, וואָס מיט אַלעמען האָט ער איינזעעניש און אויף אַלעמען — רחמנות, נאָר נישט אויף זיך.

ווען די האָלסיילערס (הורטאָוויניקעס) קומען איינקאַסירן פאַר זייערע סחורות, שטעלט זיך אַוועק קאָסאָף און דערציילט זיי, וואָס פאַראַ פיינער אידעאַל דער „פּועלי־ציוניזם" איז, אָדער, אַז אַן אַ טעריטאָריע האָבן מיר נישט קיין צוקונפט, און די טעריטאָריע מוז זיין ארץ־ישראל!...

איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן, אַז מער האַנדלען מיט מיין מאַן וועלן אַזוינע לייט נישט. בקיצור, ס'איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז מען האָט גע־מוזט נעמען פון איין קעשענע און אַריינלייגן אין אַ צווייטער. דאָס הייסט, מיט די רווחים פון אונזער בנין האָבן מיר געצאָלט פאַר די פאַרלוסטן פון דער גראָסערי. די פּאָליצעס זיינען אַלץ שיטערער און שיטערער געוואָרן, ביז זיי זיינען געבליבן ליידיק. עס געדענקט זיך מיר, ווי אַ קונה איז אַריינ־געקומען און געבעטן אַ פונט קאָרן־ברויט. דערביי האָבן זיך געוואַלגערט בלויז אַ פּאָר פאַרדאַרטע זעמל. האָט זיך קאָסאָף געפילט שטאַרק שולדיק, און זיי אים אָוועקגעגעבן, און זיך אָפּגעקערט אין זייט מ'זאָל נישט זען זיי־נע טרערן.

געהאָלפן „אויפעסן" די גראָסערי האָבן מיר אַליין אויך. ממה־נפשך — די קראָם וועט שוין סיי־ווי לאַנג נישט ציען, האָבן מיר געטראַכט, סיי צו־ליב דעם וואָס קונים צאָלן נישט און סיי וואָס הורטאָוויניקעס פאַרקויפן נישט. און אַזוי ווי ס'האָבן זיך אָפּגעזעצט געקענטע שפּייזן, האָבן מיר, די באַלעבאַ־טים, אויך גענאָסן פון זיי און זיי אַריינגענומען אין שטוב אַריין און געשלאָסן די גראָסערי.

קאָסאָף האָט זיך דעמאָלט גענומען פאַרוואַלטן מיטן הויז. ס'איז געווען וואָס צו טאָן. ווי איר געדענקט מסתמא, האָבן מיר געהאַט עטלעכע און צוואַנציק שכנים. איך האָב געמוזט האַלטן אַן אויג אויף מיין מאַן. ווען נישט, וואָלט חלילה געשען מיטן הויז דאָס זעלביקע ווי מיט דער קראָם.

אַוודאי האָט מיין מאַן מער הנאה געהאַט צו לייענען אַ אידישע צייטונג, אַ זשורנאַל, אַפילו אַ בוך, איידער זיך צו עסקן מיט אַן איבערגעפּירטן שלאָס ביי אַ שכן, צי פאַרקען זיך ביי דער וואַסער־לייטונג, באשר דאָס וואַסער רינט פון די רערן, צי אַ שויב האָט געפּלאַצט און מען דאַרף אַריינשטעלן אַ נייע. און אַז ס'איז געקומען אויפצומאָנען דירה־געלט, האָט מען זיך אויף אים אויך נישט געקענט פאַרלאָזן. ביי אים איז רעכט געווען אַריינצוקומען צו אַ שכן און פאַרפירן אַ וויכוח וועגן פּאָליטיק און פאַרגעסן אין גאַנצן אינעם צוועק פון זיין באַזוך.

איך האָב צו יענער צייט געזוכט „איינצוברעכן" מיין מאַן אין אָט דער אַרבעט. איך האָב אויך געדאַרפט זיין אַ הויזווירטין, און הגם מיינע דריי עלטערע קינדער זיינען שוין געווען אויסגעגעבן, האָב איך נאָך געדאַרפט

באַזאָרגן מיין יינגסטע טאָכטער מיט אַ קאַלעדזש־בילדונג און אויפן ערשטן אָרט — צו דערפילן איר וואונטש צו ווערן אַ מאַלערין.

איך האָב אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט מיינע געזעלשאַפטלעכע טואונגען. ס׳איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אַן אַקציע ביי אונז אין שטאָט צו שאַפן אַ „קינ־דער־היים״ אין ארץ־ישראל, וואָס די דאָרטיקע מועצת הפועלות (אַרבעטער־פּרויען) האָבן פּלאַנירט. איך האָב בייגעשטייערט זעכצן טויזנט דאָלאַר פאַר דעם ענין און מ׳האָט מיך באַערט מיט דעם, וואָס די קינפטיקע אינסטיטו־ציע וועט טראָגן מיין נאָמען.

איך האָב אויך באַזאָרגט פאַר דעם פּלאַנירטן בנין די נויטיקע מכשירים: פרידזשידער, אויוון, וואַש־געפעס און אַנדערע נויטווענדיקייטן.

ס׳איז כדאי צו ברענגען עטלעכע פּאַראַגראַפן פון בעבאַ אידלסאָן, די אָנפירערין פון „מועצת הפועלות״, פון אירער אַ בראָשור, כדי צו פאַרשטיין די וויכטיקייט און גרויסקייט פון אירע פונקציעס:

איינער פון די וויכטיקסטע געביטן פון דער אַרבעט איז די דער־ציאונג פון יונגן דור, קינדער און יוגנטלעכע. די פרוי, די מאַמע פון די קינדער, דאַרף אַריינגעצויגן ווערן אין די פראַגן פון דערציאונג. זי דאַרף פאַרשטיין די וויכטיקייט פון לערנען און פון שיקן די קינדער אין אַ שול. מיט דעם צוועק ווערן אָרגאַניזירט איבערן לאַנד קרייזן פון עלטערן וואָס שטייען אין פאַרבינדונג מיט די לערער פון די שולן. מען הערט אויס רעפעראַטן, שמועסן. דער פאַקט גופא, וואָס אַ פרוי פון אַ פאַרוואָרפענעם דאָרף הערט זיך צו, למשל, צו אַ שמועס וועגן דערציאונג, איז פאַר איר אַ קולטור־געשעעניש. די אָפּטיילונג פון דער מועצת הפועלות, צוזאַמען מיט דער קולטור־אָפּטיילונג פון דער הסתדרות, שענקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט און לייגן אַריין פיל מי צו הויבן דעם קולטור־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג.

איך האָב געבראַכט אָט דעם ציטאַט צו פאַרשטאַרקן דעם איינדרוק וועגן דער נוצלעכקייט פון דער אינסטיטוציע, פאַר וועלכער מיר האָבן אַזוי גע־טריי געאַרבעט. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געוווירקט, אַז מיינע טעכ־טער זאָלן גיין אין מיינע דרכים. די עלטערע, ריינע, האָט זיך פאַראינטע־רעסירט מיט דער „הדסה״, די מיטלסטע האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ צווייג פון „פּיאָנערן־פרויען״. זייערע מענער שטייען, אגב, נאָענט צו אַלע אידישע טעטיקייטן.

ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט צו לייגן דעם פונדאַמענט פון דער „קינדער־היים" אין רמלה. איך האָב באַשלאָסן צו זיין דערביי. קאָסאָף האָט זיך שוין, ווי עס איז, צוגעוואוינט צו די טואונגען אַרום אונזער בנין. ער האָט זיך שוין „אויסגעלערנט" אויפצומאָנען „רענט" ביי די שכנים. מיט אַנדערע ווערטער — איך האָב געקאָנט מיט אַ פרייען קאָפּ מאַכן די רייזע.

מיינט פריינט! איר וואונדערט זיך אַוודאי, וואָס איך רעד אַלץ וועגן מיין פּאָרן און דערמאָן נישט מיין מאַן. ס׳וואָלט פּאַר מיר געוויס געווען אַ פאַרגעניגן דורכצופירן די נסיעה מיט אים, אָבער קאָסאָף איז אַ איד אַ יושב־אהל, אַ היים־זיצער, שוין נישט רעדנדיק דערפון, וואָס אַפילו ווען ער שטימט צו, וואָלטן מיר עס נישט געקענט טאָן ביינאַנד, צוליב דעם הויז, וואָס פאָדערט וואַכזאַמקייט און אַרבעט־גרייטקייט אין פאַל פון אַ נויט אָדער אומגליק.



## מיין צווייטער און אַנדערע באַזוכן אין ישראל

(צוועלפטער קאַפּיטל)

אַ סך גרויסע און טראַגישע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אויף דער וועלט און באַזונדערס — אין אידישן לעבן, זינט מיין ערשטן באַזוך אין לאַנד. די נאַציס, ימח שמם, האָב אומגעבראַכט אַ דריטל פון אונזער פאָלק. מיר זיינען געווען לעבעדיקע עדות, ווי די „וועלט" האָט, מיט קנאַפּע אויס־נאַמען, געשוויגן, ווען די שחיטה איז אָנגעגאַנגען. מיר האָבן צוגעזען, מיט יאושדיקע הערצער, ווי שיפן מיט פּליטים האָבן זיך אומגעטראָגן אין אונ־זערע וואַסערן, נישט ווייט פון די לאָקנדיקע ברעגן פון פלאָרידע, פון דער נאָך דעמאָלט נישט־קאַסטראָ קובאַ און זיך געבעטן מען זאָל זיי לאָזן אַראָפּ־שטייגן און זיך ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט.

אָבער די געבעטן זיינען געפאַלן אויף טויבע אויערן, און נישט געפי־נענדיק קיין לאַנד, וואָס זאָל דערלויבן די אויסגעוואָרצלטע אידן כאָטש אַ צייטווייליקע „היים", זיינען די שיפן געווען געצוואונגען זיך אומצוקערן קיין

נאַצי־דייטשלאַנד, פון וואַנען די פּליטים זיינען געשיקט געוואָרן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן.

נאָך דעם גרויסן געוויטער האָט, כידוע, אויפגעשיינט אין אידישן לעבן די זון. ס׳איז אויפגעקומען די אידישע מדינה און אַ גרויסע פרייד האָט אַרומגעכאַפּט אַלע אידישע ישובים. מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון נאָענט און פון ווייט צו זען מיט די אייגענע אויגן דאָס לאַנד פון די אבות. הונדער־טער דורות אידן האָבן תפילה געטאָן און געבענקט צו דערלעבן אָט די היי־ליקע שעה, און אונזער דור האָט געהאָט די זכיה בייצואוואוינען דעם תחית־המתים!...

אין 1950 בין איך געפלויגן קיין מדינת־ישראל און דאָרטן פאַרבליבן צוויי חדשים. איך בין אויסגעווען אין אַלע קיבוצים, דאַכט זיך ביז אַרונטער אין אילת. איך האָב זיך נישט געקענט אָנזעטיקן מיט דער שיינקייט פון אונזער לאַנד. אין 1952 בין איך געקומען אַ דריטן מאָל אַהין. בעבאַ אידל־סאָן האָט מיר דעמאָלט אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה, אַז מען גייט לייגן דעם פונדאַמענט פון דער „קינדער־היים" אין רמלה אויף מיין נאָמען. אַ גרויסער עולם איז געווען פאַרזאַמלט. מ׳האָט געהאַלטן, ווי געוויינטלעך, רע־דעס און באַגריסונגען. און אָט האָב איך מיטן רידל אויפגעגראָבן די ערשטע קאָפּע ערד. דאַכט זיך וואָס? אַ פּשוטע זאַך. נאָר יענע איבערלעבונג לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. יעדער געזעלשאַפטלעכער אויפטו דערהויבט דעם אויפ־טוער, אויף וויפל מער ווען עס ווערט געטאָן פאַרן לאַנד, וואָס איז ליב און טייער.

פון רמלה בין איך אַוועק, אין אַ געהויבענער שטימונג, קיין ירושלים, וואו ס׳איז בשעתו פאָרגעקומען דער ציוניסטישער קאָנגרעס. וואָס איך, זייענדיק פון קליינערהייט אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ ציוניסטישער סביבה, האָב איבערגעלעבט, איז שווער צו דערציילן. ס׳איז געווען פאַר מיר אַ גרויסער כבוד און דערהויבונג, ווען איך בין צוגעגאַנגען צו בן־גוריון און צו גאָלדע מאירסאָן, ווי זי האָט נאָך דעמאָלט געהייסן, און זיי האָבן מיך דערקאָנט, וואָרעם וויפל מאָל האָבן זיי באַזוכט אונזערע שטעט עקראָן און קליוולאַנד, און דאָרטן געהאַלטן רעפעראַטן, וועלכע האָבן אונז באַגייסטערט?

אָט אין יענער צייט פון געדיכטע שאָטנס און בלענדיק־העלע ליכטער אין אונזער אידישן לעבן האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ פאַרלאַנג זיך אויס־צודריקן אין פערזן, און איך וועל דאָ ברענגען דריי לידער:

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אין אַ גורלדיקן דור

האָסט מיך, גאָטעניו, באַשאַפן
אין אַ גורלדיקן דור,
פון גאַז־אויוונס, היטלער־שקלאַפן,
און פון טרוים — געוואָרן וואָר!

ווען מ׳האָט אונזערע מיליאָנען
פאַרלענדט אין פייער און אין בלוט,
פיל אַנדערע — אין לאַגער־זאָנען
געלאָזט פאַריתומטע, אָן מוט.

נאָך צוויי טויזנט יאָר פון שטרעבן
דורך פּיין, גרויל און שאַנד —
האָסטו אונז באַשערט צו דערלעבן
דעם אויפקום פון אַ אידיש לאַנד!

ווערט דאָס האַרץ מיינס אָנגעלאָדן
מיט גרויס פרייד, און מיט ווייטיק שווער.
טראַכט איך פון געווינס און שאָדן —
מישט זיך שמייכל מיט טרער...

## אַ חלום

אַ שרעקלעכער חלום
האָט פּלוצים ביינאַכט
אין ווייטיק און אַנגסטן
פון שלאָף מיך דערוואַכט:

אַ חיה, אַ ווילדע
האָט אַ אידן צעביסן,
פון מאָגערן לייב זיינעם
אַלע שטיקער געריסן.

זייק טלית און תפילין
מיט בלוט איז פאַרגאָסן,
נאָך הילף וויל ער שרייען —
נאָר ס׳מויל איז פאַרשלאָסן.

און נאַצישע יונגעץ
זיך שטיקן און לאַכן,
עס צאַנקט אויס אַ לעבן
און זיי — חוזק מאַכן.

איך וויין... און מיט קללות
איך וויל זיי באַפאַלן —
נאָר באַלד פון מיין בעטל
כ׳בין אַרויסגעפאַלן...

געזען כ׳האָב אין שלאָף,
וואָס געשען אויף וואָר...
מאַך, גאָט, שוין אַ סוף
פון זיי נאָך היינטיקן יאָר!

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

## אויף באַזוך אין ישראל

עס האָט אין געהיים מיך
גערופן אַ קול:
„מוזט זען מדינת ישראל
צום צווייטן שוין מאָל!"

מען האָט אונז באַגעגנט
מיט האַרציקער ליבע,
געפירט אונז אין ערטער,
סיי העלע, סיי טריבע...

ס׳איז געווען אין יוני,
אין אַ פרעכטיקער נאַכט —
האָט אָדלער „אל על"
אונז אַהינצו געבראַכט.

מיט אויגן, אָן ווערטער
זיי רעדן, זיי זאָגן:
„אַ הייליקן חוב מוזט איר
אַצינד טראָגן.

אַ שטראָם פון גליק האָט
אין האַרצן געפלאָסן,
און טרערן פון פרייד
האָבן פון אויג זיך געגאָסן.

איר טאָרט אונזער פרייהייט
נישט שטעלן אין קאָן!
נאָך דעם וואָס די וועלט
האָט צו אונז געטאָן!"

צי איז עס אַ חלום,
צי ס׳איז אויף וואָר?
דער זעלטענער זכות
פונעם היינטיקן דור!

איז לאָמיר זיך פלייסן
צו שאַפן צוזאַמען
אַ גליקלעך לעבן
פאַר דער אַלט־יונגער מאַמען!...

פרישע איינדרוקן וואָס כ׳האָב דאַן גלייך פאַרצייכנט אין מיין טאָג־בוך. אָנקומענדיק אויפן לודער פלי־פעלד האָב איך געטראָפן מיינע צוויי קוזינעס, וועלכע זיינען געבליבן נאָכן גרויסן אידישן אומגליק אין מזרח־אייראָפּע פון אַ גאָר גרויסער משפּחה. ס׳איז אויך געווען מיך אָפּוואַרטן אַ קאָמיטעט פון משק־הפועלות, וועלכע האָבן מיך געדאַרפט ברענגען צו חנה טזשיזשיק. ס׳איז שוין געווען פינצטערלעך, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אַהין. אויפן הויף האָבן אויף אונז געוואַרט הונדערטער חברים, חברות. נישט אַלע האָבן געקאָנט אַריין אין זאַל, זיינען אַ סך געבליבן אין דרויסן. ווער איז דאָרטן נישט געווען פון די אָנפירנדיקע חברים? באַראַץ, ווערטהיים, אַפילו חנא מיט די לאַנגע פיס. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די אומפאַרמיידלעכע רעדעס און באַגריסונגען. מיר זיינען געווען מיד פון וועג, האָט מען אונז ענדלעך באַפרייט פאַר נאַכט־רו. מיר האָבן צו פאַרדאַנקען די ליבהאַרציקע

חברות בעבאַ אידלסאָן, סאָפי יודין און שרה קאַפּלאַן פאַר זייער שוועסטער־לעכער באַציאונג.

אין משך פון דער צייט וואָס מיר זיינען דאָרטן געווען, האָבן מיר אויס־געהערט פאָרטראַגן, באַריכטן פון אַ פעריאָד, ווען די ענגלענדער זיינען נאָך געווען די באַלעבאַטים. די פּאָליטיק פון ענגלאַנד מיט שמייכלעך צו ביידע צדדים, דאָס הייסט, צו אידן און צו די אַראַבער, און הינטער אונזערע פּליי־צעס אָנרייצן די אַראַבער אויף אונז. אידן האָבן געדאַרפט אונטער אַזוינע אומשטענדן שטיין אויף דער וואַך, בויען און שאַפן אַ היים פאַר די פאַר־וואָגלטע פון אונזער פאָלק. לויט אַן אַלטן טערקישן געזעץ ווערט אַ שטיק געקויפטער באָדן קאָנפיסקירט פון דער רעגירונג, אויב מען באַזעצט אים נישט. אַ סך לענדערייען האָבן געהערט צו אידן, אָבער זיי האָבן, צוליב גע־וויסע סיבות, דערווייל געפוסטעוועט, און די ענגלענדער האָבן נישט דער־לאָזט זיי צו קאָלאָניזירן. אידן האָבן זיך געדאַרפט קליגן און אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט אַרויפברענגען אויפן באָדן חלוצים, אַרומגראָדזן דעם שטח מיט שטעכיקע דראָטן, און אויף מאָרגן איז די דעמאָלטדיקע רע־גירונג געשטאַנען פאַר אַ געשעענעם פאַקט און געזעצלעך גאָרנישט גע־קענט טאָן...

די הסתדרות איז פּראַקטיש אַ רעגירונג אין אַ רעגירונג, ווי אַלע ווייסן עס שוין היינט זייער גוט און זי האָט אין זיבען אַלע פּראָבלעמען, אין וועל־כע דאָס לאַנד איז פאַרטאָן. זי איז אי די אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער, אי דער אַרבעטס־געבער. זי דערמוטיקט דעם פאַבריקאַנט צו שאַפן אינ־דוסטריען, העלפט אים אָפט אַפילו, אי זי האַלט אַן אויג אויף אים, ער זאָל נישט עקספּלואַטירן די אַרבעטער. דערפאַר דאַרף אונז נישט וואונדערן, וואָס זי אינטערעסירט זיך מיטן וואוילזיין פון אירע מיטגלידער. זי שאַפט קראַנקן־הייזער פאַר חולאים, אָפּרו־ערטער פאַר די מידע און שוואַכע, מושב־זקנימס פאַר די אַלטע לייט. און וואָס איז שייך דעם קליינוואַרג און יונגוואַרג איז דאָך אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז זי איז פאַראינטערעסירט אין זייער פיזישן און גייסטיקן חינוך. די הסתדרות איז די דאָך־אָרגאַניזאַציע פון אַלע אינסטי־טוציעס, וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט די אויסגערעכנטע ענינים.

איך בין באַגייסטערט און פאַרכאַפּט פון די אויסערגעוויינטלעכע זאַכן, וועלכע איך הער. עס ווערט געבאָרן ביי מיר אַ שטאַרקער פאַרלאַנג זיך צו באַזעצן אין לאַנד. איך ווייס, אַז איך וועל האָבן שוועריקייטן מיט מיין מאַן,

וואָס זיצט אין עקראַן און האָט ליב ארץ־ישראל — פון דער וויטנס: „איך קאָן דאָס לאַנד פון תנ״ך!״ — האָט ער ליב מיר צו זאָגן. איך באַשליס אים אָפּצוטאָן אַן „ענגלישן״ שפּיצל, נעמלעך, קויפן אַ הויז אויפן הר הכרמל און אים שטעלן פאַר אַ געשעענעם פאַקט.



# מיין דריטע רייזע קיין ישראל

(דרייצנטער קאַפּיטל)

מיין דריטע רייזע קומט פאָר אין 1956. די „קינדער־היים״ אין רמלה איז שוין אַ פאַקט. פאַר מיינע אויגן הויבט זיך אַ צוויי־שטאָקיקער בנין. איך גיי אום איבער די צימערן, איבערן עס־זאַל, איבער דער קיך — און שעפּ נחת! פערציק קינדערלעך האָבן דאָ געפונען אַ באַקוועמע היים. זייער עלטער? צווישן 4—6 יאָר. איך בין דאָ גראָד אין דער צייט, ווען מען גיט דעם קליינוואַרג מיטאָג. איך טו זיך אָן אַ פאַרטעך און אָט בין איך אַ סאַר־ווערין. דאָס זיינען ביי מיר גליקלעכע מינוטן. איך זיץ ביי די גאָר קליינ־טשיקע און האָדעווע זיי. עס דערמאָנט זיך מיר, ווי איך האָב געהאָדעוועט מיינע אייגענע קינדער, בעת זיי זיינען געוועזן עופעלעך.

איך באַזוך אַ פאַבריק אין נתניה, וואָס געהערט צו דער „מועצת הפועלות״; אויך אַ דרוקעריי, אַ בוך־בינדעריי, אַ שאַפּ וואו מען מאַכט שאַלן, שאַרפעס, ליאַלקעס. זעכצן בלינדע מיידלעך זיינען באַשעפטיקט דאָרטן. איך בענטש אין האַרצן די מענטשן, וואָס האָבן דאָס דערמעגלעכט.

איך באַזוך דעם „טעמפּל באהיי״ אויפן שפּיץ כרמל. ס׳איז אַ גוואַלדיקע איבערלעבונג! גערטנער מיט בלומען, פאַלמע־ביימער. אינעווייניק דעם טעמפּל הערשט אַ רואיקייט, אַ שלווה, אַ מין הייליקייט, ווי גאָט אַליין וואָלט דאָרטן גערוט.

מיר פאָרן איבערן גליל. מיר בלייבן שטיין אין מירון, וואו ס׳קומען פאָר יעדן ל״ג־בעומר גרויסע, פייערלעכע צערעמאָניעס אַרום קבר פון רבי שמעון בן יוחאי. מיר זעען די קברים פון הלל הזקן, פון רבי יוחנן הסנדלר. אין צפת קומען מיר אין קאָנטאַקט מיט אָן אַ שיעור אַלטערטימלעכקייטן. מיר

ווערן פאַרכאַפּט פונעם חולה־טאָל, וואו עס זיינען אַמאָל געווען זומפּן און עס האָבן געהערשט פאַרשיידענע קראַנקייטן, און היינט בליט דער טאָל מיט וואונדערלעכע ישובים, און פון דער ווייטנס טונקען זיך אונזערע בליקן אין גרינקייט. דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דעם „נאַציאָנאַל־פאָנד״, וואָס פלאַנצט ביימער אין אונזער ליב און קלייך לאַנד.

מיר קומען צו צום לייב־מאָנומענט, געשטעלט אין אָנדענק פון יוסף טרומפּלדאָר. אַ קאָלאָסאַלן רושם מאַכט ער! עס טוט וויי דאָס האַרץ אויף די פאַרשניטענע לעבנס פון אַ סך אידישע העלדן. זייער לעצטער אויסגע־שריי איז געבליבן אין די אויערן פון אַ סך אידן, נעמלעך: „ס'איז גוט צו שטאַרבן פאַר אונזער לאַנד!״ אָבער דער סלאָגאַן: „ס'איז גוט צו לעבן אין אונזער לאַנד!״ איז נאָך שטאַרקער און מעכטיקער.

מיר קומען נעענטער צו צום אָרט, פון וואַנען מיר דערזעען דעם באַרג חרמון. ער איז אַכט טויזנט און פינף הונדערט פוס הויך, און אויפן סאַמע שפּיץ טראָגט ער אַ „יאַרמעלקע״ פון שניי. דער אויטאָבוס נעמט זיך פּלו־צים איילן, וואָרום עס פאַלט שוין צו דער אָוונט, און הגם אונזער שאָפער שרעקט זיך נישט, פילט ער זיך אָבער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע פּאַסאַ־זשירן און וויל אונז ברענגען בשלום צו אַ ישוב. מיט אַמאָל פאַרהאַלט ער די רעדער און בלייבט שטיין. וואָס איז געשען? אַ סטאַדע שעפּסן פאַרשטעלן אונז דעם וועג. מיר וואַרטן איבער און טראָגן זיך אַוועק ווייטער.

אויף מאָרגן פאָרן מיר צום ים כנרת. מען רופט עס ים. אין דער אמתן איז עס אַן אָזערע. ס'איז אַ פּרעכטיק־שיינע אָזערע, וואָס כאַפּט פון דער הויך דעם אָנבליק פון אַ האַרפע. די בלויע וואַסערן לאַשטשען דאָס אויג, באַרואיקן דאָס געמיט, כאָטש אויף יענער זייט הויבן זיך בערג, וועלכע גע־הערן שוין צום שונא, נעמלעך, צו דער ירדן־מלוכה, טייל צו סיריע. פון דאָרט, מיינע פריינט, לויערן אַלע צרות. פון דאָרטן באַשיסט מען אונזערע פאַרמער און קיבוצים. מיר באַזוכן די שטאָט טבריה און אירע וואונדער־לעכע בעדער. ס'קומען מענטשן פון אַ שטיק וועלט זיך דאָרטן צו קורירן. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער מעדיצינישער אַנשטאַלט מיט דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער און די נויטיקע מכשירים. מיר קאָנען זיך נישט אָפּ־חדושן, וואָס אידן האָבן אויפגעטאָן אין אַזאַ קורצער צייט. און אָט זיינען מיר ווידער ביים כנרת, פינקטלעך דאָרט וואו דער ירדן פאַלט אַריין.

מיר פאָרן אַריין אין דגניה, אַן אַלטע און רייכע קבוצה. זי פאַרמאָגט

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

אַכצן טויזנט עופות, 300 קי, גרויסע אינקובאַטאָרן, פערד, אייזלען, גענזאָלין־סטאַנציע, בקיצור, אַלץ וואָס מען דאַרף האָבן. פון דאָרטן איז אונזער מאַרש־רוט קיין נצרת. מיר באַגעגענען נאָנעס, גלחים, אָן אַ שיעור קלויסטערס. ס׳איז אַ קריסטלעכע שטאָט אין אידישן לאַנד. מיר בלייבן דאָרט נישט לאַנג און מיר פאַרנעמען זיך קיין חיפה, וואו מען יום־טובט דעם יום־העצמאות.

אַזאַ טאָג קען מען נישט פאַרגעסן! שוין די נאַכט פאַר דער גרויסער געשעעניש האָט מען דאָרטן געטאַנצט אין די גאַסן. דער פּאַראַד האָט באמת געדויערט כמעט אַ מעת־לעת. דאָס אידישע האַרץ האָט אָנגעקוואָלן, נישט אַזוי וואָס אידן קאָנען אויך די חכמה פון קריגס־פירונג, נאָר וואָס אידן ווייזן, אַז זיי זיינען נישט קיין פּחדנים. אויף דעם פּאַראַד האָט מען געזען אַלץ וואָס אַ מאָדערנע אַרמיי שטעלט מיט זיך פאָר, און דער הימל איז גע־ווען פאַרצויגן מיט אַ שירעם פון עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן געוויזן פאַר־שיידענע קונצן אין דער לופט. ס׳קומען טרערן אין די אויגן פון גערירט־קייט, און נישט בלויז ביי אונז פרויען. אַ היפּש ביסל מענער שטופּן די טיכלעך צו די אויגן. ס׳איז אַ חלום! אַ חלום, וואָס ס׳איז באַשערט אָט די צענדליקע טויזנטער אידן אין דער שטאָט חיפה. איך וועל זיך פאַר אייך מודה זיין, מיינע פריינט, איך האָב דעמאָלט תפילה געטאָן: „גאָט, היט אונז און באַשיץ אונז, און הלוואי מען זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו אָט דעם געווער!...״

נאָך דעם גרויסן טאָג, ווי גייט מען נישט אַרויף אויפן הר־ציון אין ירושלים? אמת, קיין פריידן קען מען דאָרטן נישט דערוואַרטן. פאַרקערט, אין די קעלערן האָט מען צונויפגעזאַמלט דעם גאַנצן גיהנומדיקן שרעק און יסורים פון די היטלער־יאָרן און געבראַכט אַהין, זאָל די „וועלט״ וויסן און זען, אויף וואָס די נאַצי־רשעים זיינען פעאיק. מיר גייען אַרויס פון דאָרטן מיט אַ געדריקטן געמיט. מיר קענען לאַנג צו זיך נישט קומען און מיר פאָרן פון דאָרטן צו „רחלס קבר״ צו זוכן ביי איר טרייסט און שלווה.

מיר זיינען ווידער אין ירושלים. מיר קלעטערן אויפן הר־הרצל. מיר שטייען מיט יראת־הכבוד פאַרן דענקמאָל פונעם גרויסן בעל־חלומות. פון זיין טרוים איז געוואָרן אַווירקלעכקייט. אַרום הערשט אַ שטילקייט, אין וועלכער מען קען ממש הערן קלאַפּן דאָס אייגענע האַרץ. נישט ווייט געפי־נען זיך די קברים פון די טייערסטע און ליבסטע, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן

זייערע לעבנס פֿאַר אונזער לאַנד. יעדע לאָנקע, יעדעס גרעזעלע ווערט גע־האַלטן אין וואונדערלעכער אָרדענונג. אַ שיינער פּאַרק מיט „טויטע מענטשן״, וועלכע זיינען לעבעדיק אין פֿאָלקס זיכרון.

מיר לאָזן זיך אַרויס אין „נגב״. מיר פֿאָרן דורך נייע ישובים, און אַנדערע זעען מיר פֿון דער ווייטנס, וואוהין מען לאָזט נישט צו צוליב מי־ליטערישע סיבות. אין דער מדבר זעט מען אָפּט גרינע אינזלען, געשאַפֿן דורך אידישער מי און אַרבעט. אין באר שבע, אברהם אבינוס שטאָט, מאַכן מיר אַן אָפּשטעל. מיר גייען דאָרט אַרום ווי אין אַ חלום. די פֿאַרגאַנגענהייט און דער היינט מישן זיך צונויף. מיר ווייסן נישט וואוהין פֿריער צו קוקן. מיר קומען באַזוכן די קופּער־מינען, וועלכע טראָגן שלמה המלכס נאָמען. ס׳איז אַ פֿאַנטאַסטישע וועלט פֿאַר אַן אונזעריקן מענטשן. עס ווייזן זיך פּלו־צים בעדואינער מיט זייערע שוואַרצע געצעלטן און שוואַרצע ציגן, מיט זייערע פֿאַרשלייערטע ווייבער און אומצייליקע קינדער, וועלכע לויפֿן אום האַלב־נאַקעט און בעטלען ביי אונז קליינגעלט.

און אָט טראָגן מיר זיך שוין ווידער, אָבער דאָס מאָל אויף צוריק. מיר שטעלן זיך אָפּ אין איינע פֿון די עלטסטע קאָלאָניעס, וואָס איז שוין היינט אַ שטאָט, נעמלעך — ראשון־לציון, וואו עס ווערט געמאַכט דער באַרימטער וויין. מען טראַקטירט אונז מיט אָט דער משקה און מיר פֿרישן זיך אָפּ און פֿאָרן ווייטער, און אָט זיינען מיר שוין אין תל־אביב.

עס איז שוין צייט צו פֿאָרן אַהיים, אָבער איך פֿאַרבלייב אויף נאָך אַ חודש. איך באַגעגן זיך מיט מענטשן, פֿריינט, וועלכע איך קאָן נאָך פֿון ווילנע, די ווילנע פֿון מיין קינדהייט און יונגע יאָרן. שמועסנדיק מיט זיי פֿאַר־פֿלייצן מיך זכרונות פֿון יענער צייט, ווען מיר האָבן צוזאַמען געזונגען אידי־שע לידער אויף סכאָדקעס, אין וואַלד, אויף שפּאַצירן. פּרץ הירשביין האָט דעמאָלט געלעבט אין ווילנע. איך געדענק נאָך דאָס ערשטע לידל זיינס, וואָס ער האָט מיר געגעבן פֿאַר דער גרופּע.

דעם 10טן יוני 1956 פֿאַרלאָזן מיר אונזער ליב, האַרציק לענדעלע. אויפֿן לודער לופֿט־פֿעלד באַווייזט זיך צו אונזער גרויסער פֿאַרוואונדערונג בעבאַ אידלסאָן. זי איז זיך געקומען געזעגענען און זי ברענגט פֿאַר מיר אַ מתנה. איך בין שטאַרק גערירט. אָט די מערקווירדיקע פֿרוי איז אַזוי פֿאַרנומען מיט טויזנט און איין אַרבעט, און זי רייסט אָפּ אַ שטיק צייט זיך צו זען מיט אַ חברה!

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

דער עראָפּלאַן איז שוין אין דער לופטן. אָט פליען מיר איבער גריכנ־לאַנד. אין אָונט זיינען מיר שוין אין בריסל, בעלגיע. פאַרטאָג איז די סטאַנציע — לאָנדאָן, און דריי בייטאָג — דער לעצטער אָפּשטעל — ניו־יאָרק.
צוויי לידער ברענג איך מיט פון דאָרטן.

## אין תל אביב, ביים ים

גרויסע כוואַליעס, ווייסע —
זאָגט נאָר אַצינדער:
וואָס וועט זיין מיט ישראל
און מיט אונזערע קינדער?

קליינע שיפלעך אויפן וואַסער —
פאָרן הין און צוריק.
כ׳האָב געבעט און טרערן
אין מיין בליק.

איך קוק אויף די כוואַליעס
אויפן שטורעמדיקן ים. —
איך פרעג אַ סך שאלות
און בלייב שטום, ווי אַ תם...

## אויף די פעלדער פון ישראל

אויף די שפּיצן פון די זאַנגען,
גערשטן און קאָרן —
זע איך פאַרשיידענע
וואונדערלעכע אוזאָרן.

ס׳בליט און עס בלומט
אַ לענדעלע, אַ נייס.
גיבורים דאָרט וואַקסן
פאַר אַ פאָלק, אַ פּרייס.

ס׳איז כמעט אומגלויבלעך,
וואָס מי קאָן אויפטאָן.
נעמט אַ ביישפּיל
פון דן און בית־שאן.

דאָס קינד דאָרטן איז —
אַ שטאָלצער איד.
פון פרייהייט און גלייכהייט,
עס זינגט אַ ליד.

# איך וויל זיך באַזעצן אין ישראל און קען נישט

(פערצנטער קאַפּיטל)

איך האָב נאָך אין אַ פֿריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט וועגן מיין ווילן זיך צו באַזעצן אין לאַנד. זעקס מאָל האָב איך באַזוכט מדינת־ישראל. און יעדעס מאָל איז מיין באַגייסטערונג געשטיגן. איך האָב געפֿילט מיט אַלע חושים, אַז בלויז דאָרטן וואָלט איך געוואָלט אויסלעבן מיינע יאָרן. אָבער שטענדיק האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ שטערונג, נעמלעך, מיין מאַן.

ווען איך בין געווען אין 1960 דאָרטן, האָב איך זיך איינגעהאַנדלט אויפֿן כרמל אַ הויז מיט פֿיר דירות. איינע פֿאַר אונז, דריי — צו פֿאַרדינגען. ס׳איז געווען אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע אַראָפּצוקוקן אויף דער שטאָט, ווי זי שפּרייט זיך פֿאַר די אויגן מיטן פֿאַרנעם פֿון אַ מעטראָפּאָליע, אויפֿן פּאָרט מיט די פֿאַראַנקערטע שיפֿן פֿון אַלע עקן וועלט, אויפֿן מיטללענדישן ים, וואָס פֿאַר־כאַפּט דעם אָטעם מיט זיין שיינקייט, און געהאָפּט...

יאָ, אויך קאָסאָף איז דעמאָלט באַגייסטערט געוואָרן פֿון מיין שילדע־רונג און ער האָט געגעבן זיין הסכמה. און דעמאָלט, ווען מען האָט זיך שוין גענומען קלייבן אין וועג אַריין, האָט מיין מאַן געקראָגן אַן ערנסטע האַרץ־אַטאַקע, און מ׳האָט געמוזט אָפּלייגן די נסיעה.

איר ווייסט דאָך דאָס ווערטל: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט!“

דערוויל די צייט שטייט נישט. איך ווער אַריינגעצויגן אין נייע טעטי־קייטן. איצט גייט די סדרה „אידישער לערער־סעמינאַר“. יואל ענטין קומט צו פֿאָרן קיין עקראָן. מען מוז שאַפֿן געלטער פֿאַר דער אַזוי־נויטיקער אינ־סטיטוציע. יואל ענטין איז אַ שטרענגער מאָנער. ער קוקט אויף דער וועלט פֿון איין שטאַנדפּונקט. ער איז פֿאַרכאַפּט פֿון איין אידייע. ער זשאַלעוועט נישט קיין מי און טרחה פֿאַר איין צוועק. איר האָט געטראָפֿן — סעמינאַר! אָט זיינען אַ פּאָר ביישפּילן: ער זיצט ביי מיין טיש און עסט מיטאָג. באַ־מערק איך, אַז זיין העמד איז אויסגעריבן ביים קאָלנער. גיב איך אים אַ פֿרעג גלאַט אין דער וועלט אַריין: „חבר ענטין, וואָס פֿאַראַ מאָס העמד טראָגט איר?“ פֿאַרזשמורעט ער די קליינע, קלוגע אייגעלעך און טוט אויך אַ פֿרעג סתם: „צוליב וואָס דאַרפֿט איר עס וויסן? ענטפֿער איך: „גלאַט אַזוי“. זיין נייגעריקייט וואַקסט: „וויפֿל ווילט איר אויסגעבן אויף אַ העמד?“

זאָג איך: „אַ דריי דאָלאַר". טוט ער זיך אַ כאַפּ פון אָרט: „אַרויס מיט די דריי דאָלאַר פאַרן — סעמינאַר!"

מיר קומען אַריין אין אַ „דעפּאַרטמענט־סטאָר". ס'איז מיטוואָך, ס'גייט דאָרט אָן אַ ספּעציעלער אויספאַרקויף. דער באַלעבאָס, אַ איד, איז זייער פאַרהאַוועט. ענטין וויל רעדן צו אים וועגן זייך ענין. דער באַלעבאָס פאַר־לויפט אים דעם וועג: „אַז מען שניידט אין פעלד, טאָר מען נישט שטערן. אַזוי זאָגט אונזער תורה!" וויל ער ווייזן זיין לומדות פאַרן גאַסט.

ענטין טוט אויף אים אַ געשריי: „אונזער סעמינאַר איז וויכטיקער פאַר אייער גאַנצער קראָם". וואָס דאַרפט איר חכמות. מיר זיינען אַרויס פון דאָרטן מיט אַ גאַנצן פּופּציקער.

אויך פאַר די לאָקאַלע שטאָטישע אַנשטאַלטן מוז מען עפּעס טאָן. עס לעבט אַ אידישע געמיינדע און דאַרף אויסהאַלטן געוויסע אינסטיטוציעס. איך בין באַפריינדעט מיט הרב אליהו שטאַמפּער *) און מיט זיין ווייב, נחמה **). אמת, אידעאָלאָגיש בין איך ווייט פון זיי. אָבער ווען עס קומט צו העלפן, פאַרגעס איך אין אַלע אידעאָלאָגיעס. ביי מיר האָט זיך אָפּגעהיט אַ בריוול טאַקע פון נחמהן, וואָס ס'איז מיר נאָענט און טייער. אָט איז עס:

טייערע מרת קאָסאָוו: איך וויל אייך אויסדריקן מייך האַרציקן דאַנק פאַר אייער שיינעם שלח־מנות. אייער טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט איז נאָך מער ווערט פאַר מיר ווי דער טשעק. דער עצם פאַקט, וואָס איר האָט זיך דערמאָנט אין אונז אין דעם פריילעכסטן טאָג פון יאָר, לויטן אידישן לוח, וואַרפט אַ ליכט אויף אייער אידעלן כאַראַקטער.

האָפנדיק ווייטער מיטצואַרבעטן מיט אייך פאַרן וואוילזיין פון אונזער געמיינדע, פאַרבלייב איך אייער גוטע פריינדין, נחמה שטאַמפּער.

***

אַרום יענער צייט האָבן זיך ביי מיר אויפגעקליבן אַ צאָל לידער, וועל־כע איך האָב געשריבן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן. קומענדיק אַהיים פון כלערליי מיטינגען, פאַרזאַמלונגען, וואו מען וויל פאַרזאָרגן און לינדערן די נויט פון מענטש און וועלט, האָט מיך אָפּט אַרומגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג אויס־צודריקן אין פערזן מיינע געדאַנקען און געפילן. אַזוי צום ביישפּיל בין איך

*) זיין פאָטער איז פון אונגאַרן געגאַנגען צופוס קיין ארץ ישראל (דעמאָלט פּאַלעסטינע).
**) איר פאָטער איז געווען דער באַוואוסטער ירושלימער רב, ר' פסח צבי פראַנק.

## פעסיל שער־קאָסאָוו

געוועזן זייער גערירט, וואָס מיין יוגנט־חבר דניאל טשאַרני ליגט יאָרן־לאַנג אַ קראַנקער אינעם אַ. ר. סאַנאַטאָריע און איך האָב געשריבן:

### חבר מיינער

חבר מיינער, פון איין שטרעבן
נאָך פון ווילנע, און „עס־עס" —
זאָל דיר גאָט כוחות געבן
און דיר ווייזן איצט אַ נס.

דיין גוף איז, אמת, איצטער שוואַך,
נאָר אין גייסט ביסטו אַ ריז,
דורכגעלעבט האָסטו אַ סך —
וויטיק אין יעדן טראָט פון דיינע פיס.

כ'זע דיך אויף דיין קראַנקן־בעט.
אומעטום דאָס לעבן בליט!
פיל האָסטו דערפון גערעדט,
און נישט געוואָרן מיד.

האָסט די וויטיקן גענומען
מיט אַ שמייכל, אָן פאַרדראָס,
און געשאַפן ווערטער־בלומען
מיט הומאָר, אין פולער מאָס.

ווינטש איך דיר אַ לאַנגן לעבן
מיט געזונט און גליק באַשיינט.
טרייסט געפין אין הויכן שטרעבן,
ווי אַ גוטער מענטשן־פריינט.

איך האָב אַרויסגעגעבן מיינע לידער אין בוך־פאָרם און חבר משה פריי־ליכאָוו האָט געשריבן אַ הקדמה צו זיי. איך וועל דאָ ברענגען עטלעכע ציטאַטן פון זיינע ווערטער:

אַ וועטעראַן־טוערין אין אונזער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, שפּיגלט זיך אָפּ אין אירע שורות איר גליענדיקע אידישע טריישאַפט און איר דראַנג צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייאונג פון אידישן פאָלק אין אייגן לאַנד.

מיר האָבן דאָ פאַר זיך זכרונות פון אירע קינדער־יאָרן אין דער אַלטער היים און איר וואַרעם געפיל פאַר איר היימשטאָט, ווילנע. איר פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט צו אידן מצד די וועלט־רעגירער... עס איז פאַראַן דאָרטן אַן איבערפלוס אין אירע שטאָלצע אידישע שטימונגען.

חברה פעסל שער־קאָסאָוו האָט געהאַט די זכיה, ווי אַ סך אַנדערע אידן, צו באַזוכן ארץ־ישראל אונטערן ענגלישן מאַנדאַט, און די פרייד צו זיין אין דער פרייער מדינת ישראל.

## אַ לעבן פאַרן פאָלק

מיר שאַצן אַלע אָפּ איר איבערגעגעבנקייט צו אונזערע אידעאַלן, און אויך דעם באַשלוס אָפּצוגעבן די גאַנצע הכנסה פון בוך פאַר גע־זעלשאַפטלעכע צוועקן...

דר. שרה פעדער האָט אין אַ בריוו צו מיר, צווישן אַנדערע מיינונגען, אויך געזאָגט אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין בוך: ...איך וויל אייך ווינטשן אַ האַרציקן „מזל־טוב". איך בין זיכער, אַז דאָס שרייבן די דאָזיקע לידער איז פאַר אייך געווען אַן אַרבעט פון ליבע און האָט אייך פאַרשאַפן פיל הנאה.

די קאָפּיע, וואָס איר האָט געשיקט וועט, פאַרשטייט זיך, געהערן דעם אָפּיס. זייט אַזוי גוט און שיקט מיר צו פערזענלעך אַ בוך, און איך וועל באַ־צאָלן מיט אַ פערזענלעכן טשעק... מיט וואַרעמע פערזענלעכע גרוסן,

אייערע דר. שרה פעדער, נאַצ. פרעזידענטין

מיין אַרבעט פאַרן כלל, די פיינע אָפּרופן פון פריינט וועגן מיין זאַמלונג לידער האָבן מיך נישט באַפרידיקט. עפּעס האָט מיך נישט געלאָזן איינרוען. אין מיין האַרץ האָט גענאָגט אַ בענקשאַפט צום קליינעם לאַנד, אויף יענער זייט ים, און איך האָב אויך געדאַרפט, אַמעריקאַניש גערעדט, דאָרטן פאַר־ענדיקן אַ נישט־אָפּגעטאָנענע עובדה.

אין 1963 מאַך איך מיין זעקסטע און לעצטע רייזע קיין מדינת ישראל און ווידער אַמאָל אַליין, וואָרעם מיין מאַן איז נאָך אַלץ נישט אין דער שטי־מונג, און אויך נישט פיזיש בכוח מיטצופליען. איך באַזוך פיל פונקטן אין לאַנד און פאַר דאָס מאָל אויך אַוועק קיין אילת, צום סאַמע דרומדיקסטן געגנט. מען קען זיך קוים פאָרשטעלן, וואָס אידישע ענערגיע און טריישאַפט האָבן דאָרטן אויפגעטאָן. איך שטיי איין אין אַ מאָדערנעם האָטעל מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. פאַר אויף אַ שיף מיט אַ גלעזערנעם דיל, דורך וועלכן מען זעט, וואָס אין די וואַסערן טוט זיך. איך זאַפּ איין אין זיך דעם פראַכט און דעם וואונדער פון אילת, און קער זיך אום קיין חיפה, וואו איך דאַרף, צו מיין צער, ליקווידירן מיין איינגעקויפטע נחלה. ס׳זיינען געווען פאַר מיר שווערע, שווערע מינוטן, ווען איך האָב פאַרקויפט דעם בנין, פאַרלירנדיק, אגב, אַ היפּשע סומע. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין אַנדער ברירה... און קער זיך אום אַהיים, קיין עקראָן.

# מיינע קינדער, זאָלן געזונט זיין!

(פופצנטער קאַפּיטל)

מיינע פריינט קאָנען שטעלן אַ פראַגע. ווען אַ מוטער גיט זיך אָפּ מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צי ווערט נישט פאַרנאַכלעסיקט די דערציאונג פון אירע קינדער? צו מיין מזל האָט אַזוינס ביי מיר נישט געטראָפן. מיין עלטסטע טאָכטער, ריינע־ראָוז, איז געווען אַלט זעקס יאָר, בעת מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין עקראָן, אָהייאָ, פון ניו־יאָרק. איך האָב זי, קודם־כל, געשיקט אין דער תלמוד־תורה, וועלכע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט, צו יענער צייט, אַן אומפאַסיק אָרט פאַר קינדער. דאָס איז געווען, ווי מיר געדענקט זיך גוט, אַן אָפּגעלאָזן, אומריין צימער, פאַרצויגן מיט שפּינוועבס אַרום די פענצטער. דער רבי, אַן אַלטמאָדישער איד, וואָס האָט נישט אַרויסגעלאָזן דעם קאַנטשיק פון האַנט, האָט אָנגעוואָרפן אַ מרה־שחורה נישט נאָר אויפן קליינוואַרג, נאָר אויף אונז אַלעמען. איך האָב גלייך אָרגאַניזירט די עטלעכע מוטערס, און מיר האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו ברענגען דעם חדר אין אָרדענונג. היות ווי קיין געלט איז נישט געווען, האָבן מיר זיך אַליין גענומען צום וואַשן און רייניקן, ביז דאָס צימער האָט באַקומען אַ לייטיש פּנים. מיר האָבן אויך געהאַט אַ שמועס מיטן רבין, וועמעס נאָמען איז געווען פאַקס, און געפּועלט ביי אים, ער זאָל וואָס ווינציקער נוצן זיין בייטשל, און איינצייטיק גענומען זוכן אַ מער פּאַסיקן לערער.

ריינע האָט, פאַרשטייט זיך, באַזוכט איינצייטיק די „פּאַבליק־סקול". זי האָט אַרויסגעוויזן פעאיקייט אין ביידע שולן, און שפּעטער אויך אין „היי־סקול". באַזונדערס האָט זי געהאַט אַ נייגונג צו ליטעראַטור. אין עקראָנער אוניווערזיטעט האָט זי גענומען אַ ספּעציעלן קורס אין דער ענגלישער ליטעראַטור. איר פּראָפעסאָר, לינטש, האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון איר. שוין אין „היי־סקול" האָבן אירע קאָמפּאָזיציעס געצויגן אויפמערקזאַמקייט, און אַוודאי אין עקראָנער „יו" האָבן אירע עסייען וועגן דעם קעגנשטאַנד גוואַלדיק אויסגענומען. זי האָט זיך אָבער ספּעציאַליזירט אין בוכפירונג און געקראָגן אַ גוטע שטעלע, באַלד ווי זי האָט גראַדואירט, אין אַ גרויסער פירמע. נאָכן אָפּנעמען די ערשטע שכירות, האָט זי זיך געטראָפן מיט דזשאָו לעוויט, אַ מענעדזשער פון אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר, און צוליב אים האָט זי געמוזט פאַר־

לאָזן די שטעלע. די צוויי האָבן זיך פאַרליבט פונעם ערשטן אָנבליק און האָבן גאָר אין גיכן חתונה געהאַט. היינט איז זי שוין אַ מאַמע פון צוויי זין און אַ באָבע פון פיר אייניקלעך.

צו מיין צווייטער טאָכטער, חסיה, האָב איך צוגענומען, ווען זי איז אַ קינד געווען, אַ פריוואַטן אידישן לערער. זי האָט גאָר יונג גענומען אַרויס־ווייזן אַ נייגונג צו מוזיק. קריגנדיק איר אַלגעמיינע בילדונג האָט זי אויך באַזוכט אַ מוזיק־שול. זי האָט אויך געהאַט אַ פיינע שטים. אויך זי האָט זיך אויסגעצייכנט אין די לימודים, ספּעציעל אין מוזיק. אַ סימן האָט איר, זי האָט געקראָגן צוויי מעדאַלן אין דער מוזיק־קונסט. גענענדיקט דעם עקזאַן „יו", איז זי געוואָרן אַ „היי־סקול"־לערערין.

זי האָט זיך באַגעגנט אין אַ זומער־רעזאָרט, אין אָהייאָ, מיט איר באַ־שערטן. ער איז געווען און געבליבן אַ מיליטערישער מענטש. איר ווערט שמייכלען, מיינע פריינט, און פרעגן, ווי קומט צו אידן גאָר אַ מיליטער־מאַן? יאָ, איך האָב אויך געפרעגט די זעלביקע פראַגע. אַפילו זיינע עלטערן האָבן זיך לאַנג נישט געקענט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז זייער זון גע־הערט צו „אַן אַנדער וועלט". ער האַלט לעקציעס וועגן דעם דאָזיקן ענין, אָבער אין פריוואַטן לעבן איז ער גראָד אַ שטילער און פרידלעכער מענטש.

מיין זון, הערצל, האָט אַלס קינד באַזוכט דעם „דזשואיש סענטער". נאָך דעם ווי ער האָט גראַדואירט די עלעמענטאַרע און העכערע שול, איז ער אָנגעקומען אין אַ קאַלעדזש אין קאָלאָמבוס, אָהייאָ. ער האָט געענדיקט אויף אַקאַונטן און האָט געקראָגן, דורך דער פּראָטעקציע פונעם סטייט־סענאַטאָר קאַרל שעפּאַרד אַ געהויבענע שטעלע. גלייכצייטיק האָט ער שטודירט אויף אַדוואָקאַט און אויף סי. פּי. איי. ער איז געווען צוויי יאָר אין דער אַרמיי. קומענדיק אַהיים האָט ער, פון אַלע זיינע טאַלאַנטן, זיך אַריינגעוואָרפן אין וויין־געשעפטן. ער האָט דערפונדן אַ פּאַטענט און אים פאַרקויפט פאַר אַ גוואַלדיק גרויסער סומע. וויפל? איז אַפילו פאַר מיר אַ סוד. שטילערהייט זאָגט מען — אַ מיליאָן! ער וואוינט אין בעווערלי הילס, קאַליפאָרניע, אין אַ פּרעכטיקער היים. ער האָט געהאַט וויין־געשעפטן אין פאַרשיידענע שטעט. זיין פרוי, זאַלאַ, אַ באַגאַבטע אידישע טאָכטער, האָט געענדיקט דעם אוני־ווערזיטעט מיט ערן־טיטולן. זיי האָבן דריי זין. זייער וואוילזיין — הלוואי אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן.

וועגן מיין אינגסטער טאָכטער, לאה, האָב איך גערעדט אין אַ פריער־

דיקן קאַפּיטל. זי איז, אומקערנדיק זיך פון ארץ־ישראל, אַריין אין אַ קונסט־שול אין קליוולאַנד. שפּעטער איז זי אָנגעקומען אין אַ גרויסער פירמע. צו צוואַנציק יאָר האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ דאָקטער, אַ פיינער און אידע־לער מענטש, אָבער איר פאַרהייראַט לעבן האָט נישט געדויערט מער ווי פיר יאָר, מחמת לאה איז געוועזן און איז געבליבן אַ קינסטלערין. זי איז אַ מאַלערין און אַ סקולפּטאָרין. איר איז נישט געקראָכן אין קאָפּ די הויז־ווירטשאַפט. איר גאַנץ לעבן דרייט זיך אַרום איר אַרבעט. זי איז אַ קונסט־לערערין און אירע תלמידים זיינען סטודענטן פון „היי־סקול" און קאַלעדזש.

זי איז זיך צעגאַנגען מיט איר מאַן, און זי לעבט מיט איר טאָכטער אין קליוולאַנד.



# מיין היים, אַ מין צענטער אין שטעטל

(זעכצנטער קאַפּטל)

איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַז אונזער היים אין עקראָן, אָהייאָ, איז געווען אַ שטיקל צענטער, אַן אַדרעס פאַר מענטשן מיט אַ נאָמען און אָן אַ נאָמען; מיט אַנדערע ווערטער, פאַר יעדן וואָס האָט זיך אין עפּעס גענוי־טיקט. אָט קומט פאַר, למשל, אַ סטרייק אין שיקאַגאָ ביי „האַרט, שעפנער און מאַרקס", וואו מען פאַבריצירט מענער־קליידער. דער סטרייק פאַרציט זיך. די פּרעסע, די פּאָליציי זיינען דעמאָלט געווען אויף דער זייט פון די באַלע־באַטים. ס'לעבן ווערט, מיט יעדן טאָג, שווערער פאַר די סטרייקערס. מען זוכט זיך צו ראַטעווען מיט די פאַמיליעס פון אונטערגאַנג. מען פאָרט, וואו עס לאָזט זיך. עס קומען אויך אַראָפּ קיין עקראָן פיר אידישע אַרבעטער און — גלייך צו אונז. וואו לייגט מען אויס פיר מענטשן? ס'איז דאָך נישט אויף איין טאָג. זיי זיינען דעמאָלט געווען ביי אונז צען טעג. בקיצור, מען האָט, במחילה, אַוועקגעלייגט אויפן דיל אַ גרויסן מאַטראַץ און שלאָפט איך ברוי־דערלעך. און וואָס מיר האָבן געגעסן, האָבן מיר זיך געטיילט מיט זיי. מיר האָבן געשאַפן רייזע־הוצאות פאַר דריי, און זיי זיינען אַוועקגעפאָרן ווייטער. איינער איז געבליבן. ער האָט געעפנט אַ קראָם אין שטעטל, און ס'איז אים

אַוועק גוט. און ווען ער האָט מיך באַגעגנט, האָט ער אויסגערופן בקול־רם:
„דאָס האָב איך אייך צו פאַרדאַנקען, וואָס מיין לעבן האָט זיך פאַרבעסערט!“
מיט אַזוינע אָדער ענלעכע ווערטער...

ראַבאַי אבא הלל סילווער איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין עקראָן. אים צו הערן, דאַרף איך אייך נישט דערציילן, איז געווען אַ גרויסער נחת־רוח. דאָס איז ער דאָך געווען איינער פון די הויפט־אַרכיטעקטן פון מדינת ישראל! ווער געדענקט נישט זיינע אַרויסטרעטונגען אין דער „יו־ען“ אין די אינ־טערעסן פון אונזער קליינעם לאַנד! איך פלעג זיצן אין די פאָדערשטע רייען אין „טעמפל ישראל“, אַ באַגייסטערטע, אַ פאַרכאַפּטע פון זיינע עמאָציאָנע־לע און דראַמאַטישע רייד. עס איז געווען פאַר מיר ווי אַ פערזענלעכע טראַ־געדיע, ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז ראַבאַי סילווער איז נפטר געוואָרן. דאָס איז געשען אין 1963. און אַפילו היינט, ווען איך דערמאָן זיך אין אים, נעמט מיך אַרום אַ טיפער טרויער.

איך דערמאָן עס קעגן דעם, ווי שטאַרק מיר זיינען געווען אידענטיפי־צירט און צונויפגעבונדן מיט אונזערע פירער און וועג־וויזער.

איך וועל אויך נישט פאַרגעסן די באַזוכן פון חיים נחמן ביאַליק און ד״ר חיים אַרלאָזאָראָוו. ס'איז אַוודאי אַ גרויסע זכיה צו קומען אין קאָנטאַקט מיט אַזוינע גרויסע פערזענלעכקייטן. מען ווערט דערהויבן אין די אייגענע אויגן, און דאָס לעבן בכלל באַקומט אַן אַנדער פּנים. און הגם די יאָרן נע־מען אַוועק אַ סך ביים מענטשן, גיבן זיי אָבער אויך צו. זיי באַרייכערן אונ־זער זיין, און לאָזן איבער שיינע זכרונות.

אַן ענלעכן רושם האָט געלאָזן אויף אונז טאָמאַס מאַסאַריק. אַוודאי האָט זיין באַזוך געטראָגן אַן אַנדער כאַראַקטער, און געקומען איז ער אין אונזער געגנט צוליב אַנדערע צוועקן. אָבער זייענדיק אַ גרויסער ליבעראַל און אַן אוהב־ישראל, האָט ער אונז געוואונען אין גאַנצן אויף זיין זייט.

דער ענין „באָנדס“ פאַר ישראל האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט. מיר האָבן אָנגעפירט די אַקציע מיט אַ סך ענערגיע און פלייס. קודם־כל האָבן מיר אַליין געקויפט און באַאיינפלוסט אַנדערע צו טאָן דאָס זעלביקע. ביי מיר האָבן זיך אָפּגעהיט עטלעכע בריוו בשייכות מיט דעם ענין, וועלכע איך געפין פאַר נויטיק דאָ צו ברענגען.

אגב, האָט די אַקציע צו טאָן סיי מיט עקראָן, סיי טיילוויז מיט מיאַמי:

טייערע חברה קאָסאָוו:

איר וועט אונז זיכער אַנטשולדיקן, וואָס מיר האָבן אייך ביז איצט נישט אַרויסגעשיקט אייער בריוו, וועלכן איר האָט צוגעשיקט צו חברה גאָלדשטיין אין ירושלים. און דער בריוו איז געגאַנגען פון איין האַנט צו דער צווייטער און ענדלעך איז ער אָנגעקומען צו מיר. אָבער צו־ליב די יום־טובים האָט אונזער אָפּיס נישט פונקציאָנירט רעגלמעסיק, און דערפאַר האָב איך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אייך אים אָפּ־צושיקן.

האָף איך, אַז עס איז נישט צו שפּעט און אַז איר וועט אים קאָנען אויסנוצן פאַר צוועקן, וואָס איר זוכט, כדי צו פאַרקויפן אַ גרעסערע צאָל „באָנדס".

די טעג וועט אייך באַזוכן חברה בערט גאָלדשטיין פון קליוולאַנד. איך בין זיכער, אַז איר האָט דורכגעפירט אַ דערפאָלגרייכע באָנד־אַקציע, און אַז איר וועט ווייטער פאָרזעצן אייער אַרבעט מיט גרויס דערפאָלג. איך וויל אויך האָפן, אַז נאָך דעם ווי די חברה האַלפּערין האָט אייך פאַרלאָזן, זייט איר ממשיך די אַרבעט מיט פולער טעמפּאָ, און מיר וועלן הערן פון אייך, אַז איר האָט דערגרייכט דעם מאַקסימום.

מיט די בעסטע גרוסן,

דבורה ראָטבאַרד

***

ליבע חברה קאָסאָוו:

אייער קאַרטל און אייער בריוו זיינען אָנגעקומען אין נאַציאָנאַלן אָפּיס פון „פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע" און איז אונז איבערגעגעבן געוואָרן מיט אַ קורצער צייט צוריק. ווילן מיר זיך טאַקע אַנטשולדיקן, וואָס מיר האָבן אייך גלייך נישט געענטפערט. איצט וועגן אייער אָנ־פראַגע בנוגע אייער „פלעדזש" פון טויזנט דאָלאַר, וואָס איר האָט גע־געבן אין פלאָרידע צו קויפן אַ „באָנד" דאָרטן, און איר ווילט גוט מאַכן אין עקראָן. מיר מיינען, אַז די פלאָרידע־חברות וועלן גאָרנישט האָב דאַקעגן, איר זאָלט דעם „באָנד" קויפן אין עקראָן, ווייל איר זייט דאָך איצט אַקטיוו אין אייער שטאָט, ווי די פאָרזיצערין פון דער „באָנד"־אַקציע. מיר בעטן אייך, אונז צו שרייבן גענויער, ווי אַזוי די

אַקציע גייט אָן אונטער אייער אויפזיכט. די חברות וועלן זיך סטימו־
לירט פון אייער אויפטו און וועלן פאַרקויפן וואָס מער באָנדס.

מיט גרוס, דבורה ראָטבאַרד.

**
*

טייערע חברה פּ. קאָסאָוו:

מזל טוב! אייער בריוו מיטן שיינעם בילד פון אייער אייניקל איז אָנגעקומען אין אָפּיס בשעת מיין וואַקאַציע, און איז מיר פון דאָרטן אָפּגעשיקט געוואָרן אַהיים. כ׳האָב זיך זייער געפרייט מיט אייער ניי אייניקל, און איך ווינטש איך אַ סך נחת צו האָבן פון אייערע קינדער און קינדס־קינדער. סוף־כל־סוף דאַרף דער מענטש האָבן אויך פּער־זענלעכן נחת, כדי צו קאָנען טאָן מער פאַרן כלל.

אייער בריוו האָט מיך אויך שטאַרק גערירט מיט אייער באַשריי־בונג וועגן חבר ענטין. ער פלעגט איך אָפּט, אגב, דערמאָנען צום גוטן, און שטענדיק מיט אַ וואַרעמען געפיל פון חברשאַפט. דאָס איז אונזער איינציקע באַלוינונג פאַר דער כסדרדיקער פּיאָנערישער אַר־בעט. יואל ענטין האָט עס תמיד אָפּגעשאַצט. פאַר אונז איז פאַראַן נאָר איין וועג — זיין וועג — העלפן בויען אַ געזונט אידיש לעבן אין אַ געזונט אידיש לאַנד.

כ׳וויס, אַז איר שטייט פאָרנט פון אונזערע טעטיקייטן און טראָגט די אחריות. זאָלן זיין געבענטש און געשטאַרקט אייערע הענט!

כ׳פאַרהאָף זיך צו זען מיט איך ביי דער קאָנווענשאָן אין סעפּ־טעמבער.

אייער דבורה ראָטבאַרד, נאַצ. דירעקטאָר.

**
*

אין שייכות ווידער מיט „באָנדס" האָב איך באַקומען אַ קורץ בריוועלע פון שושנה הרלי:

טייערע חברה קאָסאָוו:

איך שיק איך אַ בילד פון דער קינדער־היים, אין רמלה, אויף אייער נאָמען, און האָט אַ ביסל נחת! איך שליס איין אַ קבלה אויף טויזנט דאָלאַר, וואָס איר האָט געשיקט אין „באָנד"־פאָרם.

איך בין זיכער, אַז בעבאַ אידלסאָן האָט איך שוין געשריבן. אָבער איך וויל צוגעבן אַ פּערזענלעכן דאַנק פאַר אייער אויפטו. זייט געזונט



ביים גרינדן מיין קינדערהיים אין רמלה, ישראל.
בעבאַ אידעלסאָן ביים מיקראָפאָן, איך בין ביים טיש אין ווייסן הוט.



צום זעקסטן מאָל אין ישראל

איך בין אינמיטן, די קינדערלעך אַרום מיר, אין דעם קינדערהיים וואָס איך האָב אויסגעבויט אין רמלה, ישראל.




ערשטער פיאָנערן־קלוב אין עקראָן — 1931
איך בין אין צענטער, די פינפטע פון רעכטס אין די צווייטע ריי



דאָס איז דער בעבאַ אידעלסאָן קלוב, וואָס איך האָב אָרגאַניזירט אין יאָר 1956 אין מיאַמי ביטש.
די בילד איז גענומען געוואָרן אין מיין הויז, וואו אַלע אונטערנעמונגען זיינען דורכגעפירט געוואָרן.

און גליקלעך, און לאָמיר האָבן די פּריווילעגיע אייך נאָך אַמאָל צו זען מיט אייער פאַמיליע אין מדינת ישראל אין דער גאָר נאָענטער צוקונפט.

מיט פריינטלעכע גרוסן,

שושנה הראלי, מועצת הפועלות, תל־אביב.

***

צוליב מיין מאַנס קראַנקייט, פלעגן מיר באַזוכן מיאַמי ביטש כמעט יעדן ווינטער. היות ווי זיין האַרץ האָט זיך פאַרערגערט, און דער דאָקטער האָט געעצהט אומבאַדינגט זיך צו באַזעצן אין פלאָרידע, האָבן מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסן דאָס דורכצופירן.



# מיר באַזעצן זיך אין מיאַמי

(זיבעצנטער קאַפּיטל)

מיר האָבן זיך גענומען פּאַקן אין וועג אַריין. נאָך פינף צענדליק יאָר וואוינען אין אַ שטאָט איז נישט אַזוי גרינג זיך אָפּצורייסן פון די וואָרצלען, וועלכע מיר האָבן דאָרטן געלאָזן. עס איז געווען אַ שאָד יעדע קלייניקייט. עס קאָסט שטיקער געזונט, ווען מען דאַרף אויפגעבן אַ היים. ביי אונז האָט זיך, אין משך פון דער צייט, אַנגעקליבן אַ וועלט מיט ביכער, וואָרעם מיר האָבן קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, חלילה, אַ שרייבער פון צו קויפן זיין ווערק. מיר האָבן, ווי שוין דערמאָנט, אַ גרויסע, ריכטיקער, אַן אינטימע באַציאונג צו אַ בוך, באַזונדערס צו אַ אידישן. מיר האָבן, ענדלעך, מסכים געווען איבערצולאָזן ביי זיך די סאַמע נאָענטסטע מחברים, דאָס הייסט, זייערע שאַפונגען, און די איבעריקע אָפּשיקן קיין מדינת ישראל.

איך האָב באַקומען דאָס פאָלגנדיקע בריוול פון חבר סטאָלאַרסקי:

חשובע חברה קאַסאָוו:

איך האָב דערהאַלטן אייער בריוו פון זעקסטן דעצעמבער. איך דאַנק אייך זייער פיל פאַרן טראַנספּאָרט ביכער, וואָס איר האָט אונז אַרויסגעשיקט. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז מיר וועלן אים גלייך אָפּשיקן קיין ישראל, אין אַזוינע ערטער, וואו זיי נויטיקן זיך זייער שטאַרק און וואו די ביכער וועלן געלייענט ווערן.

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

אייערע גרוסן פאַר חבר סיגל האָב איך איבערגעגעבן.
נאָך אַמאָל אַ האַרציקן דאַנק.

אייער ישראל סטאָלאַרסקי, נאַצ. געהילף סעקרעטאַר

**\
*

דעם ערשטן „ברוך־הבא" אין מיאַמי האָט אונז געגעבן דער גרויסער שטורעם־ווינט, וואָס זיין נאָמען איז, ווי באַוואוסט, איבער דער גאַנצער וועלט — „האָריקיין" (הוראַגאַן). ווער עס האָט אַמאָל ביגעוואוינט אַזאַ נאַטור־אויסברוך, וועט עס לאַנג נישט פאַרגעסן. איך האָב אים געווידמעט, לויט מיינע כוחות, עטלעכע פערזן. אָט זיינען זיי:

## דער „האָריקיין"

עס קלייבן זיך וואָלקנס.
עס בליצט, עס דונערט!
די הייזער, די גאַסן,
פאַרגאָסן ביז וואונדער...

עס פאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם.
ער האָט אומגליק געבראַכט.
ער האַלט אַלעמען געפאַנגען
אין דער פינצטערער נאַכט.

דער שטורעם — ער רייסט זיך
אַלץ שטאַרקער און שווער.
די ווינטן — זיי וואָיען
אַלץ מערער און מער!

מענטשן גייען אום,
ליגן צי זיצן.
אין די אויגן שניידן
מוראדיקע בליצן.

עס הויבט אָן פליוכען,
שטראָמען זיך גיסן.
עס כאַפּט אָן אַן אימה
אַזש ס'האַרץ ווערט צעריסן.

קינדערלעך וויינען, שרייען —
צו די פאַרגאָסענע שויבן.
מאַמעס בעטן רחמנות
ביי דעם, וואָס זיצט אויבן.

און אָט איז שוין ס'וואַסער
אַריבער די ברעגן.
ווען וועט קומען אַ סוף?
לייט טוען פרעגן.

ווי מיט מיליאָנען שדים
שטורעמט די שטאָט.
צי פאַרנעמט דעם רחמנות
דער אייביקער גאָט?

ס'איז אַלעמען שווער —
מאַן, פרוי און קינד.
ער ווערט אַלץ געפערלעכער —
דער שטורעמווינט!

אַ חורבן, אַ פאַרפלייצונג —
וועט העלפן תפילה, צי פאַסטן?
מען קלערט בעת־מעשה
פון נחס קאָסטן.

אָבער אויף מאָרגן איז די זון אַרויס. דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט אַ בלויקייט, וואָס האָט גערירט דאָס האַרץ. דער ים האָט אויסגעקוקט שטיל, ווי אַ לעמעלע. ס׳האָט זיך גאָרנישט געגלויבט, אַז ערשט נעכטן האָבן זיך דאָרט געהויבן זעקס־שטאָקיקע כוואַליעס און פאַרשוואָנקען דעם ברעג ביז די האָטעלן. ס׳האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַן אָדע צו דער שיינער שטאָט:

## מיאַמי, די שיינע שטאָט

די נאַטור און די מענטשלעכע אַרבעט
איז פאַראייניקט דאָ, ווי אַ צווילינג.
האַרמאָניש צונויפגעגאָסן און ליב,
ווי די זון אָנהויב פרילינג.

ווייסינקע ים־פייגל מיט פליגלען צעשפרייטע —
אָנזאָגער פון אייביקן שלום!
ס׳גלויבט זיך קוים, אַלץ קוקט אויס
ווי אין אַ קינדערשן חלום.

די שלאַנקע פּאַלמעס וויגן זיך אין ווינטל
ווי יונגע טענצערינס מיט גרינע קרוינען.
כ׳בין אויסגעפאָרן פיל לענדער
און נישט געפונען שיינקייטן אַזוינע.

איינער פון מיינע ערשטע באַקאַנטע אין מיאַמי איז געווען דער שרייבער איסר תלוש. ער איז אין אַלגעמיין געווען אַ שווייגער. זעלטן עפּעס געזאָגט. און ווען ער האָט שוין וואָס־עס־איז באַמערקט, איז עס געווען אַ גוט וואָרט פאַר דעם שמועסער. ער פלעגט פאַרברענגען מיט אַ גרופּע אידן כמעט יעדן אָוונט ביים ברעג ים. ער האָט ליב געהאַט מענטשן, זיי אַלעמען אויסגעהערט און מיט אַלעמען סימפּאַטיזירט. מען איז געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. מ׳האָט געקענט זען, אַז ער איז צופרידן וואָס ער דאַרף זיך נישט אומקערן אַזוי גיך צו זיין עלנט צימערל אין דעם אַלטמאָדישן האָטעל. ווען איך האָב אים געטראָפן, איז ער שוין געווען שוואַך אויף די פיס און אַ ביסל הייזע־ריקלעך. מענטשן האָבן דערציילט, אַז תלוש איז אַמאָל געווען אַ לאַנגער

גייער. ער פלעגט אויסשפּאַנען דעם ים־ברעג ביים לאָמוס־פּאַרק און זינגען רוסישע און אידישע ראָמאַנסן און נאָך אים האָבן זיך געצויגן מחנות מענטשן און אים באַוואונדערט.

תלוש האָט ליב געהאַט פּשוטע אידן, און איך האָב אויך געהאַט די זכיה אָריינגערעכנט צו ווערן צווישן זיי. אויף „זיין" באַנק האָב איך זיך באַקאָנט מיט אַנדערע וואוילע לייט, און מיר פלעגן אָנגענעם פאַרברענגען. אָבער גאָר גיך איז דער שרייבער ערנסט קראַנק געוואָרן און מער נישט אַראָפּגע־קומען צו אונז, און מיר פלעגן אים באַזוכן אין זיין אָרעם צימערל. און מיט אַמאָל איז צו אונז דערגאַנגען, אַז ער איז „אַוועק" פון אונז אויף שטענדיק. איך האָב דעמאָלט געפילט ווי איך האָב אָנגעוואוירן אַ גאָר נאָענטן פריינט, אַ ברידערלעכן פריינט, אויב מ'קאָן זיך אַזוי אויסדריקן.

אַן אומפאַרגעסלעכע באַגעגעניש האָב איך געהאַט מיטן שרייבער שמער־קע קאַטשערגינסקי, אין מיאַמי. ער איז געווען מיינער אַ לאַנדסמאַן און אַ שטיקל קרוב אין דער משפּחה. דער דאָזיקער מענטש האָט געהאַט אַ יוגנט־לעכן אויסזען און אַריינגעבראַכט פריילעכקייט, וואו נאָר ער איז אַריינגע־קומען. ער האָט דורכגעמאַכט דעם היטלער־גיהנום. ער איז געווען אַ פּאַר־טיזאַן, און זיין ליד וועגן „גאולה" איז געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער און באַ־ליבט. ער איז אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־אומגליק ערגעץ איבער די אַנדן־בערג אין דרום־אַמעריקע.

היינט איז אויסגעפאַלן דער יאָרצייט פון שמואל ניגער. איך קען זיך נישט געפינען קיין אָרט. איך געדענק אים נאָך פון ווילנע. זיין קאָנספּיראַ־טיווער נאָמען איז געווען „אברהמל". ער פלעגט האַלטן לעקציעס פאַר אונזערע קרייזלעך. אַזוי פיל יאָרן זיינען אַוועק פון דעמאָלט, און עס גע־דענקט זיך גראָד אַ סך פּרטים. מיר האָבן אַרויפגעקוקט צו אים, געשלונגען זיין יעדעס וואָרט. ניין, ער האָט נישט גערעדט צו אונז, אַרבעטער־מיידלעך, וועגן ליטעראַטור, נאָר גראָד וועגן אונזער עקאָנאָמישער לאַגע. נאָך זיין לעקציע האָבן מיר זיך געפילט געשטאַרקט און מוטיק. ס'איז געווען גרינ־גער אָנצוגיין מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן. זיין געשטאַלט איז איינגעקריצט אין מיין געדעכעניש: אַ מיטלוואוקסיקער, מיט אַ גרויסער טשופּרינע שוואַרצע האָר, וועלכע פאַלן אים אויפן שטערן און מיט אַן ערנסט געזיכט, שוין צו ערנסט פאַר זיינע יונגע יאָרן.

# אַלט־נייע אַרבעטן אין מיאַמי

(אַכצנטער קאַפּיטל)

הגם די יאָרן שטייען נישט, מען זעט זיי נישט בלויז אויף יענעם, נאָר אויך אויף זיך, קען זיך אַזאַ מענטש ווי איך נישט אָוועקזעצן, אָדער זיך אַרויסדרייען, פון געזעלשאַפטלעכע טואונגען. איך האָב זיך גאָר גיך אַריינגעוואָרפן אין שאַפן אַ „פּיאָנערן"־גרופּע אין „נאָרמאַנדי אייל" מיטן נאָמען „בעבאַ אידלסאָן" און דעם „קלוב נומער צוויי" אויפן „ביטש". עס פאַרשטייט זיך, אַז בײדע גרופּעס האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשידענע הילפס־טעטיקייטן פאַר מדינת ישראל, ווי די „אַקציע פאַרן אידישן קינד" און „באָנדס".

אַך, מײנע ליבע פריינט! היינט זיינען „באָנדס" אַ פּשוטער ענין. יעדער איד, דאַכט זיך, ווייסט וואָס זיי מיינען. אָבער מיר ליגט נאָך גוט אין טעם יענע צייט, ווען מ'האָט געדאַרפט זיך באַנוצן מיט כלערליי איינפאַלן צו פאַראינטערעסירן אונזער עולם מיט אַזאַ פּראָבלעם.

נעמט, צום ביישפּיל, מיין שטאָט עקראָן. ווען ס'איז דערמאָנט געוואָרן ס'ערשטע מאָל „באָנדס", איז עס געפאַלן אויף טויבע אויערן. איך האָב געמוזט אָפּשלאָגן די טירן ביי אונזערע חברים, און ערשט בין איך אַוועק מיט ליידיקן, ביז... יאָ, ביז דריי „גויים" האָבן געגעבן די ערשטע הונדערטער (אַ „באָנד" האָט דעמאָלט געקאָסט הונדערט דאָלער). איר וועט פרעגן — וואו האָב איך געקראָגן אַזוינע טייערע „גויים"? טאָ הערט אַ מעשה:

איך בין אַוועק צום מעיאָר פון עקראָן מר. שלאָסער און אים פאַרקויפט דעם ערשטן באָנד און נאָכדעם צום באַנקיר מר. דזשעקסאָן, וויס־פּרעזידענט פון די „פוירסט נעשאָנאַל באַנק", וואו איך בין געווען אַ דעפּאָזיטאָרין און אים פאַרקויפט דעם צווייטן באָנד.

איך האָב גענומען זייערע טשעקס און בין אַוועק צו דעם גרעסטן דעפּאַרטמענט־סטאָר אין עקראָן און געוויזן עס צו מר. אַלעקסאַנדער, איינער פון די אייגנטימער, און ער האָט געקויפט דעם דריטן באָנד, און מיט די דריי „גויאישע מלאכים" איז שוין נישט געווען אַזוי שווער צוצוקומען צום אידישן מענטשן.

## אַ לעבן פאַרן פאָלק

פונדעסטוועגן האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ „פרייען פאָלקס־באַנקעט" און אַראָפּגעבראַכט אַזוינע חשובע געסט פון ניו־יאָרק, ווי מאָנטער, מאָרגענטאַו און דעם באַרימטן חזן משה קוסעוויצקי, און אַוודאי די דריי „ראשונים", דאָס הייסט — די וואוילע גוים. מען האָט געמאַכט אַן אַפּיל און עס האָט אַריינגעבראַכט 90 טויזנט דאָלער. לאָמיר שוין דאָ אין איינוועגס דערמאָנען, אַז אין די זעקס טעג, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט די אידישע וועלט, האָט עקראָן צוגעטראָגן אַ גאַנצן מיליאָן דאָלער צום הילפס־פאָנד.

יאָ, טייער, נאָענט און אייגן איז ישראל ביי די מערסטע אידן. מען דאַרף וויסן ווי אָנצורירן די סטרונעס פונעם אידישן האַרץ. צו יענער געשעניש האָט זיך ביי מיר אַרויסגעזונגען:

### איך האָב ליב מיין לאַנד ישראל

כ׳האָב ליב דאָס לאַנד פון די אבות —
ישראלס פּאַנאָראַמע.
כ׳בעט איך, מאַכט נישט קיין טעות —
זי איז די אַלט־גוטע מאַמע.

זאָל לעבן תל־אביב
מיט אירע רעשיקע גאַסן.
אין האַרצן ביי מיר טיף —
בלויז ליבשאַפט, נישט האַסן.

כ׳האָב ליב ארץ־ישראל —
אירע בערג און טאָלן,
אירע גאַסן — זויבער־ריינע,
אירע קינדערלעך, די שיינע.

כ׳האָב ליב די באַרגיקע חיפה
און דעם הר־הכרמל,
זון־פאַרגאַנג — אַ שריפה
זע איך פונעם כרמל!

כ׳האָב ליב אונזער מדינה
די הייליקע ירושלים.
מיר איז ליב יעדע מינע —
לאָמיר טרינקען לחיים!...

כ׳האָב ליב ארץ־ישראל
פון מיין יוגנט אָן.
מיר קעמפן קעגן ישמעאל,
שטעלן דאָס לעבן אין קאָן!

פאַר דער אַקציע, וואָס מיר האָבן אָנגעפירט לטובת דעם „אידישן קינד" האָבן זיך אַ סך חברות בייגעשטייערט. איך האָב דעמאָלט באַקומען אַ בריוו פון חברה בערט גאָלדשטיין. אָט איז ער:

טייערע חברה קאָסאָוו:

איך פאַרהאָף, אַז איר וועט אַנטשולדיקן מיין פאַרשפּעטיקטן ענטפער. איך האָב באַקומען אייער בריוו מיט די ניינציק דאָלער פאַר

אונזער „קינדער רעטונגס־פאָנד". אַ געוויסע צייט האָב איך זיך נישט געפילט אין בעסטן געזונט, און שפּעטער בין איך געווען אויסער דער שטאָט. איך דאַנק אייך פאַר אייער ביישטייערונג און אויך די אַנדערע חברות, וועלכע האָבן דערפילט זייערע אָבליגאַציעס.

בנוגע די נעמען פון די קינדער, וויל איך אייך דאָ זאָגן, אַז מיר קענען דאָס נישט טאָן. ערשטנס, איז נישט ראַטזאַם מיר זאָלן אָנפירן די אַרבעט, אַז איין קינד זאָל האָבן דאָס געפיל, אַז עס האָט אימיצן אין אַמעריקע אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן און אַן אַנדער קינד נישט. מיר פילן דאָ, אַז יעדעס קינד פאַרדינט די זעלביקע זיכערקייט און די וויכטיקסטע זאַך פאַר אונז איז צו ראַטעווען יעדעס קינד.

איך בין זיכער אַז איר וועט איינזען, אַז מיר זיינען גערעכט, און די אַקציע צו ראַטעווען אידישע קינדער וועט אייך געבן אַן אמתע סאַטיספאַקציע.

מיט פּיאָנערן גרוס,

בערט גאָלדשטיין, פאָרזיצערין

***

פון מ. רודענסקי האָב איך באַקומען דעם פאָלגנדיקן צושריפט:

טייערע חברה קאָסאָוו:

ס'איז געווען גוט אייך צו זען און צו שמועסן מיט אייך. ס'טוט מיר לייד, וואָס איך האָב נישט געהאַט מער צייט צו פאַרברענגען מיט אייך.

איך שליס איין אַ קבלה אויף דער סומע, וועלכע איר האָט צוגעשיקט אויף אַריינצושרייבן די נעמען פון אייערע צוויי אייניקלעך אין דעם „ספר הילד". מיר האָבן באַשטעלט דעם סערטיפיקאַט און ער וועט אין גיכן אַרויסגעשיקט ווערן צו די עלטערן פון די קינדער, מר. און מרס. הערצל סניידער.

ביטע, גיט איבער מיינע בעסטע גרוסן צו יאַנקעלען און צו אייער טאָכטער ענִי און איר פאַמיליע.

דאַנקנדיק אייך פאַר אייער גרויסמוטיקייט און אייער וויכטיקע קאָאָפּעראַציע אין שייכות צו אונזער הייליקן צוועק, פאַרבלייב איך

מ. רודענסקי.

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

***

ס׳וואָלט געווען פון מיין זייט אַ טעות און אפשר אַ גוזמא צו זאָגן, אַז אַלץ איז אָפּגעלאָפן גלאַטיק אין מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. כ׳האָב אָפט געהאַט אַ היפש ביסל עגמת־נפש און נישט ווינציק דורכפאַלן. אַזוי דערמאָנט זיך מיר, בעת מיין ערשטן באַזוך אין ישראל, ווען כ׳האָב צוגע־זען, ווי אַריבערגעבראַכטע אידן פון די לאַגערן וואַלגערן זיך אין די בלע־כענע אוּן אַנדערע אַזוינע וואוין־פלעצער. זייער שווערע לאַגע און טאָג־טעגלעכע מאַטערנישן האָבן מיר אויך דאָרט נישט געגעבן קיין רו. איך האָב געקלאַפּט אין די טירן פון טשערטאָקן, בן־צבי, אשכול, מען זאָל העלפן לינדערן די ליידן פון די פליטים. אַוודאי האָב איך זיך געמאַכט נאַריש, וואָרעם זיי האָבן געוואוסט בעסער וואָס צו טאָן, און אויב זיי האָבן פאָרט נישט געטאָן, איז אַ סימן, אַז מען האָט דעמאָלט נישט געקענט טאָן.

אשכול האָט מיר אַפילו רעקאָמענדירט איך זאָל זיך דורכפאָרן קיין זשע־נעווע, שווייץ, וואו ס׳איז בשעתו פאָרגעקומען אַ ציוניסטישע קאָנווענשאַן און פאָרברענגען מיינע טענות צו דעם פרעזידיום. איך בין טאַקע געפאָרן, נישט בלויז דערפאַר, וואָס כ׳האָב געהאַפּט זיך צו דערשלאָגן צו די סאַמע פני, נייערט כ׳האָב אויך געוואָלט בייוואוינען אַזאַ פאַרזאַמלונג...

ס׳איז געווען אַ וואונדערלעכער צוזאַמענפאָר פון אונזערע פירער. ס׳איז געווען וואָס צו זען און וואָס צו הערן, אָבער איך האָב גאָרנישט אויסגעפירט. ס׳איז מיר פאָרט גרינגער געוואָרן אויפן געמיט, ווען איך האָב אויסגעפו־נען, אַז מען פאַרנעמט זיך דאָרטן מיט די פּראָבלעמען, וועלכע זיינען מיר אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען.

אָנשטאָט צו פאָרן אַהיים, האָב איך געמאַכט אַן אָפּנייג, וואָס ס׳האָט אפשר נישט קיין שייכות צו מיין איצטיקער שילדערונג. נאָר ס׳איז דעמאָלט אויסגעפאַלן דער געבוירנטאָג פון מיין זון הערצל, און מיר האָט אָנגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג צו זיין אויף „קבר־אבות” פונעם באַגרינדער פונעם ציוניזם אין ווין, און שפּעטער אין ווילנע, ביי מיינע עלטערן. איך האָב בשעתו באַזוכט וואָרשע און ביי אַ באַנקעט געהערט זשאַבאָטינסקין. אין ווילנע האָב איך נאָך געפונען אַן איינציקן פעטער צווישן די לעבעדיקע. איך האָב זיך אויך באַגעגנט מיט מיין חבר, אברהם שאַכאַן, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ דראַמאַטיש לעבן. איין עפּיזאָד האָט זיך שאַרף איינגעקריצט אין מיין זיכרון. שאַכאַן איז געפאָרן אויף דער באַן און פּויליש כוליגאַנעס

זיינען אים דאָרטן באַפאַלן, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג און פון שרעק אַראָפּ פון זינען. זיינער אַ זון איז היינט אַ דאָקטער אין באָסטאָן.

***

מען לעבט איבער נישט נאָר געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונגען, נאָר אויך אין די ראַמען פון עם אייגענעם קרייז. אַזוי האָב איך צו דערציילן אַזאַ פאַקט:

מיט אַ צייט צוריק איז אַריבערגעקומען קיין מיאַמי אַ פּאָרפאָלק מיט צוויי קינדער פון די לאַגערן. זיי זיינען געקומען אויסגעמאַטערטע, אויסגעצערטע פון די צרות און וואָגלענישן. די מענטשן זיינען געוואָרן אונזערע שכנים, און זיי האָבן גאָר שנעל געוואונען אונזער סימפּאַטיע און פריינטשאַפט.

מיין מאַן און איך געהערן נישט צו די גבירים. מיר האָבן אַ באַקוועמע היים און מיר פירן זיך באַלעבאַטיש. די נייע שכנים האָבן זיך אָפט געווענדט צו אונז נאָך אַן עצה, נאָך אַ גמילת חסד. מיר האָבן זיי קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. אין אַ יאָר אַרום איז זיי צוגעקומען נאָך אַ קינד. אָבער די פרוי איז ערנסט קראַנק געוואָרן. זי האָט געקראָגן אַ פּאַראַליזש און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. אויף אַריינגעמען אימיצן אין הויז איר צו העלפן, איז נישט געווען מיט וואָס. איך האָב אָפט פאַרנאַכלעסיקט מיין אייגענע היים און בין געווען ביי דער שכנה איר באַהילפיק צו זיין.

מען האָט זי ענדלעך אַוועקגעשיקט קיין מאַונט קלעמענס, מישיגען, אין אַ ספּעציעלן הייל־אַנשטאַלט, און איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט אירע קינדער און זיי באַזאָרגט מיט אַלעם נייטיקן. אַ נס איז געשען און מיין חברה איז צוריקגעקומען פולשטענדיק געזונט.

איר מאַנס געשעפטן האָבן זיך אויך פאַרבעסערט. זיי האָבן זיך אַריינגעקליבן אין אַ נייער דירה. אַלץ האָט אויסגעזען פיין און לייטיש. נאָר פּלוצים איז איר מאַן געשטאָרבן. זי איז געבליבן אַ פאַרמעגלעכע אלמנה. זי האָט גענומען פאַרקערן צווישן רייכע לייט, אין רייכע קרייזן און זיך פאַרגעסן אין גאַנצן אין אירע אַמאָליקע פריינט, אין מיר אויך. קורץ און שלעכט, איינע פון יענע געשעענישן, וועלכע טרעפן יעדן טאָג און אומעטום. פונדעסטוועגן פאַרדריסט עס. און איך האָב זיך געווענדט, אין מיין פאַרביטערטקייט, צום שרייבער ש. יודסאָן. איך האָב אַליין פאַרשטאַנען, וואָס זיין ענטפער וועט זיין, נאָר דאָס אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן איז אויך עפּעס ווערט. אָט איז זיין ענטפער:

„אייער פֿראַגע איז גאָר־גאָר אַן אַלטע, נאָך עלטער ווי געלט איז אַלט. זי שטאַמט פֿון דער צייט, ווען מענטשן האָבן צו עקספּלואַטירן איינער דעם צווייטן צו געווינען עפּעס אויף יענעמס חשבון; פֿון דעם טאָג, ווען עס האָט זיך גענומען שאַפֿן צווישן מענטשן אַ געזעלשאַפֿט־לעך לעבן.

אין מערער פֿאַלן ווי אין ווייניקער האָט עשירות שטענדיק דער־ווייטערט מענטשן ווי דערנענטערט, און פֿאַר דעם דאַרף באַשולדיקט ווערן די מענטשלעכע נאַטור. ווען אַן אָרעמער מענטש ווערט מיט אַמאָל, אָדער ביסלעכווייז, רייך, פֿילט ער געוויינטלעך, אַז עס וועט אים נישט אָנגיין די רייכקייט, ווען ער וועט בלייבן אין דער סביבה פֿון זיינע אַלטע פֿריינט. ער האָט מורא פֿאַר זייער ניט־פֿאַרגינעריש־קייט און זוכט זיך צו דערווייטערן פֿון זיי, און באַזונדערס פֿון אַזעלכע, צו וועמען ער איז געווען פֿאַרפּליכטעט פֿאַר טובֿות, וואָס ער האָט אַמאָל פֿון זיי געקראָגן. עס זיינען, נאַטירלעך, פֿאַראַן אויסנאַמען, אָבער מיט אויסנאַמען רעכנט מען זיך, בדרך־כּלל, נישט.

אָבער אידעלע, גוטהאַרציקע לייט רעכענען זיך נישט מיט דעם פֿאַקט און ווען עס קומט צו העלפֿן אַ נויטבאַדערפֿטיקן, העלפֿן זיי און שוין!..."

אָט דער דירעקטער ענטפֿער פֿון דעם חשובֿן שריפֿטשטעלער האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַ בעסערער שטימונג. עס זיינען דאָ „אמתן", וועלכע איר ווייסט אַליין, אָבער ס'איז אָנגענעם זיי צו הערן אויך פֿון אַנדערע, איבערהויפּט פֿון אַ מענטשן, וועלכן איר רעספּעקטירט און שעצט.

דער באַשריבענער עפּיזאָד און אַנדערע ענלעכע זיינען, מיט דער צייט, פֿאַרבלאַסט געוואָרן, און איך, די פּשוטע אידישע פֿרוי פֿון ווילנע, האָב אויך אויף ווייטער געלאָזט אָפּן מיין האַרץ פֿאַר נאָענטע און ווייטע, און דער עיקר — פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע צוועקן, און ספּעציעל פֿאַר אַלע טואונ־גען לטובֿת אונזער ליב לאַנד, מדינת ישראל!

# בוירט גאָלדשטיין אין מיאַמי

(ניינצנטער קאַפּיטל)

אַז חברה בוירט גאָלדשטיין קומט קיין מיאַמי האָט עס צו טאָן מיט „באָנדס". אָט דער אַרטיקל ווערט נישט אַראָפּגענומען פון סדר־היום. דאָס לאַנד ישראל נייטיקט זיך אין פאָנדן, און מען מוז זיי שאַפן. איך האָב איינ־געאָרדנט אין אונזער היים אַן „אַוונט" און פאַרבעטן אַרום הונדערט מענטשן, וועלכע זיינען פינאַנציעל בכוח עפּעס צו טאָן. מאָלט אייך, ס'איז געווען אַ שווער שטיקל אַרבעט, וואָרעם קיין הילף האָב איך נישט געהאַט. ס'האָבן זיך יאָ אָפּגעזוכט דעמאָלט פינף חברות, אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי קענען נישט קומען. בקיצור, חברה גאָלדשטיין קאָן רעדן, קאָן איבערצייגן! זי האָט אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג און ביי די געסט האָבן זיך געעפנט די הערצער און — די בייטלען. יענער אַוונט האָט אַריינגעבראַכט פופצן טויזנט דאָלאַר פון פאַרקויפטע באָנדס. און ווי גייט דאָס ווערטל: „מצווה גוררת מצווה" — ביי יענער געהויבענער שטי־מונג האָב איך באַשלאָסן אָפּצוגעבן פאַרן „קרן־קימת" די באַצאָלטע פינף דונאַם לאַנד, וואָס איך האָב איינגעהאַנדלט דורך דר. שיינקין בעת מיינעם אַ באַזוך אין ישראל.

קאָסאָוו, וואָס איז אַ האַרץ־קראַנקער פאַר די לעצטע 35 יאָר, איז גע־ווען איינשטימיק מיט מיר מיט דעם אויפטו. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיין געזונט האָט זיך פאַרבעסערט פון נחת. ליידער האָב איך געמאַכט אַ טעות. זיין געזונט־צושטאַנד איז אין עטלעכע טעג אַרום ערגער געוואָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צו זיין שווערער חולאת איז צוגעקומען אַ פּיל ערגע־רע, וואָס איך קען אַפילו נישט ברענגען אויף די ליפּן.

פון דעמאָלט אָן געפינט ער זיך מער אין שפּיטאָל ווי אין דער היים. אָט דעם דאָזיקן שטילן, ליידנדיקן מענטש איז נישט באַשערט צו האָבן אַ ביסל פרייד אין זיין לעבן. די איינציקע טרייסט איז, וואָס מיינע קינדער ווייזן אים אַרויס אַ סך ליבע און איבערגעגעבנקייט, באַזונדערס טאָקע די איינגערע טאָכטער. זי איז אויסגעוואַקסן אויף זיינע הענט, און ער פילט זיך זיך געטרייסט און לייכטער אין איר אָנוועזנהייט. לײדער וואוינט זי אין קליוולאַנד, און זי מוז זיך באַנוגענען מיט אַ וויזיט פון צייט צו צייט.

מיין מיטלסטע טאָכטער, עני, וואוינט אין מיאַמי. זי איז אַ לערערין, ווי שוין דערמאָנט, אין אַ „פּאָבליק־סקול". ווען זי באַזוכט אונז נעמט אים אַרום אַ פרייד.

אָט אַזוי, מיינע פריינט, איז דאָס לעבן פול מיט ראַנגלענישן און שוועריקייטן, אָבער עס ווילט זיך נישט אונטערגעבן. דער מוח איז וואָך צו אַלע געשעענישן און טרעפענישן אין דער אידישער וועלט. אָט לייען איך אין ציַיטונג אַ בריוו פון אַ פופצן־יאָריק אידיש מיידל, אַ יתומה, וועלכע געפינט זיך אין ישראל און זי בעט, אפשר וועט אימיצער זי דערקאָנען, לויט דער פאָטאָגראַפיע דערביי, מחמת זי איז געבליבן אַליין. און זי דערציילט: ווען זי איז געווען פיר יאָר האָט איר אַ קריסטלעכע פוילישע פרוי געפונען אין די גאַסן פון אַ קליין שטעטל, לעבן וואַרשע, און זי טראַנספערירט אין אַ יתומים־הויז אין אידישן לאַנד. זי איז דאָרטן אויסגעוואַקסן און לעצטנס איז זי אָנגעקומען אַרבעטן אין אַ קיבוץ.

איך האָב זיך גלייך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן מיידל, איר איבערגעשיקט קליידונג און אַנדערע נייטיקייטן, און אויף מיין דריטן באַזוך אין דער מדינה האָב איך זיך געטראָפן מיט איר.

די פּאָסט האָט ערשט געבראַכט די אידישע צייטונגען פון ניו־יאָרק. איך לויף איבער מיטן בליק די נייעס, און אַ טיפער טרויער נעמט מיך אַרום. עס ווערט געמאָלדן, אַז דער יונגער פּראָפ. אוריאל וויינרייך איז נפטר געוואָרן. אָט די געשעעניש וועקט אויף אין מיר אַ שטיק פון מיין יוגנטלעכן לעבן. און היות ווי ס'איז מיין נאַטור אויסצוגיסן מיינע שטימונגען אויף פּאַפּיר און טאָקע פאַר דעם מענטשן, וואָס האָט אויערן דערצו, שרייב איך אַוועק צו דר. א. קלאָרמאַן אָט דעם בריוו, און ער דרוקט אים אָפּ ווי ער שטייט און גייט, און מיט אַלע מיינע ווייבערשע סענטימענטן.

„טייערער דר. קלאָרמאַן:

ס'האַרץ וויינט אין מיר און טרערן גיסן זיך מיר איבערן פּנים, און צו וועמען און פאַר וועמען קאָן איך אויפדעקן מיין צער, אויב נישט פאַר אייך? איך האָב פאַר זיך די צייטונג פונעם 2טן אַפּריל, וואו ס'ווערט געמאָלדן וועגן דעם טויט פון א. וויינרייך, און ס'ווערט געוויזן זיין בילד. איר וועט פרעגן, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דער פאַרשטאָרבענער מיט מיר? טאָ הערט זשע, איך בעט אייך, און איך וועל דערציילן:

אוריאלס באָבע, מאַדאַם שאבאד, איז געווען מיין לערערין אין דער

אָוונט־שול, אין ווילנע, אויף זאוואלניע גאַס. צו באַשרייבן דער פּרויס שיינ־קייט איז נישט פאַר מיין כוח. זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ מאַדאָנע. און איר גוטסקייט ? הערט, איך בעט אייך, מיט קאָפּ :

איין מאָל, זיצנדיק ביי דער לעקציע (מיר האָבן געלערנט פיר מאָל אין וואָך), האָט זי מיר, פאַרבייגייענדיק, אַ גלעט געטאָן מיין האַנט און איינ־קוקנדיק זיך אין מיר, האָט זי מוטערלעך צו מיר געזאָגט : 'גיי אַהיים, איך קאָן זען אַז דו פילסט זיך נישט גוט'. איך האָב דעמאָלט געהאַט פיבער, אָבער מיר האָט זיך נישט געגלוסט איבערצורייסן דעם שיעור, האָב איך זיך געמאַכט נישט הערנדיק. זי איז אָבער באַשטאַנען, און אויך געפּאָדערט, אויב איך וועל אויך מאָרגן פילן אַזוי, זאָל איך אומבאַדינגט אַריינגיין צו איר מאַן, דר. צמח שאבאד, וועלכער איז געווען אַ באַרימטער דאָקטאָר אין שטאָט.

אויף מאָרגן האָב איך שוין גיין נישט געקענט. איך האָב זיך קוים דערשלעפּט צו אים. און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער האָט גע־וואַרט אויף מיר. ער האָט מיך אויסגעהערט, מיר געגעבן אַ רעצעפּט און פאַרזאָגט, איך זאָל טרינקען, כאָטש יעדן טאָג, אַ פלעשל קעפיר. מיר האָט זיך ביטער געשמייכלט, וואָרעם אַ פלעשל קעפיר האָט געקאָסט דעמאָלט 35 קאָפּיקעס, און ווער האָט עס פאַרמאָגט אַזאַ אוצר ? ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף מיין דילעמע און כלומרשט אַזוי זיך אַ פרעג געטאָן אויף מיין אַדרעס.

דעם צווייטן טאָג, אין דער פרי, האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ הויכער יונג מיט אַ קעסטל אין די הענט און געפרעגט, צי דאָ וואוינט אימיצער מיט אַ נאָמען ענלעך צו מיינעם. נישט הערנדיק מיין ענטפער, האָט ער אַוועק־געשטעלט דאָס קעסטל און איז נישט געוואָרן. קראַנקערהייט האָב איך גע־פּרואווט אים רופן צוריק, אָבער ער איז שוין נישט געווען. ווען איך האָב געעפנט דאָס פּעקל האָב איך דאָרטן געפונען 36 פלעשלעך קעפיר. דאָס האָט מיר דער ליבער דאָקטאָר באַזאָרגט, איך זאָל קומען צו די כוחות.

דאָס איז בלויז אייןביישפּיל פון זיין נאָבלקייט. עס זיינען געווען צענ־דליקער לייט, וועמען ער האָט געטאָן גרעסערע טובות. ער האָט געגעבן מיט־לען אויף אויפצוהאַלטן אַ „ביליקע קיך" פאַר אָרעמעלייט. צו זיינע לעק־ציעס פלעגן קומען מאַסן מענטשן און אָנגעקוואָלן פון זיינע רייד. זייענדיק דאָס לעצטע מאָל אין ווילנע, בין איך געווען אויפן בית־עולם ביי זיין קבר. איך האָב געקושט דעם שוואַרצן מירמלשטיין מיט זיין נאָמען.

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

דער פריצייטיקער טויט פונעם יונגן ווײַנרײַך, אַן אייניקל פון די באמת גרויסע מענטשן, צמח און פרוי שאבאד, האָט מיך אין דעם אָלעמען דערמאָנט".

אויף מײַן בריוו האָט מיר דר. קלאָרמאַן געענטפערט בזה הלשון:

„זייער חשובע פר' פ. קאָסאָוו:

מיר דאַנקען אײַך האַרציק פאַרן צוגעשיקטן בריוו, וואָס האָט אַ אידיש־היסטאָרישן ווערט פאַר אונזערע לייענערס. דער ענין, וועלכן איר באַהאַנדלט, איז פון גרויס וויכטיקייט און קאָן פאַראינטערעסירן יעדן פאַרשטענדיקן לייענער".

***

אין איין שיינעם טאָג אין מיאַמי האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר אַזאַ ליד וועגן דער שטאָט:

## פאַרלאָזן מײַן היים, אין קאַלטן צפון...

פאַרלאָזן די היים, אין קאַלטן צפון,
וואו די זון איז קאַרג, רק זי טוט שלאָפן.
כ'האָב פאַרביטן זי אויף אַ שטאָט,
וואו פאַלמעס רייסן זיך צו גאָט.

דער הימל גאָלד און בלוי, —
איך, אַן עלנטע פרוי,
באַזינג דעם טאָג און די נאַכט.
ערגעץ איז דאָ אַ מאַכט,

די פייגל זינגען שירה
אַפילו אין טעג פון ספירה.
צו דער שטאָט — אַ שבח!
אַ לויב און אַ לאַך!

וואָס הערשט איבער וועלט —
מײַן האַרץ קוועלט —
איך טו תפילה צו דיר,
ביי דער אָפענער טיר.

מיט מײַן בליק צום הימל, —
פאַרצויגן מיט אַ דרימל.
גאָט איז אַלעמאָל וואַך. —
צו דער שטאָט פון זון — אַ שבח!...

# בריוו, בריוו, בריוו, בריוו!

(צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

פון די פאָלגנדיקע בריוו קאָנט איר זיך אָנשטויסן, מיינע ליבע פריינט, ווי פאַרטאָן איך בין געווען מיט די פאַרשיידענע ריכטונגען פון אונזער באַוועגונג. עס איז מיר דעמאָלט געווען ליב די אַרבעט, און ביי מיר איז געבליבן אַ וואַרעמער סענטימענט אין אויפהיטן די בריוו.

***

שרייבט מיר דזשעני טווערסקי פון „מועצת הפועלות״:

טייערע חברה פעסל:

ווי כ׳האָב צוגעזאָגט, שיק איך אייך צוויי פאָטאָס פון אייער וויזיט אין אשדות־ים. איך וויל האָפן, אַז איר האָט געהאַט אַן אָנגענעמע רייזע אַהיים און איר האָט געפונען אייער משפחה אין גוטן געזונט.

איך וויל איר זאָלט וויסן ווי צופרידן איך בין געווען פון מיין באַקאַנטשאַפט מיט אייך, אויסגעפינענדיק ווי גוט באַקאַנט איר זייט מיט אונזערע צילן און מעשים. אַצינד, נאָכן אָנקלייבן אַזויפיל איינדרוקן פון אונזערע אויפטואונגען אין לאַנד, צווייפל איך נישט, אַז איר וועט פאַרשטאַרקן אייער טעטיקייט לטובת דער „פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע״. ווי אַ צוגאָב צו אייערע פאַרהעלטענישן לגבי ישראל און דעם אידישן פאָלק, האָט איר נאָך אַ ספּעציעלע נייגונג צו פּאָעזיע, וועלכע בינדט אונז.

איך וועל זיין זייער צופרידן צו הערן פון אייך. מיט די בעסטע וואונטשן,

דזשעני טווערסקי

***

איך האָב צוויי בריוו פונעם פאַרשטאָרבענעם חבר ל. שפּיזמאַן.

ליבע חברה קאָסאָוו:

אַ דאַנק פאַר אייער בריוו. נעמט אייך צו דער אַרבעט. אויב איר וועט וועלן קאָנט איר אַ סך אויפטאָן. דאָס ווייס איך פון די גרוסן וואָס איך האָב געהערט פון אייך פון קרוזאָ און אַנדערע חברים. גיט

מיר די אַדרעסן פון די חברים, וועלכע איר האָט אויסגערעכנט, וועלן מיר זיך ווענדן צו זיי. אין מיאַמי קאָן מען זיכער שאַפן עטלעכע הונדערט דאָלאַר. לאָזט דערוויל אָפּ די פיאָנערן פּרויען. זאָל מען זיך קאָנצענטרירן אויף דער פּאַרטיי און „פאַרבאַנד", יחידים און צווייגן.

איך דערוואַרט אויך אַז איר אַליין וועט ווערן אַ „ספּאָנסער". דאָס איז דאָך אייערס אַן אַלטע טבע אָנצוהייבן פון זיך אַליין.

איך דערוואַרט אייערע אָפּטע און דערמוטיקנדיקע בריוו.

מיט די בעסטע גרוסן, אייער

ל. שפּיזמאַן

***

נ.ב. איר פאַרשטייט שוין מסתמא אַליין, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן דער „געשיכטע פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג", וואָס איז שפּעטער אַרויס אונטער שפּיזמאַנס רעדאַקציע.

ליבע חברה קאָסאָוו:

וואָס מאַכט איר? איך פאַרהאָף אַז איר האָט גוט פאַרבראַכט אין די באַזוכטע פּלעצער, און אַז איר וועט זיך איצט נעמען מיט באַנייטער ענערגיע צו דער אַרבעט לטובת די „פּרויען־פּיאָנערן" אין מיאַמי.

איך וויל אייך דערמאָנען, אגב, אין אייער צוזאָג צו העלפן שאַפן ביי אייך אין שטאָט אַ גרעסערע סומע פאַרן „געשיכטע־קאָמיטעט". איר וועט דאָ געפינען אונזער „ליפלעט" וועגן אונזער ענין. איך בעט אייך, שאַפט עטלעכע „ספּאָנסערס" צווישן די קלובן, און רעדט זיך דורך מיט די אָנפירנדיקע חברים פון אונזער באַוועגונג וועגן דעם דערמאָנטן פּראָיעקט.

יעדנפאַלס דערוואַרט איך פון אייך שנעלע און גוטע נייעס.

אייערע זכרונות פון ווילנע זיינען זייער אינטערעסאַנט.

מיט די בעסטע גרוסן,

ל. שפּיזמאַן

***

טייערע חברה קאָסאָוו:

אַ דאַנק אייך פאַר שרייבן אונז וועגן די לעצטע אונטערנעמונגען, וועלכע איר האָט דורכגעפירט אין אייער קלוב. עס פרייט אונז אַלע־

מען צו קריגן אַזוינע באַריכטן, וואָרעם מיר זיינען שטאַרק פאַראינ־טערעסירט צו הערן וואָס ס׳טוט זיך אין די קלובן.

ווי איר ווייסט מסתמא, דרוקן מיר נישט לעצטנס קיין אינדיווי־דועלע באַריכטן אין אונזער זשורנאַל. די רעדאַקציע האָט אָבער אַרויסגעשיקט אַ נאָטיץ צו אַלע קאָנסילס מיט דער בקשה, זיי זאָלן אונז מיטטיילן וועגן זייערע טעטיקייטן פאַרן סעזאָן. אָט די באַריכטן וועלן דערשיינען אין מאַי־יוני־נומער, און איר וועט דאָרטן געפינען דעם רעפּאָרט פונעם מיאַמער קאָנסיל.

מיט די בעסטע וואונטשן פאַר דערפאָלג אין אייערע אַקטיוויטעטן, פאַרבלייבן מיר, אייער

חיה סורקין, פרויען־פיאָנערן

***

זייענדיק פאַרנומען מיטן ענין, ווי אַזוי אידן זאָלן אינוועסטירן געלט אין ישראל, האָב איך זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם צו חבר א. העמלין. האָב איך באַקומען פון אים אָט די תשובה:

ליבע חברה קאָסאָוו:

אייער בריוו פון 16טן מאַי דערהאַלטן. איך האָב בדעה אויפצו־נעמען אייער ענין מיט ה׳ כאסקין, דער קאַסירער פון דער הסתדרות, וואָס קומט קיין אַמעריקע גאָר אין גיכן.

ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז ה׳ כאסקין וועט וועלן האָבן מער דעטאַלן פון אייער פּראָיעקט. וועלן מיר זיך דעמאָלט ווענדן צו אייך נאָך אַ מאָל. איך בין מסכים מיט אייך, אַז די וועלכע ווילן מאַכן אינוועסטירונגען אין ישראל און העלפן בויען דאָס לאַנד, דאַרפן צו דעם דערמוטיקט ווערן. איך דאַנק אייך פאַר די גרוסן צו מרס. העמלין, און איך ווינטש דעם חבר קאָסאָוו געזונט.

מיט האַרציקסטע גרוסן, אייער

א. העמלין

***

מיין טייערע חברה קאָסאָוו:

אַ שיינעם, האַרציקן דאַנק אייך פאַר אייער בריוו פון מיאַמי, פאַרן גוטן באַריכט פון אָפּגעטאָנענער אַרבעט. סיי נינאַ צוקער־מאַן, סיי חברה ראטנער האָבן אונז אינפאָרמירט וועגן דעם. מיר האָבן

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

דאָס געפיל, אַז אַ דאַנק אייך — לעבט מיאַמי און אַרבעט לטובת אונזערע אינטערעסן...

מיר האָבן לעצטנס געשיקט אַ גרעסערע סומע קיין ישראל. מען נייטיקט זיך דאָרטן, ווי איר ווייסט אַליין, אין וואָס מער, מחמת דער ישראל־פונט איז געפאַלן אויפן וועלט־מאַרק.

מיט די בעסטע גרוסן,

שרה פעדער

**

טייערע חברה קאָסאָוו:

איך נוץ אויס אָט די געלעגנהייט און שרייב צו אייך וועגן דער גרויסער נויט אין פינאַנצן, וואָרעם מיר דערוואַרטן טויזנטער אידן פון רומעניע מיט זייערע פאַמיליעס, און מען וועט זיי דאַרפן באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ און מיט שפּייז, און זייערע קינדער מיט שולן, און זייערע יוגנטלעכע מיט אַ פאַך.

אונזערע הענט זיינען פול. איר דאַרפט זען צו פאַראינטערעסירן וואָס מער פרויען אין אָט דער הייליקער אַרבעט, און אונז גרינגער מאַכן אַ ביסל די גרויסע אַרבעט.

מיט גרויסע האָפענונגען אויף גוטע רעזולטאַטן, אייער

בעבאַ אידלסאָן

**

איך האָב אין ישראל דערהאַלטן אַ בריוו פונעם באַרימטן שריפטשטעלער מאָריס סעמיועל, וועלכן איך האַלט טייער. ער האָט געענטפערט אויף מיינע שווערע איינדרוקן, דורכגעלעבטע די ערשטע יאָרן אין מדינת ישראל, ווען מאַסן אידן האָבן געשטראָמט אין לאַנד, און עס איז נישט געווען פאַר זיי צוגעגרייט אַ מקום־מנוחה, און זיי האָבן זיך ממש געוואַלגערט אויף דער ערד, זיך פאַרדעקט, אין די קאַלטע נעכט, מיט שטיקער פאַפּיר, געהונגערט און זיך געמאַטערט אונטער די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. זיין בריוו איז אַ מין טרייסט און בטחון אויף בעסערע צייטן.

**

טייערע פריינדין קאָסאָוו:

איך בין אייך טיף דאַנקפול פאַר אייער בריוו, און איך ענטפער אייך גלייך. מיינט נישט, אַז איך קען נישט פאַרשטיין אייער פאַרבי־

טערונג און פאַרצווייפלונג. מיינט אויך נישט, אַז איך וויל אייך צו־רעדן צו פאַרבלייבן דאָ אין לאַנד מיט אייער משפחה. איך האָב קיינ־מאָל נישט צוגערעדט קיינעם צו פאָרן קיין ישראל אין אַזאַ ביטערער צייט. איינער מוז עס טאָן אויף זיין אייגענער איניציאַטיווע. עס וועט קומען, פריער צי שפעטער, אַ צייט, ווען עס וועט זיין בעסער און איר וועט קאָנען פאַרווירקלעכן אייער פערזענלעכן טרוים זיך דאָ צו באַזעצן. טראָץ אַלע שוועריקייטן, דאַרף מען נישט פאַרצווייפלען. מיר וועלן סוף־כל־סוף אַרויס פון דער לאַגע מיט אַ זיג. איר פאַרשטייט זיכער, אַז מיר טוט ביט ווייניקער ווי דאָס האַרץ אויף די פאַרלוסטן אין די לעצטע חדשים. היסטאָריש גענומען איז די איצטיקע לאַגע נישט די מאָס. וועט זיך אונז איינגעבן צו פאַרגרעסערן די אידישע באַפעלקערונג אין די קומענדיקע צען יאָר, מיט אַ מיליאָן, און איך גלייב, אַז ס׳איז מעגלעך, איז אונזער צד געזיכערט. געדענקט איר, ווי אין 1929 האָבן אַ סך ציוניסטן געמיינט, אַז ס׳איז געקומען אַן ענד פון אונזער ווערק, אַז מיר האָבן אַלץ פאַרשפילט?

ס׳איז אַ פאַרצווייגענער קריג. די אַראַבער ווילן נישט און זוכן נישט קיין שלום. געשיכטלעך גענומען האָבן זיי מער פאַרלאָרן ווי מיר. דערפאַר זאָג איך, אַז אייער יאוש איז נישט באַרעכטיקט. דער ענטפער אויף אונזער גרויסן וואונטש פאַר שלום ליגט נישט ביי די אַראַבער, נאָר ביי די גרויסמאַכטן...

...איך וויל נישט טרייסטן און נישט דערמוטיקן. איך וויל אויך נישט פאַרטיידיקן די פירער. עס איז לייכט צו באַשולדיקן, און גאָר נישט שווער צו פאַרענטפערן...

...ביי מיר רופט אַרויס די היינטיקע לאַגע אַ טיפערע עקשנות און אַפילו אַ שטאַרקערע קאַמפס־לוסטיקייט, דאָס הייסט, אַז איך מיין נישט מ׳זאָל איצט אַרויס מיט פייער און שווערד, נאָר זיך אָנגורטן מיט געדולד און גלויבן. הגם מען פילט שאַרפער די לאַגע אין ירושלים, האָט עס מיך נישט אַנטמוטיקט.

זייט הערצלעך געגריסט, אייער

מאָרים סעמיועל

**
*

נאָכן איבערלייענען סעמיועלס ענטפער, האָב איך אָנגעשריבן די פאָלגנ־דיקע פערזן:

## ס׳ציט מיך אַהין...

ס׳נאָגט און ס׳ציט מיך אַהין —
פון וואַנען כ׳בין נאָר־וואָס געקומען.
כ׳זע נאָך די טאָלן, די בערג,
און דיביימער, די בלומען.

כ׳זיץ איינזאָם און טראַכט:
זיך דאָרטן באַזעצן און לעבן.
די יאָרן, וואָס זיינען אַוועק
האָבן מיר קיין גליק ניט געגעבן.

ס׳ציט מיך אַהין, גאָט איז מיין עדות!
מ׳קען פון גורל דעם וועג ניט וויסן.
כ׳האָב ליב דאָס לאַנד, אירע מענטשן —
כ׳וויל אָט די פרייד געניסן!...



# טרויעריקע און פריידיקע זכרונות

(איין־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

זייט מיין לעצטן באַזוך אין ישראל לעב איך מיט די זכרונות פון דאָרטן. אמת, איך ווער פאַרטאָן אין די היגע געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, אָבער מיין געדאַנק און נשמה זיינען דאָרטן. מיין גרעסטער פאַרגעניגן איז זיך צו פאַרטיפן אין די דאָרטיקע געשעענישן, אין די באַגעגענישן מיט דאָרטיקע מענטשן. שוין אַ לענגערע צייט ווי איך הער נישט אויף צו קלערן וועגן דעם וואונדערלעכן שרייבער און מענטשן, דוד פינסקי. איך האָב גע־האַט דאָס גליק צו זיין זיין גאַסט צענדליקער מאָל אויפן כרמל־באַרג, וואו ער האָט געוואוינט אַ לענגערע צייט.

ס׳איז געווען איינגעפירט, אַז ער פלעגט אויפנעמען אורחים יעדן פריי־טיק אָונט. עס איז געווען ביי אים אַ סאָרט „עונג שבת". זיין פרוי, האָדל, איז געווען זייער קראַנק, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אונז. זיין פנים האָט געשטראַלט מיט אַ פריידיקער גייסטיקייט. ער האָט ליב געהאַט מענטשן,

איבערהויפּט אידן פון אַמעריקע. ס׳קלינגען מיר נאָך איצט אין די אויערן די שבתדיקע נגונים און די יום־טובדיקע רייד, וועלכע כ׳האָב געהערט ביי זיין טיש. עס דריקט מיר אַ טיפער טרויער, ווען איך דערמאָן זיך ווי אַזוי ער האָט פאַרענדיקט זיין לעבן.

פון דוד פינסקי ביז שלום עליכם איז, דאַכט זיך, נישט קיין ווייטער מהלך. כ׳מיין נישט ליטעראַריש, כ׳מיין מענטשלעך. אויך דער גרויסער הו־מאָריסט האָט גערן געהאַט, כידוע, מענטשן. איך האָב זיך דערמאָנט אין אים, הגם איך האָב אים געזען און געהערט אין ווילנע. ס׳איז געווען יענע צייט, ווען ער האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער פאַרן שרייבער בערקאָ־וויטש. ער האָט דעמאָלט געהאַלטן אַ פּאָר פאָרלעזונגען אין שטאָט. איך בין דאָרטן געוועזן, און קען אים עד היום, ניט פאַרגעסן. האָט נישט פאַראיבל אויף מיר, ליבע פריינט. מיין גאַנץ לעבן האָט מיך געצויגן צו גייסטיקע מענטשן, אָדער ווי מען רופט זיי היינט אין ישראל — „אנשי רוח״. נישט אַלע מאָל איז מען זוכה צו זיין אין זייער סביבה.

אַ דריטע פּערזענלעכקייט, נאָר פון אַן אַנדער קאַטעגאָריע, איז געוועזן מנחם מענדל אוסישקין. אים האָב איך געזען אויפן דאָקטוירים־קאָנגרעס אין ירושלים, אין 1936. ער איז געווען באַקאַנט אין דער אידישער וועלט פאַר אַ שטרענגן און שטאַרק־ערנסטן מאַן, און שטעלט אייך פאָר, אַז אים האָב איך געטראָפן אין טרערן, ווען ער איז געשטאַנען ביים קבר פון דר. פינ־סקער און האָט געזאָגט קדיש...

דער געוועזענער מיליאָנער פינעס, ביי וועמען די באָלשעוויקעס האָבן אַלץ צוגערויבט, און אים געלאָזן קרוע־בלוא, איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז פאַראינטערעסירט געוואָרן אין „נאַציאָנאַל־פאָנד״ און איז אַרומגעפאָרן פאַר זיינע צוועקן. ער האָט אויך אָפּגעשטאַט אַ באַזוך אין אונזער שטאָט. עס פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אַקטיוויזירט אונזערע חברות און געהאָלפן אין זיין אַרבעט. ער האָט געמאַכט זיך „הויפּטקוואַרטיר״ ביי אונז אין הויז. ער פלעגט ליב האָבן צו זאָגן: „ביי אייך, קאָסאָווס, פיל איך זיך ווי אין דער היים!״

אַ טשיקאַווער אינצידענט איז פאָרגעקומען, ווען מיר האָבן זיך געגרייט צו אַ „דאָנאָר־לאָנטשאָן״, ווי מען רופט עס, און מיר האָבן אויסגעפונען אַז פון נאַציאָנאַלן אָפיס פון ישראל קען קיינער נישט קומען. איך האָב זיך גע־ווענדט צו ראָזן קאַופמאַן פון קליוולאַנד, זי זאָל אויפטרעטן ביי דער אונ־

טערנעמונג. הגם ח׳ קאָופמאַן איז אַ באַקאַנטע פערזאָן אין שטאָט, איז איר ביז דעמאָלט נישט אויסגעקומען צו אַדרעסירן אַ גרויסן עולם. איך האָב זיך קוים איינגעבעטן ביי איר. שטייענדיק שפעטער אויף דער פלאַטפאָרמע, האָט זי געמוזט האַלטן מיין האַנט, כדי זיך צו דערמוטיקן. זי האָט בשעתה געהאַלטן גאָר אַ פיינע רעדע. זי האָט אויסגענומען. אָבער קיינער האָט נישט געוואוסט פון איר שטילער בקשה. היינט נייטיקט זי זיך נישט אין אַזוינע מיטלען. זי איז אַ גוט־באַקאַנטע רעדנערין און געוועזענע נאַציאָנאַלע פרע־זידענטין פון פּיאָנערן פרויען.

***

דר. וויגאָדסקי האָט אָנגעפירט מיט אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג אין ווילנע קעגן די אַראַבישע רציחות. דאָס איז פאָרגעקומען אין 1936. איך בין דעמאָלט געווען דאָרטן ווי אַ טוריסטין. דער זאַל איז געווען איבערגעפאַקט. מען האָט מער נישט אַריינגעלאָזן. אַזוי שנעל ווי מ׳האָט זיך אָבער דערוואוסט אַז איך קום פון אַמעריקע, האָט מען געעפנט די טיר. יאָ, אין יענער צייט האָט דער אַמעריקאַנער פאַספּאָרט נאָך געהאַט אַ סך חשיבות...

דער באַזוך האָט מיך אַוודאי דערמאָנט אין מיינע עלטערן, ע״ה, וועלכע ליגן אויפן ווילנער בית־עלמין. איך האָב אָנגעשריבן אָט די שורות אויף מיין מאַמעס קבר:

## מיין מאַמע

מיין מאַמינקע, די אָרעמע —
אַ ליידנדיקע געווען.
געאַרבעט שווער, געהאָרעוועט,
די וועלט נישט אָנגעזען.

די קינדערלעך געהיט זיי,
ווי אַ פאַסטוך די שאָף,
ביז די כוחות זיך אויסגעלאָזן
און געקומען איז דער סוף.

קיין פרייד אין איר לעבן
האָט זי ניט געהאַט.
אַפילו אַ מאָלצייט
ניט געגעסן צו דער זאַט.

# פון מיין טאָגביכל

(צוויי־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

די שווערע אַרבעט פון די „פּרויען־פּיאָנערן", די אומדערמידלעכע און אומענדלעכע טואונגען אויף דעם געביט, ווערן פּראָיעקטירט טאַקע אויף קאָנפערענצן, אָבער פּלאַנירט ביז פּרטים ווערן זיי אין קלענערע מסיבות. איך, וואָס בין געווען ביי אַ סך גרויסע און קלענערע פאַרזאַמלונגען, וויל זיך טיילן מיט מיינע פריינט מיט די איינדרוקן און דער עיקר געבן כאָטש אַ קליינעם אַריינקוק אין דער „לאַבאָראַטאָריע" פון אַ קאָנווענשאָן.

איך נעם אַ ביישפּיל די שיקאַגער קאָנווענשאָן. איך האָב דעמאָלט פאַר־צייכנט אויפן אָרט אין מיין „טאָגביכל": די פּרעזידענטין, בוירט גאָלדשטיין דערעפנט מיט די ווערטער: „מיר מוזן פּלאַנירן אונזערע אונטערנעמונגען אָנהייב פון אונזער אַרבעטס־יאָר". און זי רעכנט אויס: אַ באַזאַר, אַ חנוכה־פעסטיוואַל, אַ פּורים־באַל. דעטראָיט דאַרף שאַפן פופציק טויזנט, קליוולאַנד — 45 טויזנט און אַזוי ווייטער. ווי אַ ביישפּיל פון טריישאַפט ברענגט זי פון אַ חברה אין ברידזשפּאָרט, וועלכע האָט אָפּגעגעבן 25 דאָלאַר פאַר איר „בייבי־סיטינג"...

עס ווערט פּראָיעקטירט אַ „וואַנדערער־סעמינאַר". אַזאַ איינפיר וואָלט אויפגעלעבט, ספּעציעל די פּראָווינץ־שטעטלעך, וואו ס'איז פאַראַן אַ שטאַר־קער אינטערעס אין דער אַרבעט פון די „פּרויען־פּיאָנערן", אָבער מען דאַרף ברענגען אונזער וואָרט אַהין.

חברה בעבאַ אידלסאָן אַדרעסירט אונז. איר שפּראַך איז איינפאַך, גע־פּילפּול און רירט אָן די סטרונעס פון האַרץ. איר הויפּט־זאָרג איז וועגן אונזערע קינדער. מען מוז אין זינען האָבן דאָס קליינוואַרג אונטער אַלע אומשטענדן. זיי זאָלן זיך זאַט און קריגן אַ גוטע אידישע דערציאונג. הגם מיר זיינען אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, ווערט אונזער אַרבעט געטאָן אין קאָאָפּעראַציע מיט אונזערע מענער־חברים.

זי זאָגט אויך: וויפל די חברות אין אַמעריקע שאַפן פאָנדן פאַר אונזער צוועק, שאַפט מען אין ישראל אַזוי פיל און אַמאָל נאָך מער. זי שטרייכט אונטער: „מיר זיינען אַ באַוועגונג פון מוטערס! די מדינה נייטיקט זיך אין אַ געזונטער מוטער! איך בין איבערראַשט און אַנטציקט פון די לעצטע

ווערטער. יעדע פרוי, טראַכט איך, איז אין לעצטן סך־הכל — אַ מאַמע! מדינת ישראל איז אונזער קינד, און מיר דאַרפן זאָרגן פאַר דעם.

בעבאַ אידלסאָן זאָגט אויך: „מען דאַרף זיך באַציען מיט סימפּאַטיע צו דער „הדסה"־באַוועגונג. זי האָט אַ דריי־הונדערט טויזנט מיטגלידערינס און טוט גוטע ציוניסטישע אַרבעט אויף אַן אַנדער געביט".

ביי יענער קאָנפערענץ האָט גערעדט דער באַוואוסטער אידיש־ענגלי־שער שריפטשטעלער, מאָריס סעמיועלס, וועגן פרצן. ס'איז געווען אַ גוואַל־דיקע איבערלעבונג! ער האָט אויפגעלעבט פאַר אונז דאָס וואונדערלעכע געשטאַלט פונעם פאַרשטאָרבענעם קלאַסיקער. ער האָט אַרויסגעבראַכט פאַר אונז דעם מייסטער פון די „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס". מיר זיינען געזעסן פאַרכאַפּט פון זיינע שילדערונגען. ס'זיינען אויף דער רגע פאַרגעסן געוואָרן אַלע גשמיותדיקע ענינים. פאַר די אויגן האָבן זיך געטראָגן פרצעס טייערע אידישע פאָלקסמענטשן.

אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען האָט רעציטירט צוויי לידער פון פרצן. איך האָב נישט קיין ווערטער אויסצודריקן מיין התפעלות פאַרן קינד! וואָס פאַראַ שפּראַך! וואָס פאַראַ דיקציע! דאָס מיידעלע האָט דורכגענומען מיט איר דעקלאַמאַציע אַלע צוהערערס.

אויך דר. דוד גראַבאַרד האָט רעפערירט וועגן דעם קלאַסיקער. ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם לערער און וועגווייזער פון דער דעמאָלטיקער אידישער יוגנט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף פרצעס פאָראויסזאָגונגען בנוגע אידיש לעבן.

ס'איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער טאָג אויף דער קאָנפערענץ, וואָס מען וועט לאַנג געדענקען. אויף מאָרגן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די מי־פולע אַרבעט ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן די מיטגלידערשאַפט. אַט איז איין פאָרשלאַג: פאַר אַריינברענגען צען נייע חברות וועט מען קריגן אַ פרייע רייזע קיין ישראל. לוינט זיך אַזאַ גרויסער פּריז? די קאָנפערענץ האָט גע־מיינט, אַז עס לוינט, וואָרום אַט די צען וועלן אַריינברענגען נייע, און צווישן די נייע וועלן זיין בעלנים אַליין צו פאָרן קיין ישראל, צו באַזוכן דאָס לאַנד, און ממילא ווערן שפּעטער פריינט פון דער באַוועגונג.

מיר האָבן ביי דער קאָנפערענץ געהאַט 380 דעלעגאַטינס פון 51 שטעט און 24 שטאַטן אין לאַנד און פון קאַנאַדע. איך בין זיכער, אַז אַ סך וועט אויפגעטאָן ווערן לטובת ישראל און פאַרן וואוילזיין פון די מיטגלידערינס

אַליין. מיר זיינען זיך צעפאָרן דערהויבענע און באַגייסטערטע. און אַט די שטימונג וועט זיך געוויס אָפּשפּיגלען אין אונזערע מעשים. הלוואי זאָלן מיר האָבן אַ געלעגנהייט זיך אָפטער צו טרעפן.

עס איז אויך ווערט צו באַמערקן, אַז ביי יענער קאָנפערענץ איז אויפגעטראָטן דער ערשטער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר קיין ישראל מיט זיין טאָכטער, וועלכע רעדט אַ פליסיקן העברעאיש.



# די „חי״־פייערונג פון די פיאָנערן־פרויען

(דריי־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

די בשותפותדיקע פייערונג פון אַכצן יאָר פון דער באַנייטער אידישער ישראל האָט אַריינגעבראַכט אַ סך יום־טובדיקייט אין דער היגער אידישער געזעלשאַפט. אין דער פייערונג האָבן אָנטייל גענומען אַלע צווייגן פון „אַר־בעטער־ציוניזם״.

דער פּראַקטיקער זאַל אין דעם „פּאַנטענבלו האָטעל״ איז געווען איבערגעפּאַקט מיט חברות און געסט. דער הויפּט־רעדנער איז געווען נחום שאַמיר פון ישראל. ער איז געווען פריער דער פאַרטיידיקונג־מיניסטער, אַ העלד, ווי ס'ווערטל גייט, אין קריג און אין שלום. ראַבאַי לעאָן קראָניש, וואָס האָט געבראַכט פיל כבוד פאַר אונזער קהילה מיט זיינע אומדערמידלעכע אויפטואונגען אין „באַנד־פּאַרקויף״, איז געווען פאָרזיצער. אַ גרויסע צאָל טוערס האָבן באַקומען זייער פאַרדינטע אָנערקענונג, ווי צום ביישפּיל: דר. ש. ווילענסקי, חברה מילטאָן גרין, דאָס פּאָרל, לואיס רודניק, משה פרידבערג, צוקערמאַן, דר. אונטערמאַן, משה לעווין, און אויך איך בין געווען איינגעשלאָסן אין דער יחידים־גרופּע.

דר. יוסף שוואַרץ פון ניו־יאָרק, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער „באַנד״־אָרגאַניזאַציע, האָט אויסגעטיילט די אויסצייכענונגען. די אַלגעמיינע לאָזונג פונעם אָוונט איז געווען „אַנטוויקלט מדינת ישראל מיט באָנדס״! אַכצן ליכט זיינען געצונדן געוואָרן לכבוד די אַכצן יאָר, וועלכע מיר האָבן זוכה געווען צו דערלעבן פון אַ פרייער, אומאָפּהענגיקער מדינה.

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

און ווען איך האָב אויפגעהויבן מיין האַנט אָנצוצינדן „מיק״ ליכט, האָב איך געפילט ווי אַ ליכט גייט מיר אויף נישט נאָר פאַר די אויגן, נייערט טיף ביי מיר אין האַרצן. איך האָב פאַרגעסן וואו איך געפין זיך. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך שטיי ערגעץ אויף די בערג פון יהודה און צינד אָן אַ שטערן אין דעם ישראל־הימל.

מיר, די פשוטע „זעלנער״ פון טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר דעם פיזישן און גייסטיקן אויפהאַלט פון אונזער לאַנד, האָבן ווינציק אַזוינע שמחות. מיר שטייען אַזוי נאָענט צו אונזער אַרבעט, אַז מיר קאָנען נישט זען איר פאַר־נעם און גרויסקייט. ערשט ביי אַ פייערונג דערפילן מיר די עלית־נשמה, און מיר דערזעען מיט אַמאָל, וואָס פאַראַ קאָלאָסאַלע עובדה אונז איז באַ־שערט צו דערפילן. יאָ, מיאַמי, די שטאָט פון זון און פאַלמעס, האָט, דאַכט זיך, אויך מיטגעמאַכט אָט די דערהויבונג פון דער נשמה.

ווען איך בין געשטאַנען מיטן ליכט אין דער האַנט האָט זיך מיר דער־מאָנט אין מיין חבר פיילאָוויטש פון ווילנע. ער איז געווען אַן איידעלער און געלערנטער יונגערמאַן. ער איז עס געווען דער פאַרפאַסער פון דער „פועלי־ציון שבועה״. די ווערטער פונעם ליד האָבן באַרירט מיינע ליפּן און האָבן ממש אַליין אַראָפּגעזונגען:

מיר הייבן די הענט קעגן מזרח און שווערן  
ביי ציון, איר פאָן, ביי איר הייליקער ערד,  
ביי אַלץ וואָס מיר ליבן, וואָס הייליק מיר ערן,  
ביי אונזערע העלדנס צעבראָכענעם שווערד.

ביי אונזער געשיכטע וואָס איז אָנגעשריבן  
מיט אונזערע טרערן, מיט אונזערן בלוט,  
ביי אַלעס מיר שווערן דאָס פאָלק הייס צו ליבן  
און קעמפן פאַר אים מיט ענערגיע און מוט.

און אויך ווען צו שטאַרבן אין מיטן דעם שטרעבן  
איז אונז דאָ באַשערט, ניט ברענגען אים דאָרט,  
דאַן וועלן מיר אַנדערע דעם גייסט איבערגעבן,  
זיי זאָלן פאַרטרעטן אין שטרייט אונזער אָרט!

קומענדיק אַהיים פון דער גרויסער, איינדרוקספולער אונטערנעמונג, האָב איך לאַנג ניט געקענט איינשלאָפן. איך בין דורכגעגאַנגען אין געדאַנק דעם

גרויסן מאַרשרוט פון מיין קינדהייט אין ווילנע ביז מיין באַזעצן זיך אין מיאַמי. וואָס פאַר אַ וועג פון גרויסע געשעענישן אין אידישן לעבן! איך בין אַראָפּ פון גלעגער און געפונען אַ בריוו פון דער לערערין חיה פונט, אין ירושלים. אירע תלמידים, שרייבט זי, נייטיקן זיך אין קליידער און אין אַנדערע וויכטיקע חפצים. און איך האָב גענומען פּאַקן וואָס ס'איז מיר געקומען צו דער האַנט, און וואָס ס'וואָלט געקאָנט גענוצט ווערן פונעם קליינוואַרג. אין דער פרי האָב איך אַוועקגעשיקט דעם פּאַק קיין ירושלים.

אַט דעם דראַנג צו העלפן נויטבאַדערפטיקע האָב איך מסתמא איבערגענומען ביי מיינע עלטערן. עס געדענקט זיך מיר, ווי מיין טאַטע ע״ה פלעגט ברענגען, יעדן פרייטיק אָוונט, פון שול אַן אורח אויף שבת. מיין מאַמע פלעגט מיר הייסן גיין קלאַפּן אין אידישע טירן יעדן דאָנערשטיק, כדי אויפצוקלייבן שפּייז פאַר אָרעמעלייט. מיר האָבן געהאַט לעבן אונזער שטיבל אַ גערטנדל, וואו עס זיינען געוואַקסן בוריקעס, אוגערקעס, ציבעלקעס. ווען זיי זיינען ריף געוואָרן, האָט די מאַמע זיי אַראָפּגענומען און צעטיילט צווישן די שכנים. איך האָב איר געהאָלפן אין דער אַרבעט, און זי פלעגט מיר דערביי זאָגן: „גאָט וועט דיר העלפן, מיין קינד, דו וועסט דערפאַר קיינמאָל ניט אָנקומען נאָך קצבה!...״

דער מאַמעס ברכה איז מקוים געוואָרן. איך האָב אָפּגעלעבט מיינע וויכטיקסטע יאָרן און הלוואי וויטער, זאָל איך בעסער זיין די געבערין!

אין עקראַן, דערמאָנט זיך מיר, האָט פּאַסירט אַזאַ געשיכטע: אַ קריסטלעכע שכנה איז פלוצעם קראַנק געוואָרן אין מיטן נאַכט. די שטוביקע האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. צו רופן אַ דאָקטאָר דאַרף מען האָבן אַ טעלעפאָן. האָט מען אָנגעקלאַפּט צו מיר. איך האָב אָפּגערופן אַ דאָקטער, אָבער יענער האָט זיך ניט שטאַרק געאיילט. דערווייל האָב איך אויפגעקאָכט וואַסער און זיך גענומען פּאָרען אַרום דער חולה. קורץ און דווקא גוט — ווען דער רופא איז אָנגעקומען, האָט ער מיר קאָמפּלימענטירט, מחמת איך האָב געטאָן אַלץ וואָס עס איז נייטיק אין אַ סכנה.

יאָ, העיקר שכחתי: די קריסטלעכע שכנה האָט געהאַנדלט מיט מילכיקס. זי איז געווען אַזוי פאַרביסן קעגן אידן, אַז זי האָט מיר ניט געוואָלט פאַרקויפן אַ פלעשל מילך. איצט, נאָך דער געשעעניש, האָט זי מיר געבראַכט אַ מתנה — אַ גאַנצן פונט פּוטער...

# נישטאָ קיין פריער־שפּעטער

(פיר־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

אין אונזערע אַלטע ספרים ווערט ערגעץ געזאָגט, ס׳איז נישטאָ, לויט דער אידישער מסורה, קיין פריער־שפּעטער. מיט אַנדערע ווערטער, גע־שעענישן ווערן ניט געשריבן שטרענג כראָנאָלאָגיש. ביי מיר אַוודאי ניט. איך קען זיך פּלוצעם דערמאָנען וועגן אַן ענין און אַ צייט, וואָס איך האָב, פאַרבייגייענדיק, דערמאָנט פריער, און איז אַצינד אַרויפגעשוואומען אין זכרון, און איך געפין עס פאַר נייטיק צו פאַרצייכענען. און אפשר האָט דאָ צו טאָן די עלטער...

אָט גיט מיר אַ פּיק אין געדאַנק די רייד, וועלכע כ׳האָב אַמאָל געהערט פון דער מאַמען, אַז איך בין געבאָרן אין ווילנער הקדש, און בין דאָרטן אָפּגעווען צוויי וואָכן. מען האָט מיך געבראַכט אַהיים חנוכה־צייט. ווען ס׳איז געקומען פּורים, האָבן פּורים־שפּילער באַזוכט אויך אונזער שטיבל. איינער פון זיי האָט זיך צוגעטשעפּעט אַ לאַנגע פּאַפּירענע צונג, און זי אַרויסגע־שטעקט פאַרן עופהלע, דאָס הייסט, טאַקע פאַר מיר. איך האָב זיך אַזוי צע־טומלט, אַז איך האָב אַ שלעפּ געטאָן דאָס רויטע פּאַפּירל מיט אַזאַ ברען, אַזש אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

מיין מאַמע האָט מיר דערציילט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, אַז וואו אַ קינדערשע חולאת — האָב איך זי געהאַט. משה דער פעלדשער האָט מיך שוין געהאַט איינגעוויקלט אין וואַטע מיט גרינעם אויל, און בין געווען, ווי זאָגט מען עס — פאַרביי. אָבער מיין מאַמע, וועלכע האָט פאַרלאָרן צוויי קינדער פאַר מיר, האָט „איינגעלייגט וועלטן”. זי האָט געפּאָדערט ביים אייבערשטן, אַז ער מוז זיך מרחם־זיין אויף מיר און מיך לאָזן לעבן, און ווי איר זעט, מיינע פריינט, האָט ער איר געפאָלגט. עס גייט אַוועק אַ צייט און פּלוצעם שווימען אַרויף אין געדעכעניש ווייטע פּאַסירונגען וועגן מענטשן, וועלכע זיינען איך ליב געווען. כ׳דערמאָן אין אַלעקסאַנדער זיידן, דער גרויסער איד און גרויסער מענטש, וואָס האָט געפאַנגען טויזנטער אידישע הערצער, געפאַלן אַ קרבן דורך די אַראַבער. איך נעם אַרויס, צום וויפלטן מאָל, דעם בריוו פון מיין חברטע, ברכה מאַרגאָלין, פון קרית שמואל, און לייען:

**
*

„ליבע חברה קאָסאָוו:

היינט האָב איך דערהאַלטן אייער בריוו. מיט אַ געבראָכן געמיט שרייב איך אייך, אַז נעכטן, מאָנטיק, האָבן מיר געבראַכט צו קבורה אַלעקסאַנדער זיידן. ער איז דערשאָסן געוואָרן לעבן זיין היים. עס זיינען געווען פאַרשטייער פון גאַנצן אידישן ישוב ביי זיין לוויה. מען האָט גערעדט, אים געלויבט, אָבער וואָס קומט אַרויס פון רייד? ער איז געבליבן אין קבר, און ציפורה, זיין פרוי, איז געבליבן אַן אלמנה און זיינע קינדער — יתומים...

די אַלגעמיינע לאַגע אין לאַנד איז זייער אַ שלעכטע. סיי פּאָליטיש, סיי עקאָנאָמיש גייען מיר דאָ דורך אַ גרויסן קריזיס. גאָט ווייס מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן!"

***

און דאָ גייט זי איבער צו איר פערזענלעכן לעבן. זי, אַ געענדיקטע „קראַנקן־שוועסטער", האָט ניט געקענט געפינען קיין אַרבעט. זי איז געקומען פון אַמעריקע, וואו זי האָט געטאָן אַרבעט פאַר אונזער באַוועגונג, זי און איר מאַן. און גאָרדאָן טאַקע האָט זי צוגערעדט וואָס גיכער צו באַזוכן דאָס לאַנד, ווייל דאָרטן נייטיקט מען זיך אין אַזוינע פּראָפעסיאָנאַלן ווי זי איז. און ברכה איז געפאָרן, איבערלאָזנדיק אַ גוטע שטעלע אין אַמעריקע און אַן איינציק קינד ביי איר מאַן. און אָט מוטשעט זי זיך, זוכט אַרבעט און קען ניט געפינען, און ניט געקוקט אויף אַלע שטרויכלונגען באַשליסט זי צו בלייבן אין ארץ ישראל. נאָר פלוצים, ווי אַ דונער פון אַ קלאָרן הימל, קומט איר אָן די בשורה, אַז גאָרדאָן האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט אַן אַנדער פרוי, און האָט אויפגעהערט צו שיקן די פּאָר מאָגערע דאָלאַרן אויף איר אויפהאַלט. זי קריגט אַ האַרץ־אַטאַקע און ווייסט נישט וואָס ווייטער צו טאָן, און זי בעט מיר אין בריוו, איך זאָל זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט מענטשן, וואָס האָבן אַן איינפלוס און צו זען ווירקן אויף איר מאַן, ער זאָל טאָן זיינע פליכטן. דערצו בעט זי, מ'זאָל איר שיקן אַ שיפסקאַרטע, און זי וועט שפּעטער אויסצאָלן איר קאָסט.

איך האָב געלייענט אירע שורות און טרערן האָבן זיך מיר געגאָסן פון די אויגן. גוואַלד, וואָס עס ווערט פון אַ מענטשן! ס'האָבן זיך דעמאָלט אַרויסגעריסן ביי מיר אָט די פערזן:

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

## די וועלט איז באמת משוגע

מען זאָגט די וועלט איז משוגע,
דאַרף מען עס גלויבן.
די מענטשן זיינען אין פלוג —
אי וועלף, אי וואָרקנדיקע טויבן.

מען רעדט פון פרידן,
און גרייטן זיך צו מלחמה.
די צייט וועט אָבער שמידן
איר ביטערע נקמה.

ס'איז ניטאָ ביי איר קיין הייליק, —
זי איז אָפט אַ גרויסע שטאָל.
זי וועט קריגן איר חלק —
דאָס איז אַן אַלטער כלל.

ביי מיר האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ בריוו פון דער „שול־קולט"־אָרגאַניזאַציע. איך דערמאָן זיך, ווען איך בין געווען אינעם אַמאָליקן ווילנע, האָב איך בייגעוואוינט אַ זיצונג פון דער „דוד פינסקי־שול". איך בין דעמאָלט געווען שטאַרק באַאיינדרוקט פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער די שול האָט זיך געפונען. מען האָט ניט געהאַט קיין פאַסיקן שול־לאָקאַל. די שטאָט־אַדמיניסטראַציע האָט זיך געטשעפּעט און געזוכט בכלל חסרונות. איך האָב צוגעזאָגט די חברים, אַז כ'וועל ביים צוריקקומען קיין אַמעריקע זען עפּעס טאָן לטובת זייערע פינאַנסן. אָבער דערווייל זיינען מיר באַפאַלן אַ סך אַנדערע דאגות, און איך האָב אין זיי פאַרגעסן, האָבן זיי מיר דערמאָנט מיט אָט דעם צושריפט:

***

„ליבע פרוי קאָסאָוו:

אויף דער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביי אונז צוליב דער מוראדיקער גזירה פון ווילנער מאַגיסטראַט אָפּצונעמען ביי אונז דאָס דירה־געלט, באַהייצונג, באַשפּייזונג פון די קינדער, הילף פאַר דער זומער־קאָלאָניע, האָבן זיך אַלע דערמאָנט מיט סימפּאַטיע אין אייער דעמאָלטיקן קומען צו אונז אויף דער זיצונג.

מיר האָבן גערעדט וועגן דער נויט פון אונזערע קינדער. אָבער פון דעמאָלט ביז היינט איז אַ ווייטער מהלך! ניט שוין זשע איז אונזער לערן־אַנשטאַלט באַשערט אומצוקומען? אונזער באַלעבאָס איז רייך און האָט ליב צו רעמאָנטירן; ער וועט תיכף צוטרעטן איבערצובויען אונזער שול־לאָקאַל אויף קליינע דירות. קיין אַנדערע פרייע

שול־לאָקאַלן זיינען אין שטאָט ניטאָ. דער מאַגיסטראַט וועט אויך צו־נעמען די טישן, די בענקלעך. הכלל, מיר מוזן גרעאַטעוועט ווערן. מיר מוזן אַריינטראָגן דעם באַלעבאָס אַ געוויסע סומע און וואָס גיכער. ניט שוין זשע, ליבע פריינדין, וועט איר זיך ניט אָפּרופן? איר האָט אונז דעמאָלט געזאָגט, אַז ס'איז פאַראַן אין עקראָן אַ פּערזאָן, וואָס וואָלט זיך פאַראינטערעסירט מיט אונזער אַנשטאַלט.

אפשר וואָלט מעגלעך געווען אָפּצוקויפן פאַר אַ פאַרמעגלעכער פריוואַט־פּערזאָן אַ הויף אויף דעם אייגענעם נאָמען, עס צופּאַסן פאַר אַ שול־בנין, און שפּאָרן צאָלן דירה־געלט? בכלל זיינען אין ווילנע די הויפן ניט טייער.

רופט זיך אָפּ, ליבער מענטשן־פריינט! שאַפט ביי אייך אַן אַקציע־קאָמיטעט פאַר דער דוד פּינסקי־שול אין ווילנע. לאָמיר שטיין אין קאָנטאַקט. מיר וואַרטן!

אין נאָמען פון אַלע פריינט,

ישראל גורעוויטש, סעק.״

***

קלינגען ניט די ווערטער ווי פון אַ פאַרשוואונדענער וועלט? ניטאָ מער די מענטשן, די טוער, די טייערע אידישע פאַרזאָרגערס, און ניטאָ מער די שול און אירע לערערס, און וואָס עס איז געוואָרן פון די קינדער קען מען אפילו אויף די ליפּן ניט ברענגען.

יאָ, מיר האָבן געהאַט אַ היפּש ביסל עגמת־נפש פון אונזער אייגענער שול אין עקראָן דעמאָלט. איז שוין ניט קיין וואונדער, וואָס דער קאָפּ איז געווען אַזוי פאַרדרייט, אַז מען האָט מיר געדאַרפט דערמאָנען וועגן מיינע פליכטן... אָט איז אַ בריוו פון חבר סיגאַל, ע״ה:

***

„מיין ליבע חברה קאָסאָוו:

איך האָב געקראָגן אייער בריוו פונעם אַכטן סעפּטעמבער. איך בין אייך האַרציק דאַנקפול פאַר אייער שרייבן. איר קענט זיך גאָרניט פאָרשטעלן וויפל צער מיר האָבן פון דער פּאַסירונג ביי אייך אין פאַר־בינדונג מיט דער שול.

אין גיכן וועט אייך באַזוכן ה׳ ל. רובינשטיין, דירעקטאָר פון צענ־טראַלן שול־קאָמיטעט. לאָמיר האָפן, אַז אים וועט געלינגען איינצו־

### אַ לעבן פאַרן פאָלק

שטעלן אונזערע ענינים אויף אַן אופן, אַז מיר זאָלן פאָרט קאָנען אָנ־האַלטן אונזער פּאָזיציע.

מיט די בעסטע וואונטשן, אייער

ל. סיגאַל, סעקרעטאַר״



## מענטשן פרעגן מיך...

(פינף־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

ווי אַ פרוי, מאַמע (היינט שוין אַ באָבע), באַלעבאָסטע און געזעלשאַפט־לעכע טוערין, איז, דאַכט זיך, גענוג פאַר איין מענטשן, גענוג טואונג, קלאָ־פּאָט, דאגות און זאָרג. אַזוי זאָגן־פרעגן שכנים, קרובים, באַקאַנטע. וואָס ענטפערט מען זיי? איז אַנשטאָט סתם אַן ענטפער — וועל איך עס בעסער אויסדריקן אין גראַמען. וועלן זיי אפשר בעסער פאַרשטיין און איך וועל, בעתן שרייבן, הנאה האָבן:

### מיין שכנה

פרעגט מיך אַ שכנה (און נאָר זי?...)
וואָס מיינט אויף אַן אמת,
אַז זי איז נאָר איינע —
אַ גאַנצע חכמת:
„דערקלערט מיר, איך בעט אייך,
מיין טייערע פעסע,
פון ווען־אַן געוואָרן
זייט איר אַ „פּאָעטעסע״?
און טאַקע, וואו האָט איר
געלערנט די גראַמען?
פון טאַטן ביי אייערן,
צי פון אייער מאַמען?

צי אפשר פון אייערע
חברים, חברות,
וואָס זוכן נאָר מצוות
און האָבן עברות?״
מען וואָלט אָט דער שכנה,
געדאַרפט צו פאַרשטיין געבן,
אַז ניט נאָר אין טעפּל
ליגט דאָס גאַנץ לעבן.
אַז חוץ מיט דעם לעבן
זיך גלאַט אַרומשפּילן,
איז דאָ עפּעס העכערס —
אַ מענטשנס געפילן!

אָט־אָט וועגן דעם טאַקע גייט עס, געפילן! גלויבט מיר, מיינע ליבע פריינט, דער וועלט פעלט ניט קיין טאַלאַנט, קיין שכל, קיין בריהשקייט, פעלן — פעלט — האַרץ! אָט נעמט צום־ביישפּיל דעם פאַל מיט אונזער גרויסן שריפט־שטעלער, דוד פּינסקי. איך האָב שוין דערמאָנט אין אַן אַנדער קאַפּיטל וועגן זיין און זיין פרויס לאַגע. דער צושטאַנד ווערט מיט יעדן טאָג ערגער. לייט גרויסן זיך מיטן שרייבער, אָבער עפּעס טאָן, ממשותדיק טאָן דאָס, זעט איר, איז שוין אַן ענין פון אַ צווייטן כאַראַקטער. אָט וועגן דעם האָב איך באַקומען אַ צושריפט פון חבר ל. סיגאַל, ע״ה: —

**
*

ליבע פרוי קאָסאָף:

דעם פופצנטן יולי האָב איך זיך געווענדט צו אייך מיט אַ דרינ־גענדיקער בקשה, אַז איר זאָלט קומען צו הילף אין דער גרויסער נויט, אין וועלכער עס געפינט זיך אונזער טייערער חבר דוד פּינסקי און זיין פרוי.

אין יענעם בריוו האָב איך אייך געשילדערט ווי הילפלאָז און טרויעריק עס איז דער צושטאַנד פון די צוויי טייערע מענטשן און ווי דער שיקזאַל איז אַזוי גרויזאַם צו זיי.

אין לויף פון מיין לעצטן באַזוך אין מדינת ישראל, האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט ניט איינמאָל צו זען די צוויי אינוואַלידן.

אַריינקומענדיק אין הויז, האָט מיך פּינסקי גלייך דערקאָנט און ער האָט זיך שטאַרק צעוויינט, פרעגנדיק מיר וואָס עס מאַכן זיינע נאָענטע חברים און פריינט אין אַמעריקע, און פאַרוואָס אים איז באַשערט אַזאַ ביטערער גורל.

איך האָב אים געטרייסט און פאַרזיכערט, אַז מיר אַלע האָבן גרויס זאָרג און צער איבער זיין געזונט־צושטאַנד, און אַז ער ווערט פון אַלעמען פאַרערט, און אַז מיר וועלן טאָן וואָס איז נייטיק, ער זאָל קאָנען לעבן בכבוד.

די דאָקטוירים, וועלכע באַהאַנדלען די פּינסקיס, האָבן מיר געזאָגט, אַזביידע זיינען, לידער, אין אַזאַ מצב, אַז מען קען קיינמאָל ניט וויסן, ווען די פאַטאַלע שעה וועט, חלילה, קומען...

איר קאָנט זיך גוט פאָרשטעלן, וויפל צער איך האָב געהאַט פון דעם באַזוך. איך האָב אָבער זיך געשטאַרקט, ווען איך האָב זיך דער־

## אַ לעבן פאַרן פאָלק

וואוסט, אַז מענדל זינגער אין דער שפּיץ פון אַ גרופּע חברים האָבן זיך אונטערגענומען צו העלפן די צוויי חברים, זיי זאָל גאַרניט פעלן.

אונזער קאָמיטעט וועט, בשותפות מיטן ישראלדיקן פאַרטזעצן צו דעקן די אויסגאַבן (אַרום פופצן הונדערט פונט אַ חודש) וועלכע זיינען נייטיק אויף אויסצוהאַלטן בכבוד די פינסקיס.

דערוואַרטנדיק פון איך, אַז איר זאָלט זיך אָפּרופן מיט אַ באַדייטנ־דיקער סומע, ווי אַלע מאָל, פאַרבלייב איך מיט די בעסטע וואונטשן —

ל. סיגאַל, קאַסירער

***

איך דאַרף אייך ניט לאַנג ברייען, אַז איך האָב ניט נאָר געגעבן מיין ביישטייערונג, נאָר איך האָב געזען, אַז אויך אַנדערע זאָלן צוטראָגן צו דעם אַזוי־נייטיקן פאָנד.

ווען איך גיב אַ טראַכט ווי די נויט איז גרויס, און פון אומעטום פאָדערט מען הילף, און מיר — די מער גליקלעכע אין אַמעריקע זיינען בכוח צו העלפן, פאַלן אַוועק אַלע שוועריקייטן. צו יענער צייט האָבן אונזערע פריינט די זיטלערס, אַ חשובע פאַמיליע אין ווילנע, דורכגעלעבט ביטערע טעג. די פאַליאַקן זיינען זיי דערגאַנגען די יאָרן, ווי זיי האָבן עס געטאָן צו אַלע אידן, אַוועקגענומען ביי זיי די פּרנסה, די מעגלעכקייט אַנצוגיין מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן. מיר האָבן זיך דערוואוסט פון זייער לאַגע פון אַ שוועסטער זייערער אין ניו אָרלינס. און מען האָט פאַרקאַשערט די אַרבל און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ראשית האָט מען זיי אַוועקגעשיקט אַ מזומנעם הונדערטער, דערנאָך זיינען געגאַנגען פעקלעך קליידער, שפּייז, קורץ, די נייטיקסטע זאַכן. די זיטלערס האָבן געענטפערט, נאַטירלעך, מיט דאַנק־בריוו, און זיי ליגן ביי מיר, ווי טייערע דאָקומענטן. איך האָב זיך ניט צו גרויסן מיט קיין געלט, צירונג אָדער אַנדערע אַזוינע חפצים. אָבער די בריוו פון מיינע טייערע פריינט זיינען ביי מיר אַן אמתער אוצר...

אַלעקסאַנדער זייד איז פאַר מיר אַביישפּיל, ווי אַזוי אַ איד דאַרף לעבן און ווען מען דאַרף — שטאַרבן. וויפל יאָרן זיינען אַוועק פון יענעם טאָג, ווען די אַראַבער האָבן אומגעבראַכט דעם וואונדערלעכן אידעאַליסט, און די זכרונות באַפאַלן מיר אַלץ אָפטער, איבערהויפּט, ווען איך לייען, אין מיין איצטיקער איינזאַמקייט, די בריוו וועגן אים. אָט איז איינער פון זיין פרוי:

חברה פעסל, שלום דיר! און זאָל זיין שלום איבער דער גאַנצער וועלט. איך בין זיכער, אַז דו ווילסט עס אוודאי.

איך האָב באַקומען דיין בריוו, בעת ביי מיר זיינען געווען חברים און מיין שוועסטער פון כפר־גלעדי. מיר האָבן געלייענט דיין בריוו בקול־רם, אַלע זאָלן הערן. טרייסט־בריוו זיינען דערהאַלטן געוואָרן פון אומעטום. יעדע בריוו מיט אַן אַנדער נוסח, אָבער מיטן זעלביקן אינ־האַלט. נעמלעך, מיר זאָלן ממשיך זיין זיידס אַרבעט אין ארץ־ישראל. מיר וועלן עס געוויס טאָן, נאָר מיר וויסן ניט, צי מיר וועלן עס קאָנען טאָן ווי זייד — כשמו כן הוא! — געווען אַ זיידענער מענטש! ער פלעגט דיך אָפט דערמאָנען, און דערציילן פון די ווילנער טעג. איך האָב אַזוי אַרום זיך באַקאָנט מיט דיר אַסך פריער אײדער מיר האָבן זיך געטראָפן. איך זע, אַז זייד האָט אויך אין דעם פּרט ניט געמאַכט קיין טעות, ער האָט געקאָנט מענטשן!

אונזער שווערע אַרבעט דאָ אין לאַנד וואָלט ניט געהאַט קיין פעולה אָן אייער אַמעריקאַנער הילף. מיט זיין לעבן און טויט — האָט ער געגעבן אַ ביישפּיל אונזער יוגנט אין לאַנד. פאַר די אַלע יאָרן האָב איך אים געקאָנט פאַר אַן אומדערשראָקענעם און מוטיקן מענטשן, וואָס זאָגט אַלעמען דעם אמת אין די אויגן...

ביי זיידן זיינען פאָלק און לאַנד געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון זיין דיינקען און פילן. ס'איז אַרויס אַ קליין ביכל מיט זיין ביאָ־גראַפיע, און איך וועל עס דיר אין גיכן צושיקן.

וואָס ס'איז שייך צו מיין אייגענעם לעבן — נו, איך האָב זיך נאָך ניט צוגעוואוינט, אַז זייד איז מער ניטאָ, הגם זיין קבר איז לעבן אונזער שטוב. ער געפינט זיך אויפן בערגל, וואו ס'איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַ וועלדל. אגב, זיינען דאָרטן צוגעקומען נאָך פיר קברים פון טייערע אידישע בחורים.

איך בעט דיר, טייערע פעסל, דו זאָלסט מיר אַרויסשרייבן מיט אַלע פּרטים וועגן דער פּועלי־ציון באַוועגונג אין ווילנע, ווען איר האָט ביידע דאָרטן געאַרבעט.

דו דאַרפסט וויסן, אַז ער דערמאָנט דיך אין זיין „טאָגבוך." דו מעגסט זיין שטאָלץ, וואָס דו האָסט געהאַט אַזאַ חבר. דו דאַרפסט זיך

## אַ לעבן פאַרן פאָלק

מיען צו שאַפן אַ פאָנד, כדי מען זאָל זיין נאָמען פאַראייביקן מיט אויפשטעלן אַ „קבוצה־זייד", און דאָרטן זאָל אַריינגעבראַכט ווערן זיין גייסט. און זיינע קינדער, די יתומים, זאָלן דערצויגן ווערן דאָרטן אין דער סביבה...

איך וויל האָפן, אַז דו האָסט מיך גוט פאַרשטאַנען און זיך נעמען שאַפן דעם פאָנד.

מיט די בעסטע גרוסן און וואונטשן,

דיין חברה, ציפורה זייד

***

איינציייטיק האָב איך באַקומען אַ בריוו פונעם קינסטלער, אהרן הלוי, אויך ער איז געשטאַרקט ביי זיך און איז פול מיט האָפענונגען אויף בעסערע צייטן. ער שרייבט:

צו אונזער ליבער פריינדין פעסל קאָסאָוו:

מיט גרויס דאַנקבאַרקייט האָבן מיר דערהאַלטן אייער ליבן בריוו מיטן פעקל אויסשניטן פון צייטונגען, ווי אויך די „קונסט־ביילאַגע" פון „פאָרווערטס". ביי מיר איז געווען ציפורה זייד. זי האָט באַקומען פון אייך אַ נומער פון „פיאָנערן־פרוי", וואו איר בריוו צו אייך איז געווען געדרוקט. איך שטעל מיר פאָר, אַז אייך האָט הנאה געטאָן צו זען אַ קאָפּיע פון מיינע קונסט־בילדער אין יענער אָפּטיילונג. אגב, האָט איר זיי געזען ביי מיר אין דער היים...

איך האָב געשיקט דריי פון מיינע אַרבעטן צו דער „וועלט־אויס־שטעלונג" אין אַמעריקע, פאַרן ישראלדיקן פּאַוויליאָן. מיר ווילט זיך אוודאי קומען אין אייער לאַנד בייצוזיין די אויסשטעלונג. נאָר ביי אונז רעדט מען „ס'איז ניט די צייט פאַר פאָרן!" ווען וועט יאָ זיין די צייט?

וועגן דער לאַגע ביי אונז? מיר זיינען אויף דער שמירה! מען וועט אונז ניט אָפּשרעקן מיט גאַרניט! מיר וועלן אַרבעטן, קעמפן און זיך נאָך שטאַרקער איינוואָרצלען אין לאַנד, און קיין כוח אין דער וועלט וועט אונז פון דאַנען ניט אויסוואָרצלען!... מיר גלייבן און האָבן בטחון אין די אידן איבער דער וועלט. זאָל נאָר זיין אחדות צווישן

אונז אַליין. מיר האָבן אַסך צו פאַרדאַנקען די אַמעריקאַנער אידן אין אונזערע נצחונות.

מיט גרוס פון אונז אַלעמען און באַזונדערס פון צפורה זייד.

אייער פריינט, אהרן הלוי

***

און אָט איז נאָך אַ בריוו פונעם מאָלער, אהרן הלוי, ווי פריער, שרייבט ער אינטערעסאַנט און אינפאָרמאַטיוו:

געשעצטע פריינדין פעסל קאַסאָוו:

איר, פון דער ווייטן, שטעלט זיך פאָר אונזער לאַגע אַסך שוואַרצער ווי עס איז. יעדנפאַלס — האָבן מיר ניט קיין אַנדער ברירה. ס'איז אַ קאַמף פאַר אונזער עצם קיום, און דווקא דאָ, אין ישראל. דאָ, ווען מיר קעמפן ווייסן מיר פאַרוואָס, אָבער אין דער וועלט? איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, עס האָט אַ זין דער קאַמף. קיין זאַך קומט ניט אָן גרינג. ווען איין מענטש ווערט געבאָרן, ווערט דאָך פאַרגאָסן בלוט, היינט אַ גאַנץ פאָלק!?

איר, אין דער רואיקער אַמעריקע, זייט פאַר אונז אַ גרויסע הילף מיט אייער אַרבעט פאַר די ישראל־אינסטיטוציעס. מיט אייערע געלטער און מאָראַלישער שטיצע וועלן מיר אויפבויען דאָס לאַנד, און ווען איר וועט צו אונז נאָך אַמאָל קומען, וועט איר זיין איבערראַשט פון דעם גרויסן פראָגרעס. איר ווייסט גאָרניט וויפל שאַפונגס־כוח עס ליגט ביי אונזערע חלוצים!

אין „פאָרווערטס" איז ווידער געווען אָפּגעדרוקט קאָפּיעס פון מיינע בילדער. איך בעט אייך שיקט מיר צו צען עקזעמפלאַרן פון יענעם נומער. איך דאַרף זיי נייטיק האָבן.

ווי גייט עס אייער אינגערער טאָכטער אין איר קונסט־אַרבעט?

מיט די בעסטע גרוסן, אהרן הלוי

***

אהרן הלויס בריוו זיינען פאַר מיר געווען, ווי זאָל איך עס אייך זאָגן, אַ מין סאָרט אינספּיראַציע. איך האָב געטראַכט: אויב דער רבונו־של־עולם וועט מיר געבן כוח און איך וועל זיין נאָך אַמאָל אין ישראל, וועל איך אומבאַדינגט קומען זיך זען מיטן קינסטלער. קורץ און גוט, אָט בין איך

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

ווידער אין אונזער ליב לענדעלע, און דער פריינט הלוי דערוויסט זיך דערפון, און איך באַקום פון אים אַ ברוך־הבא בריוועלע:

ליבע פריינדין פעסיע קאָסאָוו!

דאָס ערשטע — נאָט איך אַ גרויסן שלום עליכם און ברוך־הבא!

מיר זיינען ווירקלעך צופרידן מיט אייער נייעם וויזיט אין אונזער מדינה. עס איז דאָך באמת אַ זכיה! וויפל דורות אידן האָבן, געבעך, געחלומט, געביינקט, תפילה געטאָן, צו דערלעבן אָט די צייט. מיר זיינען פריווילגירטע מענטשן, און הלוואי זאָלן מיר ווערט זיין די פריווילעגיע...

שוין עטלעכע יאָר ווי מיר וואוינען ניט אין תל־אָביב. מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין הרצליה. דאָס איז אַ קליין שטעטעלע, זויבער, ציכטיק, כמעט אַן אמתע דאַטשע.

מען קאָן צו אונז צוקומען זייער לייכט. מיר וואָלטן אייך זייער געוואָלט האָבן ביי אונז. איך האָב דאָ מיין אַטעליע, און טו מיין אַרבעט מיט גרויס פרייד. אָבער ניט נאָר מאָלן טו איך. איך גיב זיך אָפּ, פונקט ווי מיין פרוי, מיט דער לאַנדווירטשאַפט, וואָרום מיר האָבן אַ פאַס ערד, וועלכע מען דאַרף באַאַרבעטן. אַרום אונז איז אַ שטיק „דזשאָנגל", דאָס־הייסט, אַ געדיכטע נעץ מיט ביימער. מיר זיינען ניט ווייט פון רמת־השרון, ביים הויפטוועג.

ווען איר וועט פרעגן, וועט אייך דאָ זאָגן, וואו ס'געפינט זיך דער משק הלוי.

איך וויל האָפן, אַז איר וועט קומען. און אויב איר האָט פריינט — ברענגט זיי אויך! זיי וועלן זיין ביי אונז אָנגעלייגטע געסט. וואָס דאַרפט איר חכמות, איר וועט אַלע שטאַרק הנאה האָבן סיי פון דעם געגנט, סיי פון אונזער באַלעבאַטישקייט, און אַז מיינע בילדער וועלן ביי אייך אויסנעמען, איז ביי מיר קיין ספק ניט. בקיצור, מיר וועלן גאָר פיין פאַרברייגען.

געדיינקט! איך שרייב דאָס בריוול אויך אין נאָמען פון מיין פרוי, בת־שבע.

להתראות! אייער פריינט, אהרן הלוי

הגם איך בין טעטיק אין דער „פּיאָנערן־פּרויען אָרגאַניזאַציע" שוין אַ היפּש ביסל יאָרן, און בין מער־ווייניקער באַקאַנט אין אָט די קרייזן, פונ־דעסטוועגן ווען איך האָב זיך גענומען קלייבן קיין מדינת ישראל, האָט דבורה ראָטבאַרד, די עקזעקוטיוו סעקרעטאַרין, געפונען פאַר נייטיק מודיע־צו־זיין די דאָרטיקע חברות וועגן מיין אָנקום און, אַז זיי זאָלן מיך מקרב־זיין. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, מיינע ליבע פריינט, אַז איך האָב עס שטאַרק אָפּגע־שאַצט, וואָרום קומען קיין ישראל און קלאַפּן טירן און דערציילן, ווי דאָס ווערטל גייט: „אני שלמה", איז ניט קיין תכלית. עס האָט מיר באמת הנאה געטאָן, ווען איך האָב דאָרטן געפונען אָט די רעקאָמענדאַציע:

מועצת הפועלות, ת.ד. 303, תל־אָביב, א"י.

ליבע חברות:

מיט דעם בריוו שטעלן מיר פאַר איך פאַר חברה קאָסאָוו פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

חברה קאָסאָוו איז לאַנגע יאָרן געשטאַנען ביי אונזערע קלובן, סיי אין עקראָן, סיי אין מיאַמי, אין דער אָנפירנדיקער אַרבעט, און זייער פיל געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן אונזערע געדאַנקען און אידעאַלן צווישן די אידישע פרויען דאָרטן.

זי קומט צו אונז, ווי אַ גאַסט, און וויל זיך באַקאַנען מיט אונזערע אויפטואונגען און מיט אונזערע אינסטיטוציעס. זי וועט דאָ פאַרברענגען עטלעכע חדשים.

מיר זיינען זיכער, אַז איר וועט אויפנעמען די חברה קאָסאָוו מיט דער פאַסיקער חברשאַפט און איר שיינקען אויפמערקזאַמקייט, כדי זי זאָל זיך קאָנען אָריענטירן און זיך געגוי באַקאַנען מיט אונזערע פרויען־ווירטשאַפטן, און שפּעטער זיך טיילן מיט אירע איינדרוקן מיט די חברות אין אירע שטעט.

פאַר דער צייט, וואָס חברה קאָסאָוו וועט ווילן אין ישראל, וועט זי געוויס אויספּעלן אין אירע קלובן, און ס'איז מעגלעך, אַז די אַרבעט דאָרטן וועט אויף אַ ווייל אָפּגעשוואַכט ווערן. דערפאַר ווען זיך באַ־נייען אירע אַקטיוויטעטן ביים צוריקקום, וואָרום זייענדיק אינספּירירט און באַגייסטערט פון אונזער אויפבוי־ווערק אין ישראל, וועט די חברה אויך באַווירקן די מיטגלידערינס פון די קלובן.

מיר מוזן פֿאַרשטיין, אַז וויפֿל מיר זאָלן ניט אַגיטירן דורך אונזערע שריפֿטן, וועט אַ פּערזענלעכער גרוס האָבן אַ גרעסערע ווירקונג.

מיט חברישן גרוס,

דבורה ראָטבאַרד



## חנה טשיזשיק

(זעקס־און־צוואָנציקסטער קאַפּיטל)

ווער ס'האָט געהאַט די געלעגנהייט און דעם כּבוד צו קאָנען, פּינקטלעכער, צו קומען אין באַרירונג מיט אָט דער מערקווירדיקער פרוי, וועט עס שוין קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. אַ מענטש מיט אויסערגעוויינטלעכן מוט און ענערגיע, אַן אידעאַליסטין, און איינצייטיק אַ פּראַקטישער מענטש מיט אַ „מאַנסבילישן" קאָפּ אויף זיך, ווי דאָס ווערטל גייט...

ס'איז ביי מיר געוועזן אַ געפֿיל פֿון דערהייבונג ווען איך האָב גערעדט צו איר, ווען איך האָב זי געזען ביי דער אַרבעט, בעת זי האָט אַדרעסירט די פֿרויען, ווען מיר זיינען געזעסן ביים זעלביקן טיש און געגעסן. און ווען איך האָב געמוזט פֿאַרלאָזן ישראל, האָבן מיר אָנגעפֿירט אַ קאָרעספּאָנדענץ פֿון דער וויטן. אָט איז איין בריוו פֿון איר:

ליבע פֿריינדין קאָסאָוו שלום וברכה!

אייער לעצטן בריוו, ווי אויך דאָס אַזוי־נייטיק פּעקל באַקומען. איך פֿרעג זיך אָפּט, מיט וואָס קאָן איך אייך אָפּדאַנקען? סיידן איר זאָלט קומען נאָך אַמאָל צו אונז אין לאַנד, און דעמאָלט...!

וואָס איז שייך מיין געזונט, איז מיר אַ ביסל בעסער, הגם די דאָקטוירים דערלויבן מיר ניט צו אַרבעטן. נאָך 45 יאָר זיין אַקטיוו אין דער באַוועגונג און — פּלוצים — באַסטאַ — אויס! איז ניט קיין גרינגע זאַך אַראָפּצושלינגען...

דער משק איז איצט שיין, גרין. די רעגנס האָבן אויפֿגעהערט, און אַלץ קוקט אויס באַנייט, אָפּגעפֿרישט. די בייטן זיינען פֿאַרפֿלאַנצט מיט בלומען. פֿון וויטן שמייכלען די בערג אין דער בלויער לופֿט. דאָס לאַנד איז גרייט אויפֿצונעמען טויזנטער עולים. פֿון וואַנען וועלן זיי קומען? אוי, ווי מיר דאַרפֿן זיי! אַ פֿאָלק איז צעשפּרייט צווישן פֿעלקער, און אַסך פֿון זיינע קינדער בייִנקען נאָכן אַלט־יונג לאַנד. און דאָס לאַנד

לעכצט נאָך אירע זין און טעכטער און וויל זיך מיט זיי פאַראייניקן...

איך האָב זיך פאַררעדט... ווי פילט איר? וואָס הערט זיך ביי אייך? נאָך אַלעמען זייט איר אַלע אַ טייל פון מיין „איך“, און איך בין אַ טייל פון אייך...

זייט געזונט און געגריסט,

חנה טשיזשיק

***

אין גיכן איז מיר אָנגעקומען אַ קורץ בריוועלע פון איר מאַן, אַז חנה איז אין שפּיטאָל. ער שרייבט:

טייערע חברה קאָסאָוו, רב שלומות!

באַקומען אייער פּעקל. זי האָט אייך ניט געקענט ענטפערן ווייל איר געזונט האָט זיך פאַרערגערט, און געפינט זיך אין בית־חולים. זי האָט געהאַט אַ בלוט־שטורץ אין קאָפּ...

איך שרייב אייך אין חנהס נאָמען. זי איז אייך דאַנקפול פאַר אַלץ.
ווען זי וועט זיך פילן בעסער, וועט זי אייך שרייבן אַ גרויסן בריוו.

מיט חברישן גרוס, מ. ד. טשיזשיק

***

ניין, זי האָט מיר ניט געשריבן קיין גרויסן און אַפילו ניט קיין קליינעם בריוו. גאָר שנעל האָט זיך די אידישע וועלט דערוואוסט וועגן חנהס פּטירה. ס'איז געוועזן אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אַלעמען, און אודאי פאַר מיר פּערזענלעך. זי שטייט פאַר מיר אַ לעבעדיקע, און אַזוי וויל איך איר געדיינקען.

## חנה טשיזשיק

שוואַרצע אויגן, שוואַרצער צאָפּ —
אַרומגעוויקלט אַרום איר קאָפּ,
איר געזיכט — דין פאַרמירט
מיט אַ שמייכל — ליב באַצירט.
איר שטימע ווייך, ווי סאַמעט גלאַט,
ס'האַרץ מיט וויטיק, צרות זאַט,
ליפּן רויטע, ווייסע ציין —
לאַכט זי האַרציק, מלא חן.

זי קאָן בעטן, אויך באַפעלן —
גראָד אָט די, וואָס איר געפעלן.
זאַמלען כוחות פאַרן לאַנד,
שטאַרקן זי מיט אונזער האַנט.
אירע רייד אַ פרייד צו הערן
און מיט חשק צו דערפילן.
קיין זאַך קען איצט ניט שטערן
זי באַשטראַלן מיט געפילן

און באַשיינקען זי מיט בלומען. —
זי וועט מער צוריק ניט קומען ...

# אַלע בעטן הילף

(זיבן־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

אָפּטמאָל ווילט זיך מיר פון גרויס צער — שמייכלען. איך באַקום בריוו, וואָס בעטן הילף פאַר פאַרשיידענע זאַכן. ס'איז שווער אַלעמען צופרידנשטעלן. אָט האָט זיך אָפּגעזוכט אַ מיידל־שול, אָדער ווי זיי רופן זיך: „בית הספר לבנות, בעיר העתיקה, ירושלים", וואו די מיידלעך, אָרעמע קינדער, דאַרפן האָבן אַ מלבוש אויפן לייב, איז ווי זאָגט מען זיי אָפּ? בפרט ווען איך האָב באַקומען אַ בריוו פון דער אויפזעערין פון דער שול, הדסה בריל, בזה הלשון:

***

זייער געערטע פרוי קאַסאָוו:

מיר האָבן באַקומען שוין צוויי פּעקלעך מיט בגדים פון איך, ליידער זיינען זיי ניט פּאַסיק פאַר די מיידלעך פון דעם עלטער. מיר ווילן האָפן, אַז פון דריטן פּעקל, וואָס איר האָט אַרויסגעשיקט, וועלן אונזערע תלמידות הנאה האָבן.

איר דאַרפט, חלילה, ניט דאַגהנען וועגן די ערשטע צוויי פּאַקעטן, מיר וועלן זיך אויסבייטן מיט אַן אַנדער שול. מיר האָבן צו איך נאָך אַ בקשה. אפשר איז מעגלעך, אַז איר זאָלט אונז שיקן שטיקלעך וואַרע, רעשטלעך פון סחורות, כדי די מיידלעך זאָלן אַליין זיך אויפנייען וואָס זיי דאַרפן (קליידלעך, בלוזעס). ערשטנס, נייטיקן זיי זיך אין אַזוינע זאַכן, והשנית, וועלן זיי האָבן דאָס געפיל, אַז זיי קאָנען אַליין באַפרידיקן זייערע נויטן...

איך ענדיק מיין בריוו מיט די בעסטע וואונטשן צו איך.

בכבוד רב, הדסה בריל

***

ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אין איין טאָג זיינען דערהאַלטן געוואָרן עטלעכע צושריפטן מיט בקשות פאַר הילף פון פאַרשיידענע גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס. איך האָב געלייענט די בריוו און דער כוח־הדימיון האָט מיך פאַרטראָגן צוריק קיין ווילנע. איך מוז זיך אַליין איבעררייסן — וואו איך זאָל ניט זיין, קום איך ווידער־און־אָבער — קיין ווילנע, מיין היימשטאָט, פונקט ווי פון אַ מאַמען קען מען זיך פון איר ניט אָפּרייסן. בקיצור, אין

# פעסיל שער־קאָסאָוו

1936 בין איך געגאַנגען אויפֿן בית־עולם, וואו ס׳האָט זיך געפֿונען דער קבר פֿונעם ווילנער גאון. ווי איך שטיי אַזוי פֿאַרזונקען אין מחשבות, באַמערק איך פֿונדעסטוועגן, ווי צוויי שקצים שפּרינגען אַריבער דעם פּלויט און נעמען רייסן עפּל פֿון אַ בוים. אַזאַ פּחיתות־הכבוד האָב איך ניט געקענט דערלאָזן, אַז איך גיב זיך אַ ריס פֿון אָרט און נעם אַוועקיאָגן די שקצים פֿון בית־עלמין! איר מיינט, זיי זיינען ניט אַוועק! און נאָך ווי אַוועק! מאָלט אייך, זיי האָבן מיך געקאָנט גוט אָנברעכן די ביינער, און קיינער זאָל אַפֿילו קיין פּיפּס ניט טאָן, וואָרום וואָס פֿאַראַ ווערדע האָט, מ׳שטיינס געזאָגט, געהאַט דעמאָלט אַ איד! וויבאַלד מיר רעדן שוין וועגן ווילנע, איז כּדאַי צו דערציילן נאָך עפּעס.

אין ווילנע האָבן געלעבט צוויי אָנגעזעענע משפּחות, פּאַטורסקי און ציפּקין. די צייט, ווי געוויינטלעך, איז ביי זיי געווען אַ שווערע. די רעגירונג האָט אָפּט, שוין צו אָפּט, אַרויפֿגעלייגט שטייערן. מען האָט ממש געהונגערט, און זיי האָבן באַשלאָסן, ווי טויזנטער אַנדערע אידישע פֿאַמיליעס צו אַנטלויפֿן פֿונעם לאַנד. אָבער וואוהין לויפֿט מען? פֿאַרשטייט זיך קיין אַמעריקע! נו, דאַרף מען דאָך האָבן וויזאַס און אַנדערע נייטיקע דאָקומענטן, און טאַקע די פּאָר דאָלאַר אויף הוצאות...

איך ווייס ניט ווי אַזוי די דאָזיקע לייט האָבן אויסגעפֿונען מיין אַדרעס. דער סוף איז געווען — מיר האָבן די צוויי פֿאַמיליעס אַרויסגעראַטעוועט קיין אַמעריקע. היינט זיינען די פּאַטורסקיס אין קאַליפֿאָרניע און די ציפּקינס — אין ישׂראל.

לאָמיר שוין אין איינוועגס דערמאָנען דעם חבר פּראַנק, אַ פֿירער פֿון „בונד״, וואָס האָט געקראָגן אונזער הילף שוין אַ ביסעלע צו שפּעט, מיט אַנדערע ווערטער, ווען ער האָט געהאַלטן ביים פֿאַרלאָזן ווילנע, זיינען אָנגעקומען די נאַציס און ער איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון זיי. זיין פֿרוי, וואָס האָט זיך געראַטעוועט, איז אָבער שפּעטער, ווען זי האָט זיך דערוואוסט פֿון איר מאַנס שיקזאַל, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

נו, איך פֿרעג אייך, מיינע ליבע פֿריינט, ווען מען לייענט אַזוינע בריוו און מען טראַכט אַזעלכע מחשבות קאָן מען אָנגיין ווייטער, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט, מיט „ביזנעס עז יוזשועל״? און ס׳האָט גראָד געטראָפֿן אַז איך האָב זיך באַקאָנט מיט דער ביאָגראַפֿיע פֿונעם גוט־באַקאַנטן בערנאַרד באַרוך, גרויסער מיליאָנער, עצה־געבער פֿון פּרעזידענטן, ווי ער פֿאַרברענגט אויף

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

דער עלטער איין גרויס לוקסוס, גאָרניט גייט אים ניט אָן. ער האָט ניט קיין דאגות און זאָרג, און באַקומט זיכער ניט אַזוינע טרויעריקע צושריפטן, ווי איך, אַ פשוטע פרוי פון ווילנע. אַז איך נעם און פאַרגעס אַלע צערעמאָניעס און שרייב אים אָן אַ בריוו, ווי מיר איז דעמאָלט געווען אויפן האַרצן, און לייג אַוועק אַזאַ שפּראַך:

פיל געערטער און הויך־געשעצטער הער בערנאַרד באַרוך:

זייט מיר מוחל, וואָס איך שרייב צו אייך אויף אידיש. דאָס איז די איינציקע שפּראַך, אויף וועלכער איך קאָן זיך פריי אויסדריקן. איך קום ניט לאַנג צוריק פון ישראל. איך האָב דאָרטן געזען אַסך עלנט און אָרעמקייט. מענטשן הונגערן, די שפּיטאָלן זיינען פול מיט קראַנקע. די אַראַבער לויערן אויף די אידישע ישובים, און גיבן זיי ניט קיין רו. די פּליטים, וועלכע האָבן ערשט דורכגעמאַכט דעם היטלער־גיהנום, האָבן ניט קיין דאַך איבערן קאָפּ. זיי דאַרפן האָבן אַרבעט. עפּעס מוז געטאָן ווערן! ראַטעווען מענטשן פון אונטערגאַנג איז — דאַכט זיך — די גרעסטע מצוה!

איך אַפּעליר צו אייך, איר זאָלט עפענען אייער האַרץ און קעשענע פאַר אונזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער!

מיט אַסך ברכות צו אייך און מיט דער האָפענונג, אַז איר וועט אויפנעמען מיין אַפּיל מיט די בעסטע כוונות.

פּעסיל שער־קאָסאָוו



מיינע פריינט! אָסור צי איך בין אַפילו זיכער, אַז ער האָט באַקומען מיינע ווערטער. און אויב ער האָט באַקומען, איז ביי מיר אַ פראַגע, צי ס׳האָט צו אים דערגרייכט. אויב ווידער מיין בריוול האָט שוין יאָ געהאַט מזל און ער האָט עס געלייענט — איז אָדער ער האָט אַ שמייכל געטאָן ,ווי איינער רעדט, מאַלע וואָס אַ ווייבל פאַלט איין אַ געדאַנק, אָדער ער האָט עס פשוט צעריסן און — שוין...

און די נויט וואַקסט מיט יעדן טאָג אַלץ שאַרפער. די פאָסט ווייסט ניט פון קיין רחמנות, זי ברענגט מיר צושריפטן פון אומעטום, און לאָזט ניט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אָט איז פאַר אַ נאָווינע אַ נייער קאָמוניקאָט:

טייערע חברה קאָסאָוו:

דער זומער איז געווין אַן עדות פון אַ סך שרעקלעכע געשעענישן אַרום אונזער קליינעם לאַנד. הגם ישראל שטייט פעסט אין אירע פאָדערונגען און דער פראָגרעס פון אונזער אַרבעט גייט אָן, מוזן מיר אָבער זיין כסדר אויף דער וואַך.

די ירדן־מלוכה טוט אונז אָן אָן־אַ־סוף צרות. מיר זיינען נאָך אַלץ אַרומגערינגלט פון שונאים, נאָענטע און אַ ביסל ווייטערע. מיר מוזן שטיצן ישראל און איר געבן אַלע מעגלעכע הילף. ישראל־באָנדס זיינען דער בעסטער אונטערשפּאַר אין דער איצטיקער צייט... איר דאַרפט זען, אַז אייער גרופּע זאָל פאַרקויפן צום ווינציקסטן פאַר צען טויזנט ד. באָנדס. אייער רעקאָרד, חברה קאָסאָוו, איז אַ גוטער, האַלט אים אָן!

מיר דערוואַרטן פון אייך אַסך אַרבעט, און מיר ווילן האָפן, אַז איר וועט אונז ניט אַנטוישן.

מיט די בעסטע גרוסן,

דבורה ראָטבאַרד

***

יאָ, עס טרעפט אַמאָל איר באַקומט אַ צושריפט, וואו מען פאָדערט ניט פון אייך, ניט קיין שטיצע, ניט קיין „באָנדס" און אַפילו ניט קיין סתם אַ ביישטייערונג. נאָך מער! מען דערמאָנט אויך ניט קיין פעקלעך. קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אַזאַ זאַך? זאָג איך נאָך אַמאָל — יאָ!

דער צושריפט, וועגן וועלכן עס ווערט דאָ גערעדט, גיט גאָר מיר „עפּעס", וואָס דערפרייט דאָס געמיט, און איר האָט דאָס געפיל, אַז אימיצער טראַכט וועגן אייך און וויל אייך מיט עפּעס דערפרייען. אדרבה, הערט זיך צו מיט ביידע אויערן:

טייערע חברה קאָסאָוו:

איר וועט געפינען אייער נאָמען אין אונזער זשורנאַל, וואו ס'איז געדרוקט די ליסט מיט נעמען פון די „ערשטע בויער". און ווען מען זאָגט די „ערשטע בויער" מיינט מען פשוט יענע חברות, וועלכע האָבן אָוועקגעגעבן צייט, מי און געלט, צו שאַפן די „פרויען־פּיאָנערן אָרגאַ־ניזאַציע", וואָס האָט אַ גרויסן נאָמען אין דער אידישער וועלט, און וועלכע טוט אויף וואונדערלעכע אַרבעט אין ישראל.

איר וועט באַקומען אייער סערטיפיקאַט גאָר אין גיכן, און מיר זיינען זיכער, ער וועט מאַכן אויף אייך אַ שטאַרקן איינדרוק מיט זיין אויסערלעכקייט און אוודאי מיטן טיפערן זין, וואָס דער דאָקומענט באַצוועקט.

ביטע, גיט איבער אייערע אַקטיווע מיטאַרבעטערינס, אַז יעדע פון זיי איז באַרעכטיקט צו אַזאַ סערטיפיקאַט, אָבער דער הויפט־דאָקומענט איז באַשטימט פאַר אייך, ווייל איר זייט טאַקע פון די סאַמע ערשטע אין אייער שטאָט, וואָס האָט צוגעשטעלט אַ פּליצע צו שאַפן אַ קלוב פון אָט דעם כאַראַקטער.

ביי דער צערעמאָניע פון אויסטיילן די סערטיפיקאַטן, דאַרפן גערופן ווערן אַלע חברות און פריינט. זיי זאָלן צוזען און ווערן סטימו־לירט און פאַרשטיין, אַז זייער איצטיקע און קינפטיקע אַרבעט ווערט און וועט ווערן אָפּגעשאַצט פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

מיט די בעסטע וואונטשן,

בוירט גאָלדשטיין, פרעזידענטין

נ. ב. אַזוי ווי איר קלייבט זיך קיין פלאָרידע — ווינטשן מיר אייך און אייער פאַמיליע אַן אָנגענעמע און פריילעכע וואַקאַציע.



# אַ גרויזאַמע צייט

(אַכט־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

נאָכן גרויסן חורבן, וואָס דער היטלעריזם האָט געבראַכט אויף אונזער פאָלק, האָט מען גענומען „ציילן" אונזערע פאַרלוסטן. צו אונזער צער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זעקס מיליאָן אידן זיינען אומגעקומען, צווישן זיי אַ מיליאָן אידישע קינדער. ס'זיינען אָבער נאָך געבליבן קינדער־יתומים אין די דייטשע לאַגערן, דורך אַ נס־געראַטעוועטע, און אין פאַרשיידענע קירכן האָבן עלטערן באַהאַלטן זייערע קינדער. אַסך פון זיי האָבן די באַרמהאַרציקע גלחים און נאָנעס אָפּגעשמדט. די אידישע געזעלשאַפט האָט אַרויסגעלאָזן אַן

„אַפּיל", מען זאָל אויפזאַמלען אָט דאָס טייערע קליינוואַרג און אַריבערפירן קיין ישראל, וואו זיי זאָלן קאָנען דערצויגן ווערן ווי נאָרמאַל־געזונטע אידן. ס'האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסער פאָנד פאַר דעם צוועק. ס'איז אויפגעקומען דער פּראָיעקט, אַז אידישע פאַמיליעס אין אויסלאַנד זאָלן „אַדאָפּטירן" אַ אידיש קינד.

אין 1964 האָב איך „אַדאָפּטירט" 6 קינדערלעך פון די דייטשע לאַגערן און אויך פון פּוילן גופא. ס'האָט זיך געפאָדערט ניינציק דאָלאַר אויף אויס־צוהאַלטן אַ חודש אַ קינד אין ישראל. די פולע סומע האָט באַטראָפן $380. פאַר זעקס — האָבן זיך אָנגעקליבן $2,280. אמת, ס'איז געווען אַ ביסל שווערלעך, נאָר דער געדאַנק, אַז מיט דעם געלט וועלן געראַטעוועט ווערן אידישע קינדערלעך — האָט דערפרייט די נשמה. איך האָב אויך געזאָרגט, אַז מיינע חברות און פריינט זאָלן טאָן דאָס זעלביקע...

אָ, וואָס פאַראַ צייט ס'איז דעמאָלט געווען! מיין מאַנס קאַר האָט בשעתו געפירט אונזערע פריינט צו די פאַרזאַמלונגען פאַר דעם צוועק. די קאַר, נעבעך, איז געווען איבערפולט. ס'איז געווען ווינטער, און איך האָב אָפט געדאַרפט גיין צופוס, ווייל קיין אָרט האָט ניט געסטייעט פאַר מיר. נאָר וועמען האָט עס געאַרט? מיר זיינען אַלע געווען פאַרכאַפּט פונעם נאָבעלן צוועק.

גלייבט מיר, ס'איז גאָרניט קיין חידוש וואָס מ'האָט געפונען אַזוי פיל אידעאַליזם ביים אידישן עולם! מיר געדיינקט זיך ווי מיין ווילנער חברה, אַנאַ כייעטאָן, האָט שטודירט אויף אַ פאַרמאַצעווטן מיטן איינציקן ציל, ווען זי וועט ענדיקן וועט זי אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל און זיך מאַכן דאָרטן נוצלעך מיט איר פאַך. זי איז געווען אַ באַגאַבט מיידל און צו אַכצן יאָר האָט זי באַקומען איר דיפּלאָמע. נו, ווי זאָגט מען עס, דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פונעם ביימעלע. איר פאָטער האָט געהאַט אַן „אַפּטעקאַרסקי מאַגאַזין" אויף דער דייטשער גאַס. אַנאַס חתן האָט שטודירט אַגראָנאָמיע אויך אין די אינ־טערעסן פונעם הייליקן לאַנד. זיי זיינען שפּעטער ביידע אַוועקגעפאָרן אַהין און דאָרטן חתונה געהאַט. יאָ, העיקר שכחתי — די חתונה איז פאָרגעקומען ביי אוסישקינען אין הויז.

די פרייד פון פאָרן קיין ארץ ישראל האָט זיך אויסגעדריקט אויף פאַר־שיידענע אופנים, און ניט אין איין ליד. און פאַראַ נאָווינע האָבן זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אָט די שורות:

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

## אידן פאָרן קיין ארץ ישראל

עס שפּילן זיך שאָטנס מיט שטראַלן־זון —
דאָס זיינען גאָטס פינגער, צי וויסט איר דערפון?
אויפן ים די כוואַליעס — פאַרשטעלן דעם האָריזאָנט —
כ׳האָב זיך אין אַ האַרציקער תפילה דערמאָנט.
וואו נעמט מען כוח צו שילדערן גענוי —
פון ווינט און כוואַליעס דעם געוואוי —
וואָס ווילן זיי אונז זאָגן פאַראַ געדאַנק?
ישראל איז אונזער גרעסטער געשאַנק?
מיר גלייבן, מיר גלייבן, דעם ווינט און דעם ים.
די זון פאַרגייט אין אַ פייערדיקן פלאַם.
און אין האַרצן גייט אויף דער גרויסער ביטחון —
הגם ס׳איז ניט שבת, נאָר אין דער וואָכן.
מיר ווינטשן, אַז רו און שלום זאָל זיין
פאַרשיכורן די מענטשן ווי מיט שטאַרקן וויין
זאָל שטורמען דער ים. מיר האָבן ניט קיין מורא —
ווייל מיר גייען מיט גאָט און מיט זיין תורה...!

***

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיין חברה אסתר באַגען, אַן אינטעליגענטע און פאַרדינסטפולע פרוי, וואָס איז כדאי צו ברענגען אין דרוק. זי שרייבט:

טייערע חברה קאָסאָוו:

איך האָב געלייענט אייער בריוו מיט גרויס פאַרגעניגן. דאָס איז אַ שריפט פון אַן אידעלער, ענערגישער חברה, וועלכע ברענגט אַריין לעבן און אַקטיוויטעטן אין דער באַוועגונג.

איך האָב אויך פריער באַוואונדערט אייער מוטיקייט, וואָס טראָגט אַ יוגנטלעכן ברען. ניט אומזיסט! איר זייט באַקאַנט מיט דער טעטיקייט פון אונזערע חלוצים און חלוצות און שעצט אָפּ זייער קרבנות־גרייטקייט און אידעאַליזם.

אין די קאָמוניסטישע קרייזן רעדט מען אַ סך וועגן קאָלעקטיווי־זאַציע, אָבער עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן זי דורכצופירן אויף אַ פרייוויליקן אופן, נאָר בלויז דורך צוואַנג. צו פירן אַ בשותפותדיקן

לעבן איז ווייניק אַ פּאָליטישע פּראָגראַם, טעאָריע אַליין איז ניט גענוג, ווייל דער מענטשלעכער עגאָאיזם איז פּיאיק צו צעברעכן יעדן קאָלעק־טיוון בונד. נאָר דער אידעאַליזם און מסירת־נפש פונעם יחיד, פון אַסך אַזוינע יחידים, איז מסוגל צו שאַפן אַ קאָלעקטיווע געזעלשאַפט, וואָס זאָל דורכפירן אירע פונקציעס מיט פאַרשטענדעניש און דרך־ארץ פאַרן יחיד און פאַרן כלל...

עס איז פאַראַן מער קאָמוניזם, אין העכערן זין פון וואָרט, ביי אונז אין אַ קיבוץ, ווי אין די, אַזוי־גערופענע, קאָלכאָזן אין לאַנד פון די רויטע. ווי אַ ביישפּיל צום ענין איז כדאי צו ברייננען אַזאַ פּשוטן פאַקט:

אַ קיבוץ־אינגעלע איז געקומען צו גאַסט קיין תל אָביב. גייענדיק אין גאַס, איז ער געוואָרן דאָרשטיק, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ קיאָסק, און געבעטן אַ פלעשעלע „גאַזאָז“, געשטילט דעם דאָרשט האָט ער זיך געלאָזט ווייטער גיין. דער קרעמער שטעלט אים אָפּ און מאָנט באַצאָלטס. דאָס אינגלע קען עס ניט באַנעמען. ביי אים אין קיבוץ קריגט ער אַלץ וואָס ער דאַרף אָן דער פאַרמיטלונג פון געלט. — מיט אַנדערע ווערטער, דאָס קינד איז דערצויגן ניט אין גייסט פון פּריוואַט־אייגנטום. זיינע עלטערן, ווייסט ער, אַרבעטן פאַרן אַלגעמיינעם וואוילזיין, און באַקומען אַלץ, אין וואָס זיי נייטיקן זיך.

איך וויל האָפן, אַז מיר אַלע וועלן נאָך זוכה־זיין, אַז אַזאַ סדר עולם וועט איינגעשטעלט ווערן אין גאַנץ ישראל! און מיר וועלן זיין אַ מוסטער פאַר דער איבעריקער וועלט.

אַמעריקע איז אוודאי גרויס און רייך מיט אירע וואונדערלעכע לאַנדשאַפטן און נאַטירלעכע אוצרות. גליקלעך איז דער מענטש, וואָס איז מסוגל צו געניסן פון זיי און אָפּצושאַצן זייער שיינקייט. מיין האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט שטאָלץ אויף דער שיינקייט פון אונזער לאַנד, ישראל!

אייער חברה, אסתר באָגען

# אַ טשיקאַוואער שמועס מיט וולאַדעקן

(ניין־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל)

ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דער באַרימטער רעדנער און שרייבער, וולאַדעק־טשאַרני, געפינט זיך אין ארץ ישראל, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן אומווידערשטיאיקער פאַרלאַנג אים צו קומען זען. איך האָב אים געהערט, ניט איינמאָל, אין ווילנע, אין יענע יוגנטלעכע טעג, ווען ס'האַרץ האָט געפלאַטערט מיט גרויסע האָפענונגען, וועלכע ער און אַנדערע, ווי ער, האָבן אויפגעוועקט אין מיר, און אין טויזנטער אַנדערע פאָלקסמענטשן, און שפּעטער בין איך געווען אָפט ביי זיינע לעקציעס און פאָרטראַגן אין ניו יאָרק.

ער, ווי אַ בונדיסט, האָט געבויט זיינע טעאָריעס אויף דער אַלטער הנחה, אַז ביים פאַנאַנדערפאַל פון דער צאַרישער אימפעריע, וועט קומען צו דער הערשאַפט אַ דעמאָקראַטיע, פינקטלעכער, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג, וואָס וועט געבן נאַציאָנאַלע פרייהייט צו אַלע פעלקערשאַפטן וועלכע באַוואוינען דאָס ריזיקע לאַנד, און אידן וועלן קריגן אַ מין סאָרט „אויטאָנאָמיע״, וואו מען וועט קאָנען לעבן אין רו און אַנטוויקלען די אידישע קולטור, און נאָך אַזוינע שיינע זאַכן. — און וואָס ס'איז שייך ציוניזם, האָט דער „בונד״ באַטראַכט פאַר אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג, וואָס קען קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכן זיינע ענד־צילן.

און אויף דעם סמך און אין דעם גייסט, האָבן וולאַדעק און אַנדערע בונדיסטן געשריבן זייערע אַרטיקלען און געזוכט צו באַאיינפלוסן זייערע לייענערס. נו, האָב איך געוואָלט הערן זיין מיינונג אַצינד וועגן זיין אַמאָליקער לערע און וועגן דער מדינה אונזערער.

איר וועט זאָגן, ס'איז אַ שטיקל חוצפה פון מיר, אַ פּשוטע פרוי, צו קומען צו אַן אָנגעזעענער פּערזאָן מיט אַזוינע פראַגן. איך האַלט אָבער פון דעמאָקראַטיע! און ער, וולאַדעק, האָט דאָך אַ לעבן־לאַנג געפּרעדיקט דעמאָקראַטיע!

איז אָט זיץ איך מיטן „יונגן לאַסאַל״. אמת ער איז שוין מער ניט יונג, איך אַוודאי ניט! און איך דערצייל אים, אַז איך בין זיינע אַ כמעט לאַנדספרוי. אין זיין צימער, אין האָטעל פרידמאַן, איז שטיל. די זון שיינט אַריין. זי וויל מסתמא אויך הערן, וואָס ער האָט צו זאָגן. אָבער ער גיט מיר גלייך אַ זאָג: — איך האָב ניט פיל צייט. כ'דאַרף זיין ביים נציב אויף מיטאָג.

— איר וועט מיך מוזן אויסהערן, חבר וולאַדעק! — האָב איך די העזה אים צו זאָגן.

— נו, גוט, מאַכט ער — מאַכט עס אָבער קורץ!

— איז אייער קומען קיין ארץ ישראל ניט קיין באַוויז, אַז איר האָט געגרייזט אין אייער לערע צו אונז פשוטע מענטשן?

וולאַדעק קוקט מיך אָן, ווי איך וואָלט, חלילה, אַראָפּ פון זינען, וואָס איך קום אַצינד, נאָך אַזוי פיל יאָרן, אים זאָגן מוסר. און ער ענטפערט פונדעסטוועגן:

— געגרייזט ניט געגרייזט, אַזוי איז דאָס לעבן, דאָס איז ערשטנס. צווייטנס, אַז מען באַזוכט אַ לאַנד מיינט עס, אַז מ׳האָט געגרייזט? און ווען ער האָט געזאָגט די ווערטער, האָט זיין פּנים אויסגעדריקט אַסך טרויער און צער.

— קען די בונדישע לערע דורכגעפירט ווערן אין לעבן אַצינד? — לאָז איך אים ניט אָפּ.

אָנשטאָט צו ווערן אין כעס, מאַכט ער זייער מילד: — איך ווייס ניט...

— ווער זאָל וויסן? — איר זייט דאָך אונזער לערער!

איך זע, ער וויל זיך שוין אָפּטשעפּן פון מיר, פרעגט ער האַלב ערנסט, האַלב איראָניש: נו, זאָגט איר, וואָס דאַרף מען טאָן?

— מען דאַרף דערציילן דער וועלט, דער עיקר די אידן, אַז מיר אַלע האָבן געלעבט אין טעות. בלויז ארץ ישראל קאָן לייזן די אידישע פראַגע — באַשטיי איך.

ער האַלט שוין די קליאַמקע אין האַנט און ער זאָגט: — גוט, כ׳וועל דערציילן... און ער קוקט ווידער אויף מיר, ווי אויף אַן אַנשיקעניש.

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך אַליין האָב אויך אַזוי געטראַכט וועגן זיך שפּעטער. וואָס האָב איך זיך אָנגעזעצט אויף אַ מענטשן, גלייך אין זיינע הענט וואָלט געלעגן דער גורל פון אונזער פאָלק? און ווער בין איך, וואָס דאַרף אים זאָגן אַ דעה וועגן וואָס צו רעדן און צו שרייבן?

אָבער, ווי גייט דאָס ווערטל — „מען קען פון דער אייגענער הויט ניט אַרויסשפּרינגען!" אַזוי בין איך, און אַזוי וועל איך שוין פאַרבלייבן.

קומענדיק אַהיים, קיין אַמעריקע — בין איך געוועזן שטאַרק איבערראַשט און — צופרידן, ווען כ׳האָב באַמערקט אַן ענדערונג אין וולאַדעקס אַרטיקלען, כ׳מיין אַ סימפּאַטישע פאַרשטענדעניש פאַר די אידישע אַספּיראַציעס לגבי

ארץ ישראל. לאַכט ניט פון מיר! כ׳האָב זיך ניט איינגערעדט, אַז דאָס האָט וולאַדעק עס געטאָן אונטער מיין איינפלוס! וואָס איז דער אונטערשייד? און אפשר האָב איך זיך עס יאָ איינגערעדט, קיין שאָדן וועט עס קיינעם ניט ברייגנען!

אָט דעם אינצידענט איז מיר אָנגענעם צו געדיינקען!

עס איז אַוועק אַ קורצע צייט. ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך האָב געדאַרפט זיין אין דעם „פאָרווערטס״ בנין, און עס גיט מיך אַ צי אַריינצוגיין צו וולאַדעקן און אים געבן „שלום״. געטראַכט און געטאָן! פונדעסטוועגן האָט מיך אַ פּיק געטאָן אַ געדאַנק. דער מענטש איז מסתמא פאַרנומען און ער וועט מיך ניט קענען זען, דאָס איז ערשטנס, און צווייטנס, ווען אַפילו כ׳זאָל יאָ האָבן אַ צוטריט צו אים, וועט ער מיך ניט דערקאָנען, וואָרום גאָר ניט לאַנג צוריק האָט מען אים אָפּעריירט אויף אַן אויג, און...

בקיצור, מיין אימפּעט האָט מיך אַריינגעטראָגן צו אים אין אָפיס. איך בין געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג און געוואַרט. וולאַדעק האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און האָט מיך געבעטן אַריינגיין.

„וואָס זשע, איר האָט מיך טאַקע דערקאָנט, מר. וולאַדעק?״ — האָב איך געפרעגט פול מיט חידוש.

„פאַרוואָס זאָל איך אייך ניט דערקענען?״ — זאָגט ער גראָד אָן חידוש — „מיר האָבן זיך דאָך ערשט ניט לאַנג געזען אין פּאַלעסטינע״.

וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען, מיינע ליבע פריינט, ס׳האָט מיך בפירוש הנאה געטאָן, וואָס ער האָט אַזאַ גוטן זכרון. צוריק געשמועסט, קאָן מען האָבן אַ גוטן זכרון, נאָר אַז מען וויל פּטור ווערן פון אַן אומגעוואונטשענעם גאַסט, מאַכט מען שוין דעם „ריכטיקן״ אָנשטעל, און מען מוז זיך, במחילה, אָפּטראָגן מיט חרפּה און בזיון...

מאָלט אייך, כ׳האָב געהאַט אַ שטיקל סיבה מיט מיין אומגעריכטן וויזיט. ער האָט געהאַט פאַרגעסן געוויסע בילדלעך, וואָס ער האָט גענומען אין פּתח־תקווה, און איך האָב געוואוסט דערפון. און אָט האָב איך זיי אים געבראַכט.

ברוך טשאַרני־וולאַדעק איז אַ איד — אַ דזשענטלמאַן. ער האָט מיך באַטראַכט מיט אַ געוויסן דאַנק־אויסדרוק. ער האָט, פאַרשטייט זיך, גענומען די בילדלעך, און מיט אַ צופרידענעם שמייכעלע זיי באַהאַלטן, און געפרעגט:

— נו, וואָס פאַר אַ נייעס האָט איר צו זאָגן?

„אַלע נייעסן ווייסט איר זיכער בעסער פאַר מיר! איז וואָס קאָן איך אייך שוין דערציילן, מר. וולאַדעק?‟ האָב איך געענטפערט. „נו, איך האָב געטראַכט אייך פשוט צו זאָגן „שלום־עליכם‟, וויבאַלד איך געפין זיך אין „פאָרווערטס־בילדינג‟. — און איך בין אַ צופרידענע אַרויס פון זיין אָפיס.



## מיין מאַן, זאָל געזונט זיין, איז נעבעך שטאַרק קראַנק

(דרייסיקסטער קאַפּיטל)

איך האָב שוין דערציילט אין פריערדיקע קאַפּיטלען וועגן מיין מאַן, קאַסאָוו, און זיין קראַנקייט. אויב איך שטעל זיך ווידער אָפּ אויף דעם ענין, איז עס דערפאַר, ווייל זיין חולאת האָט אָנגענומען אַ פאַטאַלן כאַראַקטער.

ער איז שוין עטלעכע מאָל אַריין־און־אַרויס פון שפּיטאָל. און יעדעס מאָל, ווען איך פיר אים אַוועק אַהין, פאַלט מיר איין ס׳האַרץ, צי וועל איך אים שוין זען נאָך אַמאָל?

מיין מאַנס קראַנקייט ציט זיך שוין העכער דרייסיק יאָר. עס הייבט זיך אָן נאָך אין יענער צייט, ווען ער האָט געפּלאַנעוועט צו באַזוכן זיין משפחה אין סאָוועט־רוסלאַנד. ער האָט שוין געהאַט געמאַכט פאַרבינדונגען מיטן רייזע־אַגענט און צוגעגרייט אַלע פאָרמאַליטעטן. פּלוצים ברעכט אויס דער צווייטער־וועלט־קריג, און פון אַלע פּלענער לאָזט זיך אויס — אַ בוידעם. פאַר אים איז עס געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ! ערשט דעמאָלט דערוויסן מיר זיך אָן ער האָט אַ שוואַך האַרץ, וואָרום ער האָט זיך עס גענומען שטאַרק צום האַרצן. זיינע ברידער, שוועסטער, אייגענע האָט ער אַ צייט ניט געזען און ער האָט געביינקט און געהאָפט זיי נאָך צו טרעפן, און דאָ, מיט אַמאָל, אַזאַ אומגליק!

מיר האָבן אים בשעתו אַוועקגעשיקט אין „פאַרבאַנד־קעמפּ‟, ער זאָל זיך דאָרטן אָפּרוען און באַרואיקן (ס׳איז געווען זומער־צייט). מיינער אַן אייגענער, וואָס האָט זיך דאָרטן אויך געפונען האָט אַכטונג געגעבן אויף אים. ער זאָל עסן אין צייט, און דער עיקר — האָבן מנוחה. (ווי איך האָב שוין אַמאָל דערמאָנט, האָבן מיר ביינאַנד ניט געקענט פאָרן, ווייל מ׳האָט געדאַרפט

זאָרגן וועגן אונזער געשעפֿט.) און אין אָוונט, ניט געקוקט אויף אַלע מיאונגען, האָט ער געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע. מ׳האָט אים אַוועקגעפֿירט מיטן אַמבולאַנס אין שטעטלשן שפּיטאָל, און מיך געלאָזן וויסן די „גוטע" בשורה צוויי פֿאַרטאָג...

פֿון דעמאָלט־אָן איז שוין באַלד געוואָרן אַ „געוואוינהייט" אים צו באַזוכן אין שפּיטאָל. און הגם ער האָט די גאָר גרויסע פּראָפֿעסאָרן — קען מען ניט דערגיין קיין טאָלק, וואָס אים איז אַזוינס, וואָרום חוץ האַרץ־קראַנקייט, האָט ער נאָך אַ האַלב טוץ אַנדערע חולאתן. ער איז, נעבעך, אויסגעדאַרט און אומבאַהאָלפֿן, מיד און אויסגעשעפּט. בלויז דער מוח אַרבעט, און די אויגן דערציילן, וואָס ער ליידט, נעבעך אויס. איר פֿאַרשטייט אַליין, אַז איך וואָלט אַלץ געטאָן, אַז זיין מצב זאָל זיך בעסערן. איך גיי אָפּט אין שפּיטאָל מיטן בטחון, אַז עפּעס אַ נס וועט געשען און עס וועט געפֿונען ווערן אַ רפֿואה אויך פֿאַר אים.

דער „מאָונט־סיינאַי" שפּיטאָל איז אַוודאי אַ גרויסאַרטיקע הייל־אינס־טיטוציע. עס כאַפּט דעם אָנבליק פֿון איינעם פֿון די גאָר רייכע האָטעלן. עס איז אָפּגערעדט, אַז יעדעס צימער האָט „איר־קאָנדישאָן", ס׳איז דאָרטן אויך פֿאַראַן אַ טעלעוויזיע, און די פּאַציענטן קאָנען זיי קאָנטראָלירן ליגנדיק אין בעט. די דאָקטוירים, יעדער אַ ספּעץ אין זיין צווייג, זיינען מאַנהיים און טוירקין. זיי פֿאַרזיכערן מיר, אַז זיי טוען אַלץ צו העלפֿן מיין מאַן.

איר קאָנט זיך פֿאָרשטעלן זיין פֿרייד, ווען ער דערזעט מיך! וואָרום ער ליגט גאַנצע שעהן אויף זיין געלעגער אין ליידן. די ערגסטע זאַך איז, וואָס ער קען ניט, צוליב זיינע שוואַכע אויגן — לייענען. און ער, אַ מענטש, וואָס האָט אַ לעבן־לאַנג זיך ניט געקענט באַגיין אָן אַ צייטונג, אַ זשורנאַל, אַ בוך.

ער פֿרעגט זיך אויס ביי מיר, און ביי דער גרויסער צאָל פֿריינט, וועלכע באַזוכן אים, אויף די נייעס פֿון דער וועלט, דער עיקר — וועגן ישראל. ער לעבט ממש אויף, ווען ער הערט אַ גוטע בשורה פֿון יענעם לאַנד. זיין האַרץ און געדאַנק זיינען באַשעפֿטיקט מיטן ישראל־פּראָבלעם.

ווען קאָסאָוו זעט, אַז איך בין באַזאָרגט וועגן זיין געזונט־צושטאַנד, טרייסט ער מיך: „זאָרג זיך ניט!", „נעם זיך ניט צום האַרצן!", „ס׳וועט נאָך זיין גוט!" — און אַמאָל ווען ער פֿילט שוין גאָר שטאַרק די ווייטיקן — טרייסט ער מיך: „נו, אַ מענטש לעבט דאָך ניט אייביק!"

ווען איך גיב אַ טראַכט, אַז אָט דער מענטש האָט שוין דורכגעמאַכט צוויי

אָפּעראַציעס, און אַ דריטע קלייבט מען זיך אים צו מאַכן — גייט מיר דורך אַן אייזיקע קעלט איבערן רוקן.

מיין טאָכטער, אַנאַ, און איר מאַן, זיינען אָפטע באַזוכער ביי אים. זיי ברענגען אים עפּעס יעדעס מאָל צו דערפרייען זיין געמיט. ער באַטראַכט מיינע קינדער ווי זיינע אייגענע. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין קינדער...

עס איז איבעריק, גלייב איך, צו זאָגן, אַז אים ציט אַהיים. אים איז שרעקלעך מיאוס געוואָרן דער שפּיטאָל, באַזונדערס די אַטמאָספערע דאָרטן, הגם די „נוירסעס" זיינען צו אים פריינדלעך, און לויבן אים פאַר זיין איידעלער און פיינער האַלטונג. אין די גרעסטע ווייען וויצלט ער זיך מיט זיי. ער איז, אין זייערע אויגן, „אַ פּערפעקטער פּאַציענט!".

אַט אַזוי גייען די טעג פון מיין לעבן — סיי אין שייכות צו אָרגאַניזאַצ־יאָנעלע אַרבעט, סיי צו די פליכטן צו מיין חבר און מאַן...

# אַ חלום פאַרווירקלעכט

מיין חלום ווערט פאַרווירקלעכט — איך בין שוין אין ארץ־ישראל. ס׳איז דאָס יאָר 1936. אַ לעבן לאַנג געהאָפט, און אָט: דריי חדשים אין ירושלים מיט ווייטיק און צווייפל פאַר רו און שלום!

געקומען מיט מיין טאָכטער לאה דעם צווייטן טאָג פסח. ראַביי סטעמ־פער, אונזער אַ גוטער פערזענלעכער פריינט, האָט באַשטעלט פאַר מיר מיט מיין טאָכטער פלעצער צו פראַווען דעם יום־טוב ביי אַמדורסקין. אָבער די שיף „וואולקאַניאַ" האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן ים צוליבן גרויסן נעפל, און מיר זיינען שוין געקומען נאָך די סדרים. מיינע האָפענונגען זיינען צעשטערט! ס׳פאַנגען זיך אָן פאַגראָמען, הריגות, צעשטערונגען, פאַרצווייפלונג.

אַריינפאָרנדיק אין חיפה, איז מיין חברטע פייגעלע זייד, פון ווילנע, גלייך געקומען מיר באַזוכן. זי און איר מאַן סענדער זייד האָבן מיר געהאָלפן פאָרן קיין „פאַלעסטינע" נאָך העט אין 1902. ניט נאָר האָבן זיי מיך דערקענט, נאָר אַלעקסאַנדער (סענדער) האָט מיר דערמאָנט אַ סך זאַכן וואָס כ׳האָב אַליין ניט געוואוסט, ווי למשל: ישראל זאַס, זיין פערזענלעכער חבר, האָט זיך אין מיר פאַרליבט, און ניט געהאַט דעם מוט מיר צו זאָגן... ער דערמאָנט מיר פון נאָך פיל חברים און חברות, און נאָך אַ סך איבערלעבונגען. איך האָב געוואוסט פון זיין העלדישקייט — אונזער „גאַריבאַלדי" — אין ישראל. מען האָט פון אים אַ סך גערעדט און געשריבן.

יע, מיין רייזע איז געווען ניט צו פאַרגעסן! מיר האָבן געדאַרפט אַרויס־פאָרן אין מערץ און געפאַקט זיך שוין פון וואָכן לאַנג; און ווי מיין מאַן האָט מיר געזאָגט: „לאָז כאָטש דעם טיש און די בעט"... אַלץ, אַלץ וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט פאַקן, איז געווען איינגעפאַקט; אַ חוץ אַ זייער גרויסן רעקאָרד־שפּילער, וואָס מען האָט דאָס פאַר מיר איינגעפאַקט, אויך 90 רעקאָרדס.

דער אַגענט שיקט שוין אָפּ אַרום 14 איינגעפאַקטע קאַסטנס און קעסט־לעך. מיין טאָכטער איז אָפּגעפאָרן מיט אַכט טעג פריער, צו שטיין מיט מיין שוועסטער. און אָט געפינט מען אויס, אַז אין פּיטסבורג איז פאַרהאַלטן געוואָרן מיין גאַנצער באַגאַזש, צוליבן גרויסן שטורעם. אַ שרעקלעכע צייט, אַפילו הייזער זיינען אַוועק מיטן וואַסער. איך בין דערווייליע אָפּגעפאָרן קיין ניו־יאָרק: אפשר איז ער שוין פאָרט אָנגעקומען? בין איך געלאָפן צום פאָרט זיך דערוויסן וואָס ס׳הערט זיך. דער אַגענט, מיין מאַן און מיין טאָכטער ראָוז האָבן גערופן פּיטסבורג און איין מאָל: ניין, ניטאָ!

## אַ לעבן פאַרן פאָלק

אָט איז שוין געקומען די צייט: פאָרן, אָדער ניט פאָרן?!
ווי גאָט וועט געבן, אַזוי וועט זיין — מיר פאָרן!

דורכגעפאָרן אייניקע שטעט אין איטאַליע, וואו מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיי באַטראַכט. איבעראַל טורס — אין פּאַלערמאָ, אין יעדער שטאָט אין איטאַליע. גייען מיר זאַלבע אַכט שטענדיק צוזאַמען: פרוי קאַטקאַ, ריכטער דרוקערס שוועסטער פון קליוולאַנד, מרס. קאהן און אַן איטאַליעניש־אַמעריקאַנער דאָקטאָר (וואָס איז געווען פאַרליבט אין מרס. קאהן), מיין טאָכטער און איך.

אַריינפאָרנדיק אין פּאַלערמאָ, זיינען מיר אַריינגעגאַנגען אין אַן אַלטער גרויסער קאַטעדראַלע, וואו ס'זיינען געזעסן אַרום 5־6 הונדערט פרויען, אַלע אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט שוואַרצע קאָרדענע שאַלן — און כמעט אַלע ווי איינע פאַרבראַכן די הענט און אַראָפּגעלאָזן די קעפּ. אין רעכטן ווינקל פון קלויסטער איז געשטאַנען אַ גלח און גערעדט. וואָס? — ווייסן מיר ניט, אַ חוץ דער איטאַליענער. אָבער ער וויל פאַר קיין פאַל ניט זאָגן. נאָר אָט האָבן מיר זיך אַליין דערוואוסט: מוסאָליני האָט באַזיגט עטיאָפּיע. און דער מאַרש, וואָס מען האָט די גאַנצע צייט געשפּילט אויפן שיף צום טאַנצן, איז דאָס געווען מוסאָליניס זיג־מאַרש.

נאָך דעם זיינען מיר אַראָפּ צו די קאַטאַקאָמבעס, וואו מיין לאה האָט געמוזט באַרגן אַ שאַל צוליב אירע צו קורצע אַרבל... יע, אַרויסגייענדיק איז געזעסן אַ יונגער גלח, פאַר וועמען אַ פרוי האָט זיך מתוודה געווען. זי איז געזעסן ביים קליינעם אָפענעם פענסטערל; ער אין אַ קליינעם צימערל מיט אַן אָפענער טיר; זי וויינט מיט ביטערע טרערן; און ער לאַכט איינגעהאַלטן...

מיין לאה שרייט אויס: „דאָט איז דוירדי, דאָט פור וואומען קרייס ענד האָללערס!" כ'האָב זי אויף גיך אַרויסגעשלעפּט אין דרויסן.

יע, איטאַליע איז שיין. ווענעציע איז אַ פלאַץ ניט צו פאַרגעסן!

איבעראַל זיינען מיר געגאַנגען אין די אַלטע אידישע געטאָס. אין ווענעציער געטאָ זיינען דאָ פיר אידישע שולכעלעך. דריי האָבן מיר באַזוכט; די פערטע האָבן מיר אויסגעמיטן — איז אַרויס אַ דיקע איטאַליענערקע (אידישע) שמשטע און זיך הויך צעשריען, באַליידיקט וואָס מיר האָבן איר אויסגעמיטן. בכדי גוט צו מאַכן האָבן מיר געמוזט פאַר איר קויפן אַ זעקל מעל... ניט ווייט פון דאָרט — אַ קרעמל, אַ לאָך אין אַ וואַנט.

מיר'ן נאָר געוואָלט באַזוכן אידישע פלעצער. אין פּאָרטוגאַל האָבן מיר באַזוכט אַן אַלטע קאַטעדראַלע, וואו ס'האָט זיך נאָך, דאַכט זיך, געשפּירט דאָס פאַרברענטע אידישע בלוט...

דאָס שולכעלע איז פול מיט קעסטלעך אויפן וואַנט ביים אַריינגאַנג, אַריינצוואַרפן געלט פאַר פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס. און אָט קומט דער שמש — אַ קליין שוואַרץ אידעלע, וואָס רעדט העברעאיש. זיין זון איז דער רב. מיר פרעגן אים וועגן מאַראַנען און ער ענטפערט מיט התפעלות: „אנוסים רבים! מרנים רבים!..."

מיר קומען אין אַלזשיר. ביים אַריינגאַנג פון שיף שטייען אידישע ווייבער מיט קאָשיקעס פול מיט פאַרשיידענע זאַכן; פאַרשוואַרצטע, פאַרחושכטע אידישע ווייבער. אָט דרייען זיך אַרום אַראַבער אויסגעפּוצטע; און אָט פּאַרי־זעריבס אין די לעצטע מאָדעס. אָט אַ פרוי מיט אַ קינד אויפן האַנט, אָפּגעריסן אין טראַנטעס; און אָט אַ קליינינקע בעטלערקע אויסגעשטרעקט די האַנט.

אַריינגיין אין מעטשעט האָט מען געמוזט אויסטאָן די שיך — אַ טעפּעך איז געלעגן אויפן דיל. אין מיטן איז געשטאַנען אַ לאַנגער קאַסטן, דאָרט ליגט אַ „הייליקער". ביים זייט פון קאַסטן זיינען אָנגעוואָרפן שטיקלעך ברויט. בעטלער אַרום און אַרום. די שטאָט אַליין איז אַ ליכטיקע, אַ וואַרעמע. ביים ברעג פון ים, קינדער טויכן זיך אַרונטער צו כאַפּן די ניקלס און אַנדערע מטבעות וואָס די טוריסטן וואַרפן אַרונטער. זיי כאַפּן מיטן מויל אָדער לאָזן זיך אַרונטער צום דעק. ווירקלעך קונציק, איבעררראַשנדיק. די רייזע איז ניט צו פאַרגעסן.

אַריינגייענדיק אין שול — די זעלבע זאַך ווי ביי אונז: אַ בימה, אַ סידור. דער איינציקער אונטערשייד: דער דיל איז באַדעקט מיט אַ רויטן טעפּעך. אַזוי ווי ס'איז געווען ערב פּסח, זיינען געשטאַנען ווייבער און געררייניקט. עס זיינען געשטאַנען אַ סך כלים מיט וויין. אויך האָבן זיי געהאַט מצה — ניט ווי ביי אונז, נאָר גראָבע טייג, מיט לעכלעך.

שפּאַצירנדיק איבער די גאַסן איז געווען ממש אומגלויבלעך צו זען דעם אונטערשייד צווישן רייך און אָרעם: פרויען איינפאַך אין טראַנטעס געקליידט; און פרויען אין העכסט־מאָדערנע קליידער, וואו דער קאָסטיום איז געווען פון זעלבן קאָליר ווי די האָר. און געזען האָב איך דאָס צום ערשטן מאָל: ווי בלויע האָר, גרינע האָר אד"גל.

## אַ לעבן פאַרן פּאָלק

אין איטאַליע האָט מען אַזוינע אונטערשיידן ניט געקענט טרעפן. די אָרעמקייט האָט זיך אָנגעזען איבעראַל.

און אָט פאָרן מיר דאָ אַרום אויף אַ טור איבערן באַרג מאלפא סירענטאָ שעהן לאַנג. ס'איז פאַרכאַפּנדיק שיין. אָט אַ בריקעלע, אַ טונעל, שיינע גאָרטנס אד"גל. מיר זיינען אַנטציקט פון די שיינע לאַנדשאַפטן.

אָט גייען מיר אַריין אין אַ רעסטאָראַנדל — גייט אַרויס אַ גאַנצע קאַ־פעליע שפּילער און זינגער. איינער פון זיי, אַ בלינדער, איז אַ געוועזענער מעטראָפּאָליטען־„סטאַר".

נאָך שעהן פון דרייען זיך אויפן באַרג, „חלשן" מיר עסן. און אָט, גאָט צו דאַנקען, זיינען מיר שוין אויבן. מיין לאה לויפט צו צו אַ טירל און וויל אַריין (ס'האָט אויסגעזען ווי אַן אָרעמע איראָפּעאישע „טשיינע"), אונזער דאָקטאָר־קאָמפּאַניאָן איז אויף גיך צוגעלאָפן און איר אָוועקגעשלעפּט פון דאָרט. וואָס איז? סך־הכל, אַ שאַנד־הויז... דאָרטן איז דאָס פריי און אָפן.

מיר האָבן אויסגעפונען אַ קרעמל, געקויפט אַ גרויסן ברויט מיט אַ שווייצער קעז און געהאַט אַ „פּיקניק" אין אויטאָבוס אָדער טעקסי.

שפּעטער, אין דער וואונדערלעכער אויסגעגראָבענער פּאָמפּיי איז געווען צו באַוואונדערן די אַמאָליקע ציוויליזאַציע — די טייערע געוואַנטן, פאַרשי־דענע געשיר און אַפילו לוקסוס־זאַכן.ביים אַריינגיין אין טויער זאָגט אונז אונזער עקסקורסיע־פירער: קוקט זיך גוט איין אויף דער סטאַטוע „לאַ־גוואַרדיאַ", אייער „מאַיאָרס" זיידע... דעמאָלט, אין 1936, איז לאַגוואַרדיאַ געווען „מאַיאָר" אין ניו־יאָרק.

נאָך דעם — מילאַנאָ, דאָס וויגעלע פון מוזיק, און איר איינציקער היס־טאָרישער קלויסטער — אַ קונסט־שטיק.

וועגן פאַריז איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן. די מוזעאומס, סאַראַ בערנאַרדס אָפּערע־הויז אאַז"וו — אַ רייזע ניט צו פאַרגעסן!

אויך טאָר מען ניט פאַרגעסן די רייזע אויף דער שיף ביי די אַזאָרער אינדזלען. ווען מען האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אונזער משגיח מיסטער גרין אַראָפּגעטראָגן אַ קאַסטן מצות פאַר דער איינציקער אידישער משפחה — אַ פאָטער מיט צוויי טעכטער. און אויך ניט צו פאַרגעסן דעם סדר, וואָס ווינאָגראַדאָוו האָט אָפּגעריכט, און די חלוצים האָבן מיטגעהאָלפן. זיין פרוי, אַ ווילנער, האָט אים שטענדיק דערמאָנט: יאַשקע, וואו איז דער שטעקן וואָס ניקאָליי האָט אים געשאָנקען אַ מתנה...

דעם סדר וואָס דער גרויסער ווינאָגראַדאָוו האָט אָפּגעריכט אויף דער שיף איז ניט צו אָפּשילדערן מיט ווערטער. אין ווייסן קיטל מיט דער גאָל־דענער יאַרמולקע, מיט זיין זיסער שטימע — ס׳איז געווען פאַנטאַסטיש. און מאַדאַם ווינאָגראַדאָוו — אַ געטלעכע שיינקייט אַפילו אין אירע עלטערע יאָרן. יע, כ׳האָב זייביידן פאַרשפּראָכן, אַז ווען כ׳וועל זיין אין ווילנע וועל איך זיכער אַריין צו זייער זון דאָקטאָר ווײַנשטיין און אים אָפּגעבן אַ גרוס פון זיי. איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן. און ווי שיין זיי האָבן מיך אויפגענומען!

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געווען אין ישראל און האָט געוואָלט דאָרט זיך באַזעצן, אָבער ס׳איז ניט געווען מעגלעך, ניט געווען ביי וואָס אַ לעבן צו מאַכן. און אָט טראָגט ער אַרויס אַ בילד פון דאָקטאָר הערצל — אַ ריזן־בילד. ער שטעלט מיר פאָר זיין זונעלע — אַ יאָר צוועלף — וואָס באַגריסט זיך מיט מיר אויפן פוילישן שטייגער: אַ קלאַפּ אַ פוס אָן אַ פוס... ניט איך און ניט זיין אייגענער פאָטער איז באַגייסטערט דערפון. אָבער פוילישע שולע.

און כדאי צו דערמאָנען די טראַגעדיע ביי מיין קומען אין ווילנע. אויפן וואָקזאַל האָב איך געגעבן מיין באַגאַזש אַ אידישן טרעגער. נו, ווען ער איז געקומען צוריק האָבן די פּאָליאַקן אים שיער דערהרגעט. ער איז קוים גע־קומען אַ לעבעדיקער אין האָטעל וואו איך בין אַריינגעפאָרן. מיין האַרץ איז צעריסן געוואָרן ביים אָנקוקן דעם אָרעמען קראַנקן אידן. כ׳האָב געשיקט אַ פּראָטעסט־בריוו צו זייער פּרעזידענט, אָבער, ליידער, האָט עס גאָרניט געהאָלפן.

אָבער מיר האַלטן נאָך אין מיטן פאָרן קיין ישראל. די רייזע איז פּראַכט־פול, די באַדינונג פּערפעקט. דער ים איז מילד און מיר גליטשן זיך פון איין לאַנד צו אַ צווייטן. מיר דאַנקען גאָט פאַר דער שיינער, געבענטשטער נאַטור. אומעטום באַגעגנט מען אונז מיט פריינטשאַפט, אין אַלע לענדער, אַ חוץ אין פוילן. זונטיק און אין אָוונט האָט מען דאָרט מורא געהאַט צו עפענען אַ טיר. נאָך דעם ווי פיר כוליגאַנעס האָבן צעשלאָגן מיינע קוזינעס אין מיטן גאַס, האָב איך געזען אין וואָס פאַר אַ חורבן מיין אומגליקלעך פאָלק לעבט דאָרטן. שפּעטער האָט פּאַסירט אַזאַ פאַל: אַ כוליגאַן האָט זיך פאַרמאָסטן צו שלאָגן מיין לאהן איבערן קאָפּ — האָב איך אים דערלאַנגט מיט מיין פויסט אין געזיכט און ער האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע לאַפּעס און איז אַוועק. דאָס

האָט מיך געלערנט, אַז מען מוז שטעלן אַ ווידערשטאַנד. זיי זיינען העלדן בלויז דאַן ווען מען צייגט אַרויס שוואַכקייט.

מיין קוזינע ריקלע האָט מיך גענומען צו אַ מאַסן־מיטינג (אין ווילנע זיינען די סאַלאָנען אין היימן). ווען מיר זיינען צוגעקומען צום טויער האָבן מיר דאָרט געטראָפן אַ גרויסן עולם. דער וועכטער און אַ גאַרדאַוואַי זיינען געזעסן ביים טויער און מער קיינעם ניט אַריינגעלאָזן: אָנגעפּאַקט. אָבער ווען מיין קוזינע האָט אַ זאָג געטאָן: „די מאַדאַם איז פון אַמעריקע", האָט מען באַלד צעעפנט דעם טויער, ווי ברייט ער איז געווען. און דאָרטן האָב איך געהאַט דעם גרויסן כבוד צו באַקענען זיך מיט דאָקטאָר וויגאָדסקי.

מיר קלייבן זיך צו פאַרלאָזן ווילנע — מיין געבוירן־שטאָט, וואו כ'האָב מיין יוגנט פאַרבראַכט; מיין ירושלים ד'ליטע; דאָס וויגעלע פון ציוניזם. מיינע איינציקע חברות און חברים, וואָס כ'האָב נאָך געטראָפן, לאָז איך איבער פאַרצווייפלטע. חיים ראַבינאָוויטש, וואָס איז אַ דעלעגאַט אין סיים און פירער פון „בונד", זיין פרוי סאָניע, מיין חברה — זיי שעלטן די פוילישע רעגירונג. און ער, אַ געקומענער פון פאַרשיקונג אין סיביר, זאָגט: יע, כ'וואָלט צוריק־געגאַנגען אין סיביר, ווען מען קען אויסגראָבן ניקאָלייען און באַגראָבן די פוילישע רעגירונג...

דער אַנטיסעמיטיזם איז שרעקלעך. ווי באַלד ס'ווערט טונקל, לויפט מען באַלד אַהיים; און אויך אין דער היים איז מען ניט צו זיכער.

מיר קלייבן זיך צוריק, מיט בלוטיקע הערצער, צעזווייטיקט און פאַר־צווייפלט. מיר שרייבן אַ בריוו צו דער פוילישער רעגירונג: מיר, אַמעריקאַ־נער טוריסטן, זעענדיק די פינסטערניש, דעם כוליגאַניזם פון דיין לאַנד, ווילן מיר האָבן וואָס צו דערציילן אין אַמעריקע אאַז"וו.

וואו זיינט איר איצט, מיינע טייערע חברות? כ'וועל אייך קיינמאָל ניט פאַרגעסן! סיי מיין משפחה, סיי מיינע חברות און סיי די אַלע טייערע, גוטע און ליבע אידן — וואו זיינט איר? וואָס האָבן די מערדער געהאַט צו אייך?!

* * *

איך קלייב זיך פאַרקויפן מיין הויז אין מיאַמי; מיין הויז אין עקראָן האָב איך שוין פאַרקויפט לעצטן יאָר. ס'פילט זיך: „מען פאָרט פון יאַריד"... מיין הויז אין עקראָן, ווי אין מיאַמי, איז אָפן פאַר אַלע — שליחים, געסט, חברים, חברות און פריינט, סיי די וואָס כ'האָב געקענט און סיי די וואָס

כ׳האָב ניט געקענט. יעדערער האָט זיך דאָ געפילט ווי אין דער היים. אַזוי ווי הער פינעס, ווען ער איז געקומען אין די אינטערעסן פון „נאַציאָנאַל פאָנד", האָט ער געשפרייזט איבערן הויז מיט די הענט אין די קעשענעס מיט אַ ברייטן שמייכל און געהאַלטן אין איין איבערחזרן אין רוסיש: „יאַ טשואוסטוואויו סיעביאַ קאַק דאָמאַ" (כ׳פיל זיך ווי ביי זיך אין דער היים). וויפל נחת האָט מיר פאַרשאַפט, אַז דער געפאַלענער „מולטי־מיליאָנער" האָט אַ מאָמענט געפילט גוט אין מיין הויז — זוייט ניט אַזאַ הויז וואו ער׳ט זיין לעבן פאַרבראַכט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואו ער האָט פאַר־לאָרן זיין משפחה און זיינע אוצרות. און אַז מיינע חברות האָבן זיך געפילט גוט ביי מיר אין שטוב, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ גרויסע שמחה.

כ׳געדענק ווען גאָלדע מייערסאָן (איצט פרעמיער גאָלדע מאיר) איז צום ערשטן מאָל געקומען אין עקראָן. ניט איך האָב זי געקענט און ניט זי מיך. ס׳איז געווען אַ ברענענדיקער פראָסט. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, אַ צוזאַ־מענקאָרטשעטע פון קעלט, דאָס געזיכט בלאָ, אַזוי ווי איר מאַנטל. „דאָ וואוינט קאָסאָוו?" — יע, דאָ! אַ ליבער גאַסט פאַרשאַפט אונז אַ סך כבוד.

איז דאָס מיין מזל? ווי נאָר די ליבע געסט קומען צו מיר ווערן זיי קראַנק. מיי בער (מערעמינסקי) לייגט זיך אַוועק מיט אַ שטאַרקן „קאָלד"; בעבע אידעלסאָן, לייגט זיך אַוועק מיט אַ שטאַרקער פאַרקילונג. איז דאָס מיין מזל, אָדער דער איבערבייט פון קלימאַט? מערסטנס קומען זיי אַהער אין ווינטער־צייט, ווען ס׳ווערן אָפּגעהאַלטן די מערסטע „דאָנאָר־לאָנטשנס", און דער איבערבייט פון דער וואַרעמער ישראל־לופט אויף דעם קאַלטן אַהאַיאָ־קלימאַט לאָזט זיך טאַקע שפירן אין אַ שאַרפער מאָס. אָבער ווען די אונטערנעמונגען גייען דורך מיט דערפאָלג, ווערט דאָס אַלץ פאַרגעסן.

מענטשן זאָגן: אַז ווען זיי טוען עפּעס געזעלשאַפטלעך מאַכן זיי רייך די וועלט. זאָג איך: די גרעסטע גליקלעכע מענטשן זיינען די וואָס פאַרשטייען צו זיין טעטיק, צו שאַפן און טאָן געזעלשאַפטלעכע אַרבעט וואָס ברענגט נוצן דעם פאָלק. ספּעציעל אונזער ליידנדיקן פאָלק, וואָס פאַר אַלע גוטס וואָס אידן טוען פאַר דער מענטשהייט, באַצאָלט מען זיי מיט שטיינער. אונזער בלוט איז ביי זיי אַזוי ביליק. זיי נוצן אונז אויס ווען זיי דאַרפן אונז; און וואַרפן אונז אַוועק ווען זיי דאַרפן אונז ניט. איך, ווי אַ מענטש, פיל זיך ניט נידעריקער פון „זיי", און אין געוויסע היבזיכטן אַ סך העכער, האָבנדיק מיטגעפיל צו העלפן דעם ליידנדיקן. ווייל מען העלפן לינדערן די ליידן פון

מענטשן, מוז יעדער איינער טאָן זיין מענטשלעכע פליכט. אַניט הייסט ער ניט „מענטש".

***

ס'איז מיר זייער שווער איבערצוגעבן די איבערלעבונגען אין פאַרלויף פון מיין באַזוך אין ווילנע, אין חודש אויגוסט פון יאָר 1936. אידן האָבן דאָרט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס, ספּעציעל אין די אָוונטן. וועגן זונטיק איז אָפּגערעדט. מאַכט זיך אַ פאַל אַז כ'האָב געדאַרפט נויטיק אַ שוסטער אויף צו פאַרריכטן מיינע שיך. דער שוסטער וואָס כ'האָב אויפגעזוכט האָט געוואוינט אין אַ טיפן קעלער אוןביים פענצטערל אין דרויסן האָט זיך געשפּילט זיינס אַ שיין מיידעלע. און אָט רופט איר דער טאַטע: „זאָשעשטשקאָ, כאָדזש טוטאַי!" איך בין אַזש דערשטוינט געוואָרן: — וואָס? ס'לעבט זיך אייך אַזוי גוט, אַז איר ווילט אַסימילירן אייער קינד?!

ענטפערט מיר דער אָרעמער שוסטער: „היינט זיינען מיר אַלע אַזוי". און אַ שווערע כמאַרע צעלייגט זיך אויף זיין געזיכט.

כ'גיב אַמאָל אַ זאָג צו מיין קוזינע פערעלע: „קום, מיר'ן צוגיין צו אַ סינעמאַ". שטעלט זי אויס אויף מיר אַ פּאָר אויגן: „וואָס, איר זיינט ביים זינען? היינט איז דאָך זונטיק"...

מיין געוועזענע בעל־הביתטע מיט איר מאַן קומען צו מיר מיט אַ וויזיט. ס'איז געווען שבת בייטאָג און מירריידן וועגן דער פינצטערער לאַגע אין וועלכער זיי געפינען זיך. איר מאַן אָשר, אַ געוועזענער „וואָיאַזשאָר", וויזט מיר זיין איינציקן קאָסטיום (אַ ברוינער), וואָס ער האָט באַקומען פון זיין שוועגערין אין ניו־אָרלינס. איר, ביילעס, ברודער איז דאָרט געשטאָרבן, האָט מען אים דאָ צוגעשיקט יענעמס קאָסטיום. אַניט וואָלט ער ניט געהאַט וואָס אָנצוטאָן. פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, אין 1905, האָבן זיי פאַרמאָגט אַ גרויסן הורט־געשעפט מיט שניט־סחורה... כ'האָב זיי פאַרשפּראָכן, אַז ווען גאָט וועט מיך ברענגען אַ געזונטע צוריק אין אַמעריקע, וועל איך באַזוכן זייער משפחה אין ניו־אָרלינס. איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן. די שוועגערין מיט איר פאַמיליע האָבן זיי געשטיצט.

און אָט זיינען זיינע בריוו צו מיר מיט דריי צענדליק יאָר שפּעטער:

היינט איז סעפּטעמבער 6, 1968. מיינע העגט ציטערן, מיין האַרץ וויי־טיקט, פון די אויגן גיסן זיך בלוטיקע טרערן, וואָס די אַראַבישע מערדער האָבן געמאַכט אַזאַ שרעקלעכן פּאָגראָם אין ישראל, אַ חורבן! פרעג איך:

גאָט, וואו ביזטו? ביז ווילאַנג? זיינען מיר נאָך ווייניק געפּייניקט?! ביז ווילאַנג? און אָט זיינען מיר גאָר אין יו־ען די „שולדיקע״! זאָגט מען דאָך, אַז דער אמת מוז זיגן, טאָ וואו איז דער אמת? מיין האַרץ איז צעווייטיקט. אָ, ווי גערן כ׳וואָלט מיין לעבן אָפּגעגעבן. די מיאוסע וועלט „זוכט״ נעבעך גערעכטיקייט!

און ווי דער קידנעפּער פון עראָפּלאַן: ער צעבלוטיקט דעם פּילאָט און לעקט זיין בלוט, זאָגנדיק „אידיש בלוט איז זיס״... און איר, וועלט־מערדער, העלפט די מערדער! איר, וועלט־פאַרזאָרגער, האָט הנאה פון פּאָגראָמשטשיקעס! איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז אידן ווילן קיין בלוט ניט פאַרגיסן; אָבער איר ווייסט אויך, אַז אידן זיינען ניט די פיזיש־שטאַרקערע. קומט איר נעבעך אָפּ מיט אַ קרעכץ און איר באַרעכטיקט אייערע פאַלשע טאַטן מיט העלפן די מערדער — און איר באַשולדיקט נאָך דעם שוואַכן! און אָט אַזוי קעמפט איר פאַר גערעכטיקייט... טאָ וואו ביזטו, גאָט?!

מען זאָגט, אַז גאָט וועט זיי באַצאָלן. אָבער מיר האַלטן אין צאָלן אַזוינע שרעקלעך גרויסע פּרייזן!

אָט שיקט מען אַמוניציע צו איראַק; אָט שיקט מען פאַר מיליאָנען דאָלאַר שטיצע די עגיפּטער צו שטאַרקן די מערדער — און אין דער זעלבער צייט האַלט מען זיך אָפּ פון שיקן געווער פאַר ישראל צו פאַרטיידיקן זיך. מען איז יוצא מיט צוזאָגן. און דאָ האָבן מיר סענאַטאָרן וואָס וואַרפן גאָר די שולד אויף ישראל. מיר מוזן זיין זייער פאַרזיכטיק ביים ווילן אונזערע פּירער.

יע, די אַראַבער באַקומען מער ווי אַ האַלבן ביליאָן דאָלאַר פון אַמעריקע און ענגלאַנד פון די ראָיאַלטיס פאַר אויל. און רוסלאַנד פאַרשיט זיי מיט די מאָדערנסטע וואָפנס און שיקט זיי אינסטרוקטאָרן ווי צו ווערן נאָך גרעסערע מערדער.

**
*

ווילנע, ווילנע! דו ליגסט טיף אין מיין האַרצן. איך וועל דיר ניט פאַרגעסן ביזן סוף פון מיין לעבן! אַפילו מיין ניט צו גוטע יוגנט — אָבער מיין אינטערעסאַנטע יוגנט! דורכגעלעבט פיל געפאַרן, ספּעציעל אין 1905 די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע. מען האָט דעמאָלט דערשאָסן 22 אידן אויף געאָרגעוסקי־פּראָספּעקט, צווישן זיי אונזער חברה מאַשע גאָלדבערג! און וויפל געפאַרן איך בין דורכגעגאַנגען דורך די קאָזאַקן און פאָלקן סאָלדאַטן! זיך גראַטעוועט ווי דורך נסים! און אָט געדענקט זיך אַ שיינער אויפטו פון

די ברידער גאָלדבערג: העלפן די אידישע שניידער צו שאַפן אַ ניי־אָרטעל. און אָט האָט מען געדונגען אויף דייטשע גאַס אַ גרויסן שאַלאַש — אַוועק־געשטעלט גרויסע לאַנגע טישן מיט עטלעכע זינגער־מאַשינען. לײדער, ווי ס׳ווייזט אויס, אונזערער אַ פיינער חבר, זייענדיק אַ גוטער שניידער, האָט זיך ניט אויסגעטויגט צו זיין אַ שניידער־„לידער". טראָץ ער איז געווען אַ זייער גוטער חבר, און אַן אידעאַליסט! אַ ביטערע צייט געווען אין 1905. מען איז אַרומגעגאַנגען איינפאַך הונגעריקע, אָבער ביי מיר איז שטענדיק געלעגן אַ גרויסער ברויט, און עסט קינדער געזונטערהייט!...

אָט דערמאָנט זיך מיר איין עפּיזאָד פון מיין פריער יוגנט: ביי פּעסע סאָלאָמאָנס שענק פלעגן זיין די מאַרק־טעג, ד״ה ס׳פלעגן זיך אָנפאָרן פויע־רים פון אַרום ווילנע מיט אַלדאָס גוטס, פון וואָס איר ווילט הערן און גע־דענקען: בולבע, קרוטשקע, בערנעס, עפּל, מילך, סמעטענע, פאַרשידענע יאַגדעס אד״גל. ביי פּעסען פלעגט זיין די שענק פול מיט פויערים, און אַזוי גוים, און זעלטן ווען ס׳האָט זיך געענדיקט אָן אַ סקאַנדאַל. ספּעציעל ווען וואַנקע פלעגט זיך אָנשיכורן. וואַנקע האָט געוואוינט אין רוסישן זאַאולאָק, געווען אַ הינקעוואַטער, און שפּילן אויף אַ האַרמאָניק און קיינעם ניט גע־טשעפּעט. אָבער אַנדערש איז געווען ווען ער איז געווען שיכור, ממש אַ געפאַר! ער פלעגט צעשפּאַלטן קעפּ מיט די גרויסע ביר־פלעשער. מען פלעגט נעמען זיי — די צעהרגעטע — אויף דראָזשקעס צום שפּיטאָל. ער פלעגט ניט איבערקלויבן — ווער ס׳איז געקומען אונטער זיין האַנט. אָבער די שענקערקע האָט ער קיינמאָל ניט געטשעפּעט. אידן פון אַנטקעגן זאַאו־לאָק פלעגן לויפן אין די הייזער זיך פאַרשפּאַרן. די אַנדערע קליינע קרעמ־לעך פלעגן זיך פאַרמאַכן. און דאָס איז געווען „אונזער" וואַנקע!...

ווען פּעסען און „הער" סאָלאָמאָן קאָן מען מאַכן ביכער! זיי זיינען געווען טאַקע זייער רייך. אַחוץ דער שענק געהאַט נאָך געשעפטן, ווי: מעל־קראָמען, בשמים־קראָמען און נאָך. אַליין האָט זי אַפילו ניט געקענט אויפ־שרייבן איר נאָמען! אָבער זי האָט געהאַט גוטע קונים, פלעגט זי אויפשרייבן אויפן וואַנט פאַסיקלעך מיט קרייד, און געדענקען. הער סאָלאָמאָן האָט גאָר־ניט געטאָן, נאָר פלעגט גיין שפּאַצירן, פאַרלייגט די הענט פון הינטן... און אַפילו געמאַכט אַ רייזע נאָך „פּאַלעסטינע". און אָט זייער עלטסטע טאָכ־טער האָט זיך פאַרליבט אין לעווינקען, גראָד אַ געענדיקטער פּראָוויזאָר, אָבער אַ גרויסער אָרעמאַן. זיין מאַמע, אַן אלמנה, אַן אָרעמע טענדלערקע,

פלעגט אַרומטראָגן פֿאַרקויפֿן אַלטע זאַכן. טאָ ווי פֿאַסט דאָס פֿאַר די סאָלאָ־מאָנס?! די טאָכטער לאה איז אַוועק און האָט מיט אים געשטעלט אַ חופּה. האָבן טאַטע און מאַמע געשוואָרן: קיין מאָל ניט זען איר און ניט גיין צו איר. איז אויף צו להכעיס לעווינקע געוואָרן אַ פֿורמאַן און פֿלעגט פֿאַרביי־פֿאָרן מיטן פֿערד און וואָגן ביי די רייכע שווער און שוויגער. דערווייל זיי־נען געקומען קינדער: עלקע, די עלטסטע, איז געווען מיין חברטע. דאַן איז געקומען סיאָמקע און מאָטקע און נאָך. זיי זיינען געווען שרעקלעך אָרעם, איינפֿאַך געהונגערט! מיין מאַמע, זייענדיק אַליין ווייט פֿון רייך, פֿלעגט אונ־טערשטופּן וואָס זי האָט געקענט. איין מאָל פֿאַרבייגייענדיק זייער שטיבל פֿון איין צימער די גאַנצע וואוינונג — הערט זיך אַ שרעקלעכער געוויין. וואָס איז — פֿרעגט די מאַמע — מאָטעלע, וואָס שרייסטו? און ער שרייט: אוי מיין קאָפּ! די מאַמע מיינע האָט יעדן געוואָלט העלפֿן, ווען זי האָט נאָר געקענט. זוכט זי אויף זיין קאָפּ — גאָרנישט דאָ! פֿרעגט זי נאָך אַמאָל: מאָטעלע, ס׳איז גאָרניט דאָ אויפֿן קאָפּ! — ניין! סיאָמקע האָט צוגענומען מיין קאָפּ הערינג!...

די צווייטע טאָכטער האָבן זיי געמאַכט זיך צו גטן מיטן מאַן. געבליבן אַ מיידעלע — דבורהקע. די טאָכטער איז אַנטלאָפֿן פֿון די עלטערן — קיין אַמעריקע. דבורהקע איז, צו זעכצן יאָר, אַוועק צו דער מאַמען אין אַמערי־קע. דער איינציקער זון, באָריס, האָט געהייראַט אַ יונגע אלמנה. אָבער די עלטערן זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן — האָט ער זיך אַרונטערגעלייגט אונטערן באַן און דערהרגעט געוואָרן. און דאָס איז געווען פֿון אַ פֿאַמיליע — פֿון געלט!

עס דערמאָנט זיך מיר אַ סך. אָט געדענק איך ווי ר׳ שמואל דער סטאָ־לער, „אַ רויטער״, ווי מיין מאַמע ע״ה פֿלעגט זאָגן: פֿון אַ רויטן דאַרף מען זיך היטן!... און דאָס איז זי געווען אַ הונדערט פּראָצענט גערעכט. דער טאַטע האָט געהאַט געקויפֿט אַ שטיק ערד פֿון דעם רייכן שאַבלאָווסקין, אַ פּאָליאַק, ווייט אויסערן שטאָט, אַרויף נאָוואָגראָד, נאָווי פּערעאולאָק. נעמט ר׳ שמואל און רעדט איין דעם טאַטן צו בויען אַ הויז. ר׳ שמואל איז געווען איינער פֿון זיינע גבאים פֿון קלויז. דער טאַטע האָט געמוזט נאָך וואַרטן, ניט געווען גענוג קיין געלט. זאָגט ער דעם טאַטן: איך וועל דיר בויען פֿאַר די געלט וואָס דו האָסט. און דער טאַטע האָט אים געטרויט — פֿאַרט אַ גבאי!... און ער האָט אויפֿגעבויט אַ „באַלאַגאַן״ פֿון ברעטער. צווי ברעטער — אין

מיטן, זאָגט ער, ווען מען אָנשיטן זאַמד און ס׳וועט זיין אַ היים... אָן אַ פּאָדלאָגע, און ס׳ווייזט אויס איז ברעטער געווען ביליק. פון ברעטער אַ דאַך, מיט עטלעכע קליינע פענצטערלעך... נו, מילא זומער, איז נאָך צו דערליידן, אָבער ס׳איז געקומען האַרבסט, האָט זיך גענומען פליוכען וואַסער פון אויבן... וויפל צעבערס די מאַמע האָט נעבעך געהאַט איז געווען ווייניק. די ווענט האָבן זיך גענומען אויסשפּרייטן, ד״ה די ווענט האָבן נאָכגעגעבן די זאַמד, און ס׳האָט זיך אַרויסגעזען דער דרויסן... ווען ס׳זיינען געקומען די גרויסע פרעסט — זאָל אונז גאָט ניט שטראָפן, ווי די מאַמע האָט געשאָלטן דעם רויטן גבאי: גנב! ביי אונז קינדער איז געווען אַ גאַנצער פּיקניק, צו שלעפּן די צעבערס מיט וואַסער, פאַרשטאָפּן די לעכער אין די ווענט מיט שמאַטעס. אונז קינדער האָט דאָס אַמוזירט. מיר׳ן דאָך דאָס ניט געדאַרפט טאָן! האָט מען דאָך געמוזט פאַריכטן קומענדן זומער! קיין געלט איז ניט געווען, האָט מען פאַרזעצט דער מאַמעס חתונה־מתנות, וואָס דער טאַטע האָט געבראַכט פון קאַווקאַז, וואו ער האָט געדינט דעם קיסר ניקאָלאַיען. האָט מען דאָס פאַרזעצט ביי ר׳ ראובלען דעם שוחט, אַ איד אַ גביר! און מען האָט פאַרריכט דעם באַלאַגאַן!... אָבער ווען דער טאַטע האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצונעמען די צירונג, האָט ר׳ ראובלע דער שוחט געזאָגט: מען האָט דאָס אַרויסגעגנבעט!... דער טאַטע האָט געוואוסט ס׳איז אַ ליגן. ער האָט דאָס ניט געוועלט אָפּגעבן! אָבער מען האָט גאָרניט געקענט טאָן. פאַרפאַלן!...

אונזער באַלאַגאַן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ווערט געווען די אַלע צרות. געווען אַרום און אַרום אונז ספּעקטעס, סעדער פון פאַרשידענע פּרוכטן — אַלץ האָט געהערט שאַבלאָווסקיס זון! מיר, פאַר אַ קאָפּיקע, האָבן געקענט אַריין אין סאָד און עסן די באַרנעס און עפּל וויפל מען האָט געקענט — אַרויסטראָגן ניט! ניט ווייט געווען פון זאַקרעטערס וואַלד, ניט ווייט פון דער ווילִיע, וואו זומער פלעגן מיר זיך גיין באָדן. איבערהויפּט איז דאָרטן געווען וואונדערלעכע לופט! און ספּעציעל האָבן אַרום אונז די ספּעקטעס צוגעגעבן שיינקייט: די גרינסן אונטערן גלאָז! גאָר נאָענט איז געווען דער מאַהילניק. ווען כ׳בין געוואָרן עלטער פלעג איך אָפּשפּאָרן די קאָפּיקעס פון מיין צום ברויט נאַשעריי און אַלע וואָך בייטן די ביכלעך ביים קאַראַבעלניק. אַוועק אויפן מאַהילניק זיך זעצן אונטערן גרויסן שוואַרצן צלם און לעזן מיינע ביכעלעך!... געווען אַ קינדהייט ניט צו פאַרגעסן. און שפּעטער,

ווען ס'האָבן גענומען זיך באַזעצן נאָך אידן, איז געווען פריילעך און אינ־טערעסאַנטער דער לעבן! ווער רעדט ווען איך בין געוואָרן עלטער, אַריין אין פועלי ציון, האָט זיך גענומען דאָס לעבן אַנטוויקלען מיט ברייטע אינ־טערעסאַנטע אידעאַלן! זייענדיק רעליגיעז דערצויגן; שטענדיק ארץ ישראל, ירושלים, סיי שבת, סיי יום־טוב, איז דאָס געווען איינגעבאַקן אין האַרצן. און דערפאַר בין איך ניט אַריין אין „בונד". וויפל זלאַטע און סאָניע האָבן איבער מיר ניט געהאַט צו טאָן. איין מאָל ניין! זייער מי האָט ניט געהאָלפן.

איין מאָל האָט מיך אָפּגעוואָרט פון דער אַרבעט זלאַטע, זייער אַ פּיין שערקעס" — הענטשקע־מאַכערינס, אַזוי ווי איך. אָבער זייער מי האָט ניט געהאָלפן. איין מאָל האָט מיך אָפּגעוואַרט פון דער אַרבעט זלאַטע, אַ פּיין מיידל, און האָט זיך גענומען ביי מיר בעטן איך זאָל אַריינגיין מיט איר צו סאָניען, וואו ס'פלעגן צוזאַמענקומען „סאָבראַניעס" (פאַרזאַמלונגען). בין איך מיט איר אַריין — ס'איז ניט געווען צום ערשטן מאָל! סאָניע האָט מיך גע־נומען אַגיטירן: „מיר'ן איך לערנען, מיר'ן אייך געבן ביכער צום לעזן. פאַרוואָס זיי האָבן זיך אָן מיר געטשעפּעט איז — איך האָב ניט געוואוסט וואָס הייסט מורא. כ'פלעג זיצן ביים אָפענעם פענצטער און זינגען אַלע רע־וואָלוציאָנערע לידער אויפן הויכן קול, ווי: „אַרבעטער־פרויען, מיר ליידנדע פרויען", אויך „פרויען וואָס שמאַכטן אין הויז און פאַבריק" און אַנדערע לי־דער. אַ גוטע שטימע האָב איך געהאַט, האָבן זיי מיך ניט אָפּגעלאָזן. זלאַטע האָט זיך אָן מיר אָנגעטשעפּעט — כ'מוז גיין מיט איר צו סאָניען. גראָד איז דעמאָלט געווען אַ ברענענדיקער פראָסט, און כ'האָב איר נאָכגעגעבן. סאָניע האָט ווייטער גענומען מיר אַריינריידן, צוזאָגן, און מיר איז שוין דאָס גע־ווען איבערדריסיק! זאָג איך מיט אַ הויכן קול: סאָניע, קעגן ניקאָלאַיען וואָלט איך געטאָן אַלץ! אָבער ניט קעגן דעם אידישן גאָט! איך בין געווען זייער פרום דערצויגן, און געוואוסט אַז זיי זיינען גאָט־לעסטערערס... און באַלד אַריין אין פועלי־ציון! געווען בין איך איבער פערצן יאָר. גוט אַנט־וויקלט, אָבער געמוזט זאָגן כ'בין פּופּצן, אַניט וואָלטן זיי מיך ניט אַריינ־גענומען. און אָנטועגדיק דאָס שפּילקעלע מיטן מגן־דוד האָט זיך גענומען גיסן טרערן ווי באָב!

איינמאָל, גייענדיק אַהיים פון דער אַרבעט אין אַ ביטערן פראָסט, ווי ס'קען טרעפן אין „מיין ווילנע", דורכשניידנדיק אַלעקסאַנדערסקי בולוואַר, זע איך ווי דעם רייכן לאָזערס זונדל שטייט אָן אַ היטל. וואָס איז? אַ שיי־

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

געץ האָט ביי אים אַראָפּגעכאַפּט אַ קאַרקולענעם היטל און האָט דאָס גלייך איבערגעגעבן אַן אַנדער שייגעץ! אַ טומל, אַ יללה. דער גאַרדאָוואָי איז צו־געקומען, וואָס שטייט אויפן ראָג, געגומען זיי אין פּאָליציי. און וואָס — גאַרניט געפונען ביים שייגעץ, און לאָזערס זון אָן אַ היטל!... פאַר די כו־ליגאַנעס זאָל איך גיין געבן מיין לעבן?! אָ, ניין! פאַר ארץ־ישראל וועל איך געבן אַפּילו היינט מיין לעבן! וואָס עלטער איך ווער, זע איך צו טאָן וואָס איך קען פאַר מיין פאָלק און לאַנד, און וויליק צו געבן מיין לעבן, אויב מען וועט עס דאַרפן!

***

נעסע, אַ זייער פיין מיידל, אַ זאַקן־מאַכערקע, געוואוינט אויף אונזער זאַוואולאָק. האָט זיך איר געטראָפן אַ גליק און זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ רייכן דאָרף־איד, צוועלף וויאָרסט פון ווילנע. מיך האָט זי זייער ליב גע־האַט פון קינדווייז אָן. און אַזוי ווי זי איז געקומען צו אירע עלטערן אויף אַ וויזיט, האָט זי מיך איינגעלאַדן צו קומען שטיק מיט איר אין זומער. איך האָב דאָס אָנגענומען. כ'האָב זייער ליב געהאַט די נאַטור, און ווען זי איז געקומען נאָך אַמאָל אין ווילנע, בין איך מיט איר געפאָרן צו איר אין דאָרף. דאָרטן איז געווען נאָך אַ אידישע פאַמיליע מיט עטלעכע זין און איין טאָכ־טער, וועלכע האָט גראָד זיך געקליבן חתונה צו האָבן מיט אַ זייער פיינעם בחור, וועלכער האָט געמוזט אַנטלויפן פון פּריזיוו, ניט געוועלט גיין דינען. האָט מען טאַקע געמאַכט אַ גרויסע שיינע חתונה — פון אַלעם גוטן! און, פאַרשטייט זיך, איך בין געווען אַ מחותנתטע אויף דער חתונה! נו, האָט זיך אין מיר פאַרליבט דער עלטסטער זון. גראַדע אַ שיינער, אַ געזונטער, אָבער געשמעקט מיט דאָרף! און דאָ האָב איך זיך גאָר פאַרליבט אין חנאָן, אַן איינבינדער, אַ מיטל־וואוקסיקער, מיט שוואַרצע, געלאָקטע האָר, טונקל־ברוינע פאַרחלומטע אויגן, רעדט שיין, געלאַסן — כמעט אַ העלד פון מיינע ראָמאַנען! אַז דער דאָרפישער בחור האָט געגומען צייגן „פריינטשאַפט", האָב איך באַשטעלט דעם קוילן־פירער, וואָס שטעלט צו קוילן אין אַן אכסניא, צו פאָרן אַהיים. נאָך איך עלטערע פרוי איז מיטגעפאָרן. מאָלט אייך אויס אַ פאָרן! אויף זעק קוילן, אַ פערדה, וואָס האָט געמוזט זיין פון מתושלחס יאָרן. אַ וואָגן וואָס האַלט ביים צעפאַלן זיך. און אָט האָט דאָס פערד פאַר־בלאָנדזשעט אין דאָרף צו אַ גוי אין מיטן נאַכט. און דאָ פליוכעט אַ וויל־

## פעסיל שער־קאָסאָוו

דער רעגן. גוט כ׳האָב געהאַט אַ שירעם. אָט איז שוין פאַרטאָג. מיר שטייען ביי אים אונטער אַ דעכל. און אָט גייט ער אַרויס מיט גרויסע שאַרפע קאָ־סעס צו שאַרפן, און שאַרפט אויף אַ קיילעכדיקן שטיין. איך בין געווען זי־כער, אַזוי אויך דער אָרעמער קוילן־פירער און מיין שכנטע, די אַלטע אידע־נע זיינען געווען זיכער אַז דער געזונטער קיילער — אַזוי האָט ער אויס־געקוקט — שאַרפט די חלפים פאַר אונז! ניטאָ קיין אַנדער הויז, ניטאָ קיין מענטש, הימל און ערד, און דער קיילער! וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אונזערע הערצער, האָט נאָר גאָט אַליין געוואוסט!... און קיינער וואָלט גאָר ניט דערגאַנגען וואו אונזערע ביינער ליגן. און אַזוי האָבן מיר זיך גע־שלעפּט אַ מעת־לעת ביז מיר זיינען געקומען צו אַן אכסניא אין סטעפּען גאַס. און ס׳איז ווערט געווען דער גאַנצער אָנשטרענג. כ׳האָב נאָך יענעם אָוונט געזען מיין געליבטן חנאן! ס׳איז דאָך ניט געווען קיין שענערס אויף דער וועלט ווי חנא!... און נאָך זייענדיק ביי מיינע חברים צפורה, און סענדער זייד אין שעך־אבריק, זאָגט מיר סענדער (אין ישראל אלכסנדר): אוי, פּעסעלע, ווי ישראל זאס איז אויסגעגאַנגען פאַר דיר! און איך האָב אַפילו ניט געדענקט, ניט פון אים, ניט פון מיכאל לאפּ, ניט פון יעקב אַל־פּעראָוויטש, אין סטאָלאָוו אַ דענטיסט — אַלעמען אויסגעמיטן, אויך דעם זייער סימפּאַטישן חבר דיימאָנט, אַן אַרכיטעקט. איינער אַריין אין מיין האַרץ און ניט קיינער!... אין מיין עלטערע יאָרן מוז איך איינשטימען, אַז ליבע איז בלינד, און מען זעט ניט ווי מען טוט זיך אָפּ וואָס קיין שונא קען ניט ווינטשן. כ׳האָב אויסגעפּונען שפּעט — און טייער באַצאָלט, אַ צו גרויסן פּרייז! אָבער מיינע קינדער זיינען מיין טרייסט. אויך האָב איך פאַרגיטיקונג אין מיין אָרגאַניזאַציע־אַרבעט: מיין לאַנד און מיין פאָלק ישראל!



מיין חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן — איך פאָר נאָך ארץ־ישראל! גאָטעניו, איז דאָס אמת? האָב איך דערלעבט דעם גרויסן זכות? כ׳האָב אַלץ געטאָן פאַר ארץ־ישראל, אָבער ביז 1936 ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען מיט די אייגענע אויגן. געאַרבעט פאַרן נאַציאָנאַל־פאָנד. אַ סך בלע־טער אַריינגעשריבן אין גאָלדענעם בוך, אין הערצל־צימער. פינף דונאָם לאַנד פון הרצליה, אָפּגעצאָלטע, אָפּגעגעבן צום נאַציאָנאַל־פאָנד! געשאַפן און אַליין געגעבן מיט דער פולער האַנט! אויך מכניס־אורח געווען מיינע

חברים און חברות, סיי פון ישראל, סיי פון אומעטום. דעם כבוד וואָס איך האָב געגאָסן — קיין געלט קען דאָס ביי מיר ניט אָפּקויפן!... און אָט פּאַק איך זיך שוין! וואָס ס'האָט זיך געלאָזט פּאַקן איז געגאַנגען. אַלע זאַכן, אַלע קליידער. די שמחה איז מיר אָבער פאַרשטערט געוואָרן. געהאַט אַ סך קאָסטנס, קעסטלעך, פּעק, פּעקלעך. דער אַגענט האָט מיר פאַרשפּראָכן די שיף וועט עס נעמען, אַן איטאַליענישע שיף. אָבער ניט באַשערט צו האָבן פולע נחת.

איז דעמאָלט, אָנפאַנג מערץ 1936, געווען אַ גרויסער פלאָד און אַלץ האָט זיך אָפּגעשטעלט אין פּיטסבורג. איך מיט מיין טאָכטער זיינען גע־פאָרן מיט נאָר אַ פּאָר קליידלעך, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט זיך. און די רייזע איז געווען אַ גאָט־געבענטשטע. רבי שטאַמפּער האָט באַשטעלט פאַר אונז פּסח ביי האַמבורסקין אין האָטעל. ליידער האָט די שיף פאַרשפּעטיקט צוליב אַ גרויסן נעפּל און מיר האָבן געהאַט אַ סדר אויפן שיף, וואָס דער משגיח מר. גרין האָט צוגעגרייט. אָפּגעריכט דעם סדר האָט דער גרויסער זינגער, הער ווינאָגראַדאָף, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן! געהאַט האָב איך אַ שיין אַריינצוגיין אין פּאָרט. ווען איך וויל זען צי מיינע זאַכן זיינען געקו־מען, און גאָטעניו, וואָס פאַראַ סורפּרייז! חול המועד פּסח, איך גיי אַריין אין שאַלאַש. אָט שטייען די טראָנקס, די פּעקלעך, די קעסטלעך, און אַ יונ־גער אַראַבערל הייסט מיר עפענען דעם קליינעם טראָנקל. איך עפן. ס'איז געווען דאָרט אַביסל רעקאָרדס, און אָט האָב איך צוויי פידלען, דריי באַנ־דזשאָס, נאָך רעקאָרדס. עפן איך שנעל אויף דעם גרויסן טראָנק, וואו ס'איז נאָר קליידער — פאָר קליידער, זאָגט דער אַראַבערל, רעכנט מען ניט. ער רעדט אַ גוטן ענגליש. פרעג איך אים: פאַרוואָס לאָזט מען איבער אַזאַ יונגען בחור אָנצופירן מיט אַלע עסקים? זאָגט ער מיר, היינט איז זייער פּסח. איך פּרואוו אים פאַררייזן די ציינער, ווען ער פרעגט פאַרוואָס איך האָב אַזויפיל קליידער. זאָג איך אים: איך מיט מיין טאָכטער גייען דאָ שטיין אַ היפּשע צייט. פרעגט ער מיר: וואָס איז אין די אַנדערע פּעקלעך? זאָג איך: קליידער. האָט ער מיר פאַרשפּאָרט צו עפענען, אַניט וואָלט איך זיך ניט געקענט אויסצאָלן מיט אים. די פידלען און באַנדזשאָס זיינען געגאַנגען אין בלינדן־הויז. דער גרויסער רעקאָרד־פּלייער איז געגאַנגען צו מיין חבר־טע צפורה זייד, זי האָט געהאַט קינדער צו דערציען, וואָס הענריעטאַ סאָלד האָט צו איר געשיקט. און די רעשט האָט געפונען פּלאַץ. יוסף באַראַץ האָב איך געבעטן אַנטשולדיקונג, ווייל ווען ער איז געווען ביי אונז אין עקראָן,

האָב איך אים צוגעזאָגט דעם פּלאַטן־שפּילער. אָבער כ׳האָב געזען ווי פייגעלע דאַרף דאָס פּאָר די קינדער, האָב איך איר דאָס אָפּגעגעבן, און אים האָב איך געבעטן אַנטשולדיקונג.

***

ס׳איז שווער אַלץ צו געדענקען. אָבער וויכטיקע איבערלעבונגען לאָזן זיך ניט פאַרגעסן. און אָט איינמאָל קומט אַ זייער אינטעליגענטע פרוי צו געבן אַ לעקציע שבת בייטאָג וועגן דער וויכטיקייט פון בראַנדייס אוניווער־סיטעט. נאָך דער לעקציע און צובייס נעמט מען זיך צעגיין. שטעל איך זיך אַוועק און זאָג אויפן הויכן טאָן: איר׳ט פאַרגעסן עפּעס וויכטיקס. פרעגט מען: וואָס איז? — גלייך איצט צו אָרגאַניזירן אַ קלוב פון בראַנדייס אוני־ווערסיטעט! אַלע זיינען געבליבן פאַר אַ ווײַלע שטיל, אָבער גלייך געענט־פערט מיט ענטוזיאַזם — יאָ! ווי אַזוי? — האָב איך פאָרגעשלאָגן מיסעס מאַקס בער פאַר פּאָרזיצערין; אַ סעקרעטאַרין, קאַסירערין, קאָרעספּאָנדינג־סעקרעטאַרין אאַז״וו. ס׳איז געוואָרן אַ קלוב. היינט איז ער איינער פון די שענסטע קלובן אין עקראָן, אָהייאָ, און מיין האַרץ קוועלט אָן פון בראַנדייסעס קלוב און די גוטע אַרבעט וואָס ער טוט אויף. אַ דאַנק מיסעס בער, אַ גוטע פרוי, וואָס האָט אָנגענומען מיין אויפרוף. אַ שיינער קלוב, מיט זייער גו־טער אַרבעט. זייט געשטאַרקט און ווערט ניט מיד פון דער גוטער אַרבעט וואָס איר טוט אויף. אַביסל ענערגיע און מוט טוט אַלעמען גוט...

***

און אָט געדענק איך פון אַן אַנדער פיינער פערזאָן: פרוי ביסקין, די פרוי פון ערשטן דאָקטאָר, וואָס העבריעטאַ סאָלד האָט אַראָפּגעבראַכט אין פאַלעסטינע. אין 1936, ווען איך בין געווען אויף מיין ערשטער נסיעה אין ארץ־ישראל, איז ער שוין ניט געווען. ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָ־גראָמען פון די אַראַבער, האָט זי כמעט געוואַכט איבער מיר און מיין טאָכ־טער. זי איז געווען אַ טעטיקע אַרבעטערין אין דעם „לייט־האַוז״, וואו כ׳האָב אָפּגעגעבן מיינע צוויי פידלען און דריי באַנדזשאָס. און ווען זיי האָבן פאַר מיר אויפגעשפּילט אויף זייערע אינסטרומענטן (זייער דיריגענט אויך אַ בלינדער הער מזרחי. מיט אַ שטעקעלע האָט ער געקלאַפּט אָן אַ זייט פון טיש און געהאַלטן דעם אָרקעסטער אין האַרמאָניע), האָבן זיך פון מיר גע־גאָסן טרערן ווי באָב. יונגע, שיינע קינדער! איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס כ׳האָב זיי געקענט גליקלעך מאַכן מיט די פידלען און די באַנדזשאָס.

פרוי ביסקין האָט אַ גרויסן אָנטייל גענומען אין דעם בלינדן־האַוז. און אָט פאַרבעט זי מיך מיט מיין טאָכטער שבת אויף טשאָלנט אין פרידמאַן־האָטעל, וואו זי שטייט איין. זינט דער דאָקטאָר איז געשטאָרבן האָט זי פאַר־דונגען איר הויז אין רחביה, לעבן אוסישקינס הויז. מיך מיט מיין טאָכטער האָט זי געהיט ווי אַ טרייע מאַמע. איך האָב אָנגענומען איר איינלאַדונג צו־ליב צוויי אורזאַכן. פרוי פרידמאַן איז אַ קוזינע צו וולאַדעקס פרוי און איך ווייס אַז וולאַדעק גייט דאָרט זיין. אַזוי ווי כ׳האָב געקענט וולאַדעקן פון ווילנער גאַסן־„סכאָדקעס״ — דער יונגער „לאַסאַל״, ווי מען האָט אים גע־רופן, און אַזוי ווי ער איז געווען אין פיטסבורג אויף אַ מאַסן־מיטינג און געגאָסן פעך און שוועבל אויף ציוניסטן אין פאַלעסטינע, בין איך אויף אים געווען שרעקלעך אין כעס (דאָס איז געווען פונקט פאַר מיין פאָרן קיין ארץ־ישראל). און דאָ איז ער אַליין אין „פאַלעסטינע״ ביי דער קוזינע פרידמאַן אין האָטעל. האָב איך טאַקע געדאַנקט פרוי ביסקין, אָבער כ׳האָב איר ניט געזאָגט וועגן וולאַדעקן. בין איך געקומען אַביסל פריער פאַר דער צייט פון עסן און געוואַרט ביז וולאַדעק איז אַרונטערגעקומען. איך האָב געבעטן פרוי פרידמאַן צו זאָגן וולאַדעקן אַז אַ פרוי וואַרט אויף אים. און אָט איז ער אַרונטערגעקומען, טאַקע אַביסל פאַרעלטערט, זינט כ׳האָב אים געזען פון ווילנע. גיט ער מיר די האַנט: „שלום, וואָס קען איך טאָן פאַר אייך?״ — פאַר מיר קענט איר גאָרניט טאָן! אָבער פאַר אייער פאָלק קענט איר טאָן אַ סך (ער איז דאַן געווען כמעט דער קאָפּ פון „פאָרווערטס״). — „וואָס ווילט איר איך זאָל טאָן?״ פרעגט ער מיך. ענטפער איך: איר, וואָס האָט פאַרפירט די יוגנט אין אַ זומפּ — און אָנגעמענדיק זיין מאַנטל פאַר אַ קלאַ־פע — פילט איר זיך ניט ווי אַ פאַרברעכער פון אייער פאָלק?! רופט ער מיר אַריין אין אַ צימער מיט אַ גלעזערנער טיר אויפן לינקן זייט: וואָס ווילט איר איך זאָל טאָן? איר זעט אונזער טראַגעדיע, ווי ס׳גיסט זיך אידיש בלוט און איר פרעגט מיר וואָס צו טאָן? די היסטאָריע וועט אייך פאַרדאַ־מען! — „וואָס זאָל איך טאָן?״ — „טוט וואָס איר קענט!״

איך פאַרשפּעטיק. איך האָב אָפּגערעדט זיין ביים נציב. זאָגט ער מיר: מען וואַרט אויף מיר מיט מיטאָג.

ביי אַ האַלבע שעה האָב איך אים געהאַלטן צוריק און ס׳האָט אויסגע־זען אַז ער האָט עפּעס אויף זיין געוויסן, אָדער ס׳האָט זיך מיר געדוכט. אָבער נאָכן אויסגיסן מיין האַרץ, האָב איך זיך אַביסל באַרואיקט.

און אָט פאָרן מיר אַדורך — דאַכט זיך דורך שכם. מיט אונז זיצט אַ יונגערמאַן. אַליין רעדט ער פופצן שפּראַכן און קען זייער גוט דאָ דאָס לעבן. רעדט אַ קלאָרן אידיש, און שמייכלט: אידיש איז אויך אַ שפּראַך?

פאַר מיר איז אידיש די בעסטע שפּראַך! — זאָג איך.

דערווייל בלייבט דער באָס שטיין אויף אַ מינוט. — וואָס איז? אָט שטייען צוויי יונגע כמעט ווי קינדער, זייער אײדעלע און ווילן אַריין אין באָס, אָבער דער שאָפער לאָזט זיי ניט אַריין. — ניטאָ קיין לײדיקער אָרט!

שטעלט זיך אַוועק מיין לאה און נעמט שרייען: איך וועל זיי געבן מיין אָרט! זי האָט געהערט ווי דער מאַן האָט דערציילט ווי געפערלעך דאָס אָרט איז. אָבער דער שאָפער פאָרט אָפּ און לאָזט זיי שטיין.

מיר זיצן און פילן ווי צום ווײנען וואָס מען מוז זיי איבערלאָזן. זאָגט דער מאַן צו אונז: זאָרגט ניט, זיי וועט גאָרניט שאַטן. זיי זיינען קאָמו־ניסטן... איז אונז, מיר מיט מיין טאָכטער, אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן:

אָט פאָרן מיר אַריין אין ירושלים און ס'איז שוין גוט פינצטער. די טעקסי שטעלט זיך אָפּ ביי אַ געשעפט. קיווע ראַבינאָוויטש גייט אַרויס און פרעגט אונז: ווער זיינען מיר און וואָס ווילן מיר. ענטפער איך: צפּורה זייד האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס. ס'מוז זיין אַ טעות. „אָ, ניין, איר זייט אויפן ריכטיקן אַדרעס", און העלפט אַראָפּנעמען די קאָסטנס מיט די סעטשלעך און מען טראָגט דאָס אַריין אין געשעפט. מען שטעלט דאָס אַריין אין אַ הינ־טער־פּלאַץ הינטער אַ גאַרדינע, און מען צערעדט זיך.

איך פרעג זיי וואו איך קען באַקומען אַ פּלאַץ. פירן זיי אונז אַריין אין אַ הויף, ניט ווייט פון געשעפט, און מיין לאה באַשטעלט אַ באָד. האָט מען גענומען שלעפן שפּענדלעך, שטיקלעך האָלץ צו מאַכן הייסע וואַסער. האָט גענומען, דענק איך, אַ פּאָר שעה, ביז ס'איז געוואָרן די וואַסער הייס. גע־קאָסט סך־הכל 40 אַמעריקאַנער סענט! דערווייל האָבן מיר ביי זיי געגעסן וועטשערע — זייער פריינטלעכע מענטשן, און זיי זיינען טאַקע יחסנים אויך.

נאָך דער באָד זיינען מיר זייער מיד און גייען שלאָפן. ווי מיר זיינען אַנטשלאָפן געוואָרן, האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט. אַ ווילדער טומל הינטערן פענצטער, אַלע שלאָפן שוין. וועמען פרעגט מען?

מיין לאה פרעגט מיך: „מאַ, וואָס קען דאָס זיין?" זאָג איך: „פּרוּאוו שלאָפן, איך דענק מען זעגט האָלץ".

אויף מאָרגן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ס'איז געווען אַ דאַנקע (איזל).

דעם אַנדערן טאָג האָבן מיר זיך געזעגן מיט פרוי און הער ניומאַרק, זייער פיינע סימפּאַטישע מענטשן, וועלכע אַרבעטן שווער צו מאַכן אַ לעבן. איין אַראַבער העלפט אַרויס אין קיך און זעט אויס צו זיין אַן איבערגעגע־בענער פריינט. און אָט הויבן זיך אָן צרות — דער שטרייק.

דער אַראַבער קומט שוין ניט אַרויס העלפן. מען שיסט גאַנצענע נעכט. ס׳איז שוין באַלד אַ פאַרבאָט צו גיין אין די אָוונט־שעהן אין גאַס. ס׳גיסט זיך בלוט — אידישע און אויך אַראַבישע. כ׳באַקום בריוו פון מיין מאַן און קינדער — „קום אַהיים!״

אָבער מיר גייט ניט אין מיין לעבן, און וואַרט די שיסערייען זאָלן זיך ענדיקן. מיין לאה זעט אַז איך שלאָף ניט און הער זיך צו פון וואַנען מען שיסט.

ס׳ווערט ערגער אַנשטאָט בעסער. מען האָט אַ סך דערהרגעט פון אַלט־ירושלים. אויך אַ רב איז צווישן די הרוגים.

מען באַרויבט אַלץ וואָס די אידן פאַרמאָגן, אין די טויזנטער. אין ניי־ירושלים שלאָפט מען אויף די צעמענטענע פּאָדלאָגעס אין די נייע בנינים. ניטאָ מיט וואָס אונטערבעטן און זיך צוצודעקן. אַלטע, קראַנקע לייט, קליינע קינדער. די מוטערס וויינען. די רעגירונג גיט אַ פיאַסטער פאַר יעדן מענטשן, און וואָס קענען זיי קויפן פאַר דעם? די טראַגעדיע איז גרויס, דאָס האַרץ איז צעווייטיקט.

די פרוי, מיט וועלכער מיר זיינען געפאָרן קיין ישראל צוזאַמען, אַ ליבע האַרציקע פערזאָן, איז פון דעם אומגליק געוואָרן אַזוי קראַנק, אַז מען האָט געמוזט האָבן פאַר איר אַ דאָקטאָר. זי האָט געמוזט פאָרן צוריק נאָך שיקאַגאָ.

אָט אַזוי בין איך געווען פיר חדשים אין ישראל מיט דער האָפענונג דער אומגליק וועט זיך אָפּשטעלן. אָבער, ליידער, ליידער...

## אַ באַגעגעניש מיט זאב זשאַבאָטינסקי אין וואַרשע

איך לייען אין דער פּרעסע: זשאַבאָטינסקי קומט אין דריי טעג אַרום. וואַרט איך. איין דאָנערשטיק אָוונט, אין אַוגוסט 1936, קומט ער אין „אייראָ־פּעאישן האָטעל״. רוף איך אים אָפּ „פריינט זשאַבאָטינסקי, איך קום איצט פון ישראל, און מוז אייך זען״.

ענטפערט ער מיט אַ שטאַרקן רוסישן אַקצענט: „היינט שרייב איך

בריוו. מאָרגן פרי, פרייטיק, האָב איך אַ קאָנפערענץ אין לאָדזש. ביטע קומט שבת און גיט מיר דעם אַדרעס. פריער זעט מיין סעקרעטאַר".

בין איך פינקטלעך געקומען מיט מיין טאָכטער צו דער לעקציע. אַ געפּאַקטער זאַל מיט מענטשן. אָט גייט אַרויס אַ קליין מאָגער טונקל מענטשעלע און נעמט רײדן. רײדן? ניין, שיטן מיט פּערל! וואָס פאַר אַ ברילאַנטענער רעדנער. אַ שפּראַך — גיסט זיך ווי אַ שטאַרקער וויין. ער רעדט אָן אַן אָפּשטעל און וואָרנט: אידן, ראַטעוועט זיך, איר זיינט אין אַ סכנה!

פרעגט מען פראַגעס: ווי ראַטעוועט מען זיך?

„איר זיינט אויפן רוקן פון וואָלפיש. וואו איר גיט זיך אַ קער זייט איר אין געפאַר דערטרונקען צו ווערן"...

עס גיסט זיך פון זיין געזיכט שוויס. כ'רייד מיט זיין סעקרעטאַר, זייער אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן. „נו, איר ווילט רײדן מיט אים? ביינאַכט (שבת־צונאַכט) וועט זיין פאַר אים אַ באַנקעט אין האָטעל בריסטאָל, און דאָרטן וועט ער אפשר ניט זיין אַזוי פאַרמאַטערט".

זיץ איך אויף דער רויטער פלושענער קאַנאַפּע אין האָטעל בריסטאָל. אַלץ רויט אין פלוש. די קאַנדעליאַברעס ווי מיליאָנען בריליאַנטן. זאָגט מען מיר, ס'באַלאַנגט צו אידן. זאָגט מיר מיין האַרץ: מען וועט דאָס אַלץ צונעמען ביי זיי. און אָט נעמט קומען דער עולם — פיל איך צו שרייען גוואַלד! איך פיל מיט מיין האַרץ און נשמה, אַז אונזערע אידן זיינען אין געפאַר. פרויען אין פלושענע קליידער, מינקס און אַנדערע טייערע מאַנטלען און קליידער. גאָלד און בריליאַנטן רייסן די אויגן. איך וויל וויינען און שרייען: הערט וואָס זשאַבאָטינסקי האָט איך געזאָגט: ראַטעוועט זיך!



# פון צוריק מיט יאָרן

יע, איך בין געבאָרן געוואָרן אין ווילנער הקדש! ווי אַזוי? די מאַמע איז געווען אויף דער צייט און אָט איז אסתרל, דאָס עלטסטע טעכטערל, קראַנק געוואָרן, און אַזוי ווי ס'זיינען שוין צוויי קינדער ביי איר געשטאָרבן, איז זי אויס מורא אַוועק מיט דער טעכטערל אין הקדש, און איך האָב ניט געוואָלט וואַרטן, און דאָרטן געקומען אויף דער וועלט...

און גאָט איז געווען גוט צו דער אָרעמער פאַרצווייפלטער מאַמען און איר געלאָזט ברענגען צוויי טעכטערלעך צוריק אַהיים. אַזוי ווי די עלטסטע שוועסטערל איז געווען אַ זעלטן שיינע, פלעגט די מאַמע איר נאָכגעבן — ווי מען זאָגט — דעם שמד.

איך האָב זיך געפילט פיל מאָל געקריוודעט, און אָט עפּנט זיך אַ „נאַ־ראָדנע אוטשילישטשע" (פאָלקסשול). מיין טאַטע פירט אַוועק מיין שוועס־טערל אין שולע. אַלע טאָג האָט זי געדאַרפט העפטן, אַלע טאָג בלייפעדערס. און קויפן פלעגט זי שאָקאָלאַד, אייז־קרעם א״אַ. די מאַמע פלעגט דאָס אָנ־נעמען פאַר גוט געלט — אסתרל איז דאָס אַלץ ווערט!

איך וויין — איך וויל גיין אין קלאַס. אַזוי ווי פאַר אַכט יאָר נעמט מען ניט אָן, און איך בין נאָך ניט קיין פולע זיבן, האָט אָבער דער טאַטע אויף מיר רחמנות געהאַט און מיר אַוועקגעפירט אין שולע. דער לערער, הער ציפּקין, זאָגט דעם טאַטן: „אָנאַ יעשטשאָ מאַלענקאַיאַ" (זי איז נאָך קליין). זאָגט דער טאַטע: „אָנאַ מאַלענקאַ דאַ אודאַלינקאַ" (זי איז קליין אָבער אַ רעכטס). און פאַרן טאַטן האָבן אַפילו די גויים געהאַט רעספּעקט. ער האָט דאָך פאַרמאָגט אַ מעדאַל.

מען האָט מיך צוגענומען. די מאַמע פלעגט מיר נעמען צום קלאַס אין דער פרי — ס'איז געווען אַ היפּשע שטרעקע צו גיין צום קלאַס. זי פלעגט מיר מיטגעבן עפּעס עסן אויף מיטאָג, אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, אַן עפּל, אַ קיכעלע א״אַ.

איין מאָל גיט זי מיר אַ מצה־קוכן און פירט מיר צו צום קלאַס און גייט אַוועק ווי שטענדיק. און באַלד קערט זי זיך אום און גיט אַ הויכן זאָג: „פּע־סעלע, פאַרגעס ניט אַ המוציא!" אַלע קינדער קוקן אויף מיר. איך געדענק נאָך ווי איך האָב זיך זייער פאַרשעמט, ספּעציעל ווען דער צווייטער לערער האָט זיך איינגעגראָבן קוקן אויף מיר מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן. דע־מאָלט בין איך געקומען אַ וויינענדיקע אַהיים און געזאָגט: „מער וועל איך מיט דיר ניט גיין. כ'וועל גיין אַליין".

געפרייט האָב איך זיך וואָס דער עלטערער לערער איז ניט געווען. היינט וואָלט איך געזאָגט: ער איז אַן אַנטיסעמיט. ער פלעגט באַליידיקן און שרייען אויף די קינדער ווי אַ בורלאַק.

די מאַדאַם ציפּקין איז געווען אַ ליבער מענטש. זי האָט אונז געלערנט

„רוקאָדיעליע" (האַנט־אַרבעט), שטריקן, אויסנייען שטענדיק מיט אַ פריינט־לעכן שמייכל. ער, פאַרקערט, זידלען. און טאָמער איז אַ קינד געקומען מיט אַ מינוט שפּעט, באַזונדערס פריטיק, פלעגט ער שרייען: „געהאָלפן דער מאַמען מאַכן דעם קוגל ?"

אויבן אָן איז געהאַנגען ניקאָלאַיס בילד, און מיר פלעגן אַלע אין דער פרי זאָגן פאַר אים אַ „מאָליטווע" און זינגען הימנעס פאַר אים. איך האָב גראָד געהאַט מזל צו אים, ווייל כ'פלעג זינגען הויך, געהאַט אַ גוטע שטימע, און דער אַסימילאַטאָר, דער לערער ציפּקין, וואָלט זיך געקניט פאַרן קייזער. ער פלעגט וועלן די לידער און מאָליטוועס זאָלן זיין אַרויסגעבראַכט מיטן קנאַק.

מיין ווייטערדיקע לערע האָב איך באַקומען פון דער מאַדאַם מאַרקו־סאָנס אָונט־קלאַסן, אין פיר יאָר. דאָס איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר אַר־בעטער־מיידלעך. דאָרט איז אויך געווען מיין האַרציקע לערערין מאַדאַם שאַבאַד, דאָקטאָר שאַבאַדס פרוי. ס'לאָזט זיך אויך ניט פאַרגעסן איר שיינ־קייט און גוטסקייט. איר טאָכטער איז ד"ר מאַקס ווינרייכס פרוי.

אָט געדענק איך מיין טאַטן, ווי ער איז געווען מיט האַרץ און נשמה איבערגעגעבן דער שול. אַ סך מאָל פלעגט ער ריידן מיט דער מאַמען, ווי זיינע פריינט האָבן זיך ביי אים געבעטן ער זאָל זיך אָפּשטעלן אין קאַווקאַז. זיין לעבן און צוקונפט וועלן זיין מער געזיכערט און מיט אַ בעסערער צו־קונפט. אָבער זיין אידיש האַרץ האָט ניט דערלאָזט. ס'האָט אים געצויגן צו ווילנע — די אָרעמע אידישע ווילנע, ירושלים דליטא. און ווי ער האָט זיך מיט אַלץ צופרידן געשטעלט. און דער גוטער מאַמען איז אויסגעקומען אַ סך מאָל צו ליידן פאַר די קינדער. אָבער זי האָט געוואָלט האָבן אַ חלק אויף יענער וועלט. זי איז געווען זייער פרום און זיך צופרידנגעשטעלט מיט איר מזל.

ווער איז צו אונז קינדער שמחת־תורה אָדער אין די אַנדערע ימים־טובים געווען גליך ? מיר האָבן זיך געפילט זייער שטאָלץ מיטן טאַטן. און ווער רעדט נאָך ווען דער טאַטע איז געווען ביים עמוד און האָט געדאַוונט און איך מיט דער מאַמען זיינען געזעסן אין מזרח־וואַנט און האָבן צוגע־הערט דעם טאַטנס שיינע שטימע — ווער איז געווען צו אונז גליך ? שיינע יאָרן, שיינע חלומות.



# אַ לעבן פאַרן פאָלק

אָט דערמאָן איך זיך ווען וויצמאַן איז געווען אין קליוולאַנד אין אידישן סענטער. מיר שפּאַנען אײַן דעם פאָרדל און דער פראָסט ברענט און ס׳איז אַ גליטש, ממש אַ געפאַר. ניט מער ווי פינף און דרייסיק מייל. אָבער מען נעמט אַרויספאָרן אויסערן שטאָט: איבערגעקערטע קאָרס אויף ביידע זייטן גאַס, אַזוי ווי נאָך אַ מלחמה! פאָרן צוריק? אָ, ניין!

און דער פאָרד — אַ לייכטער. דאַכט זיך, יעדער מינוט פאַלט ער איין. ס׳האָט גענומען אַ שיינע פאָר שעה פאָרן, און גאָט צו דאַנקען אָנגעקומען!

דער האָל איז געפּאַקט. קוים אַריינגעשטופּט זיך אויף גאַליאָרקע. ניט מען קען אים זען, ניט מען קען אים הערן. און דאָ האָט מען ממש ריזי־קירט מיטן לעבן.

שפּאָר איך זיך דורך צו דער בינע און וויל זען וויצמאַנען פון דער נאָענט. שטייען בחורים, זיי האָבן געמאַכט אַ צאָם און מען לאָזט ניט. שריי איך: „מיר׳ן גענומען אַ געפערלעכן שאַנס צו זען און הערן וויצמאַנען, און איר פאַרשטעלט דעם וועג״.

ער איז שוין געווען אָנגעטאָן צום פאַרלאָזן. נו, שטעלט זיך פאַר מיין סורפריז. קערט ער זיך אום, גייט אַראָפּ די טרעפּלעך, גייט צו צו מיר: „וואָס שרייט איר, ישובניצע? שלום עליכם״.

**
*

ווען חיים אַרלאָזאָראָוו איז געווען ביי מיר אין הויז און איך האָב צוזאַ־מען מיט אים געגעסן ביי איין טיש, האָב איך ניט פאַרשטאַנען די גרויס־קייט פון אים. אַ חוץ זיין דייטש איז ער געווען אַזוי איינפאַך פריינטלעך, אָבער שפּעטער, ווען ער האָט געהאַט די דעבאַטע מיט זשיטלאָווסקין, האָבן מיר געזען וואָס פאַר אַ שיינער געלערנטער איד ער איז.

אונזערע גרויסע פירער האָבן זיך געהאַלטן זייער איינפאַך, דעמאָקראַ־טיש. וועגן אונזערע חברות? ניטאָ וואָס צו ריידן. למשל, נעמט גאָלדע, בעבא, יהודית מיי, בער מערעמינסקי, אלישבע — פּשוט און איינפאַך. אידי־שע טעכטער מיט גרויסע נשמות!

צו פאַרגלייכן ביי אַנדערע פעלקער, וואו כ׳האָב קענען געלערנט יעדער קלענסטער „קנעפּל״ וויל צייגן זיין גרויסקייט.

יעצט, אויף מיינע עלטערע יאָרן, אַנאַליזיר איך מיין פאַרגאַנגענהייט. איך וואָלט זיך ניט געביטן פאַר מיליאָנען מיט קיינעם. די נאַטור האָט מיך באַשאָנקען מיט ליבע צו מיינע פירער. מען האָט מיר אַפילו אויפגעוואָרפן,

אַז איך האָב אַ שוואַכקייט פאַר אינטעליגענץ. יע, איך האָב אַ שוואַכקייט פאַר מיינע אידישע פירער, די אינטעליגענציע.

צוליב געוויסע אומשטענדן האָב איך קיין הויכע בילדונג ניט געקענט באַקומען און, פאַרשטייט זיך, די אורזאַך איז געווען צוליב מאַטעריעלער נויט. אָבער כ׳האָב גוט געמאַכט מיט וואָס נאָר כ׳האָב געקענט.

יעצט, אויף מיינע עלטערע יאָרן — כ׳האָב דערלעבט דעם גרויסן נחת, וואָס מיינע עלטער־עלטער־זיידעס האָבן געבעטן גאָט מיט בלוט און טרערן, האָט מיר גאָט באַשערט דעם גרויסן זכות צו דערלעבן זען אַ באַפרייטע ארץ־ישראל.

***

מיר קומען אַריין אין תל אביב און פאָרן אַריין אין פאַרק האָטעל, רחוב ירקון, ס׳איז פרייטיק פרי, דעם 12טן אַפריל.

חבר יוסף, וואָס איז אונז געקומען איבערנעמען פון פאָרט, איז זייער אויפגערעגט און זאָגט אונז: היינט זייער פרי האָט אַן אַראַבער אַריינגע־וואָרפן אַ האַנט־גראַנאַט אין אַ חדר, דערהרגעט עטלעכע אינגלעך, און פאַר־וואונדעט דעם רבין. מיר פילן די טראַגעדיע טיף אין דער נשמה און שווייגן...

איבער שבת רוען מיר און מען באַהאַנדלט אונז גרויסאַרטיק. דער האָ־טעל איז געראָם, נאָך צו געראַאם. ניטאָ קיין געסט. מיר דערוויסן זיך אַז צוואַנציק טויזנט רעזערוואַציעס האָט מען צוריקגעצויגן. מען האָט מורא פאַר די אומרוען. אַ סך האָבן אַפילו ניט רעזערווירט. מיין טור פאַנגט זיך אָן זונטיק.

מיר פאָרן נאָך חיפה. אונזער חבר שמעון, אַ יונגער, העכסט־געבילדע־טער בחור און אַ גרויסער וויצלינג, דערציילט אונז מעשות, וויצן — צווישן די דערקלערונגען פון די היסטאָרישע פלעצער — סיי אַלטע און סיי נייע.

מיר פאָרן אַריין אין אַ שיינעם וואונדער־פּלאַץ. מיר זיינען אין נתניה. מיר גייען אַריין אין אַ פאַבריק פון מועצת־הפועלות: אַ דרוקעריי, אַ בוך־בינדעריי — אונטן; אויבן וואוינען און אַרבעטן זעכצן בלינדע מיידלעך. זיי פלעכטן אויס די שענסטע טעפּיכער, שאַלן, שאַרפן, ליאַלקעס אד״גל. מיר פאָרן צו עמק הזיתים, הדר הכרמל. נו, ווער ס׳האָט ניט געזען דעם כרמל, האָט עפּעס שיינס ניט געזען.

מיר גייען אַריין אין טעמפל אויפן הדר הכרמל — דער דאַך פון ריינע גאָלד. די גאָרטנס און בלומען — די פאַנטאַסטישע אויסאַרבעטונג — ווי

גאָט אַליין וואָלט דאָרט געדוט. מיר פאָרן צום קישון־טייך. דאָ זיינען נאָך דאָ סימנים פון ציוויליזאַציע פון פיר טויזנט יאָר צוריק. איצט זיינען דאָ אַנטוויקלט גלאָז־פאַבריקן, פיש־פאַבריקאַטן. אין חיפה באַטרעפט די באַפעלקערונג 220.000 איינוואוינער, כן־ירבו.

מיר פאָרן צו עכו. דאָ זיינען פאַראַן היפּשע פאַרשידענע פאַבריקן, ווי טאַרטאַקעס, שטאָל, פּאַפּיר א״אַ. מ׳זעט סימנים פון נאַפּאָלעאָנס מפּלות. און אָט איז דער בנין, וואו מען האָט אויפגעהאַנגען דב גרונערן. ס׳רופט אַרויס אַ האַס צו ענגלאַנד.

פאָרן מיר צום גליל. איילבירט־וועלדער, וואָס זיינען אַלט איבער צוויי טויזנט יאָר. אָרום, גרויסע שיינע בערג; אונטן, פאַבריקן פון פאַרשידענע מאַרבל־אויסאַרבעטונגען און אַראַבישע דערפער.

מיר פאָרן דורך פאַרשידענע מושבים, שכונות. אומעטום גרינע פעלדער און מ׳בויט און מ׳בויט. מיר פאָרן דורכן גליל, דורך היסטאָרישע בערג. מיר שטעלן זיך אָפּ אין מירון, וואו אַלע ל״ג־בעומר איז דאָ אַ גרויסע צערעמאָניע אויפן קבר פון רבי שמעון־בן־יוחאי. מיר זעען די קברים פון רבי הילל, יוחנן הסנדלר, און אין טבריה שטעלן מיר זיך אָפּ צו עסן מיטאָג. מיר פאָרן ווייטער און זעען פלעצער וואו ס׳איז געווען צעשטערט און איבערגעבויט. צפת, וואו ס׳איז אויפגעקומען די קבלה. דער הייליקער קדוש, דער מחבר פון „לכה דודי״. מ׳זעט נאָך גאַנץ בולט די חורבנות וואָס ס׳האָבן געמאַכט די קרייץ־טרעגער.

אין צפת די אַלטע שולן, וואָס זיינען אַלט פופצן הונדערט יאָר. יעדער טראָט איז געשיכטע. די הויכע בערג, די נייע און אַלטע שטאָט. ראש פּינה, אַ נייע שטאָט; זעכציק טויזנט אַקער לאַנד מיט צוויי טויזנט ערד־אַרבעטער ליגט נאָענט ביי דער גרענעץ פון סיריע און לבנון. ס׳טרעפן זיך אַ סך אַנטיקן.

מיר קומען צום מאָנומענט מיטן לייב, אַ זכר נאָך די געפאַלענע גיבורים יוסף טרומפּעלדאָר, שרה טשיזשיק און נאָך. דאָס האַרץ וויינט אויף אונזערע יונגע, טייערע פאַרשניטענע לעבנס.

מיר פאָרן אַריין אין כפר גלעדי — ניט צו דערקענען. אין די זעקס יאָר צייט — כמעט אַ שטאָט! איך באַגעגן זיך מיט פאָלאַ גלעדי. זי וואוינט שוין אין אַ קליינעם שיינעם אַפּאַרטמענט. מיר קוקן אויפן באַרג חרמון — 8,500 פוס הויך, און אויבן זעען מיר די „יאַרמעלקע מיט שניי״. אומעטום עקאַליפּטוס־ביימער.

## פעסיל שער־קאַסאָוו

מיר פאָרן פאַרביי קרית שמונה, אַ נייע געגנט, טויזנטער הייזער און אויך טויזנטערביידלעך פון די מעברות.

אומעטום גוטע שולעס און גוטע דערציערינס. די קינדער־היימען — רייך, ציכטיק. אונזער שאָפער — שמעון, נעמט איילן. ס'איז פינף נאָכ־מיטאָג. מיר פרעגן אים: פאַרוואָס אַזוי שנעל? זאָגט ער: „איך האָב ניט מורא פאַר מיין קאָפּ, אָבער פאַר אייך בין איך פאַראַנטוואָרטלעך". ער, אַ יונגער אינטעליגענטער מאַן, האָט צוויי קינדערלעך, איז גרייט צום קאַמף אָן שום פּחד. ער טרייבט האַסטיק דעם אויטאָ, ווייל ס'ווערט שוין טונקל און מען פילט זיך גאַנץ ווייט פון זיכער אונטער די בערג. די לופט נעמט זיך פאַרציען ווי מיט אַ טיול און ס'זעט זיך נאָר אַ גרויס צעאַקערט פעלד. מיר זיצן שאַ־שטיל, ריידן ניט איינער צום צווייטן. וועגן זינגען איז אָפּגע־רעדט!

מיטאַמאָל מוזן מיר זיך אָפּשטעלן. אַ סטאַדע פון הונדערטער שעפּסן פאַרשטעלן אונז דעם וועג! מיר מוזן וואַרטן ביז די שעפּסן וועלן אַריבער־גיין. ס'זיינען ניט אַמעריקאַנער וועגן. מיר פאָרן פאַרביי ראש פינה, אַ קליין דערפל, נייע געביידעס.

מיר פאָרן צום כנרת. דער ניט־אידישער נאָמען איז טיבעריאָס, אַ נאָ־מען נאָכן רוימישן אימפּעראַטאָר. כנרת איז וואונדערלעך שיין. מיר זיינען אין טבריה, אין אַ מוזעאום פון אויסגעגראָבענע אַלט־היסטאָרישע אַנטיקן קינסטלעך צוזאַמענגעשטעלט. אַנטיקן, וואָס זיינען אַלט צוויי ביז דריי און זיבן טויזנט יאָר. מיר פאָרן צום רמב"ם קבר. מיר גייען איבער שטיינער, פעלזן, רואינען. מיר שטעלן זיך אָפּ אין חמי טבריה. ס'האָט 30 הייסע קוואַלן, בעדער פאַר מענער און פרויען. דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטערס, אַ גרוי־סער מעדיצינישער אַנשטאַלט. און אָט זיינען מיר ווידער ביים כנרת. דער שיינער כנרת! וואו ער גיסט זיך צונויף מיטן טייך ירדן.

מיר פאָרן אַריין אין דגניה א, וואו עס שטייט דער היסטאָרישער טאַנק פון לעצטן אַראַבישן אָנפאַל. דאָס איז די רייכסטע, עלטסטע קבוצה. זי פאַר־מאָגט 18,000 הינער, 300 קי, 15,000 ציגעלעך, 3 גרויסע אינקובייטאָרס, אַ סך פערד. און דאָ גליך גאַזאָלין־שטעלעס — „שעל", מאָדערנע ווי ביי אונז.

מיר ריידן מיט אונזער ליבן שאָפער שמעון. מיר באַדויערן די צוואַנציק טויזנט טוריסטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון קומען מחמת מורא פאַר דער מלחמה. די געשעפטן, האָטעלס, שאָפערס — אַלע ליידן שווער פון דעם

שטילשטאַנד. ישראל האָט אַ באַדייטנדיקע הכנסה פון די טוריסטן, אַזוי ווי די שווייץ און די פאַרהאַלטענע טוריסטיק איז אַ קלאַפּ פאַר דער עקאָנאָמיע פונעם לאַנד.

מיר פאָרן קיין נצרת. מיר גייען דורך קלויסטערס. מאָנאַשקעס זיצן און זאָגן תפילה. מיר קויפן אָנדענקונגען. און דאָ איין אַראַבער איז אונזער עקסקורסיע־פירער. שמעון זאָגט: „מיר זיינען אין גוטע הענט"... מיר פאָרן פאַרביי: צעמענט־פאַבריקן, רערן־פאַבריקן, ביר־ברויערייען. מיר פאָרן פון חיפה קיין ירושלים.

די גרויסע וואונדערס פון יום העצמאות קען מען ניט פאַרגעסן דעם גאַנצן לעבן. אונזער פאַראַד, קען מען זאָגן, האָט גענומען אַ גאַנצן מעת־לעת. די נאַכט פאַרן פאַראַד האָט מען אָפּגעטאַנצט אין די גאַסן. צומאָרגנס דער פאַראַד — זיינען דאָס ווירקלעך אידישע העלדן, אָדער איז דאָס ניט מער ווי אַ חלום? פריער פאָרן דורך דער פרעזידענט מיט די מיניסטאָרן יצחק בן־צבי, בן־גוריון, אונזער גאָלדע, שרת און נאָך. נאָך דעם אָרקעס־טער־מוזיק, און גרופּעס סאָלדאַטן, מאַטראָזן, פליערס, האַרמאַטן און אַנדע־רע מיני כלי־זיין, אויף וועלכע איך קען זיך ניט אויס. און טאַנקען, גוואַלדיק גרויסע טאַנקען, איינער נאָך דעם אַנדערן — אין די הונדערטער. און אָט, גאָט מיינער, פאַרדעקט דער הימל מיט „דזשעטס".

מיר זיצן באַלד אין די פראָנט. פאָרט געסט. ביי אונז וייבער גיסן זיך טרערן פון די אויגן. אַהאַ, מיר הויבן אויף די אויגן: מענער אין די טויזנ־טער האַלטן די פאַטשיילעס צו די אויגן און אַ תפילה רייסט זיך פון האַרצן: „גאָט, היט אונז און שיץ אונז!" עס טאַנצן אין די פאַרשידענע קאָסטיומען מיידלעך און בחורים. איבער צוויי שעה ציט זיך דער פאַראַד, און די הונ־דערטער טויזנטער גייען אַהיים ווי פון אַ שיינעם חלום, מיט אַ תפילה אין האַרצן און געבעט פאַר רו און גאַנצקייט פאַר אונזער לענדעלע, אמן!

דעם 22טן אַפּריל פאָרן מיר קיין ירושלים פון חיפה. אונזער שאָפער שמעון איז אַ וואונדערלעכער יונגערמאַן, דערציילט אונז פאַרשיידענע מעשיות און וויצן. מיר פאָרן פאַרביי העכסט מאָדערנע פאַרמס, גרויסע סטויגן היי. אין נגבה איז צוויי מאָל אין יאָר שניט. מיר פאָרן פאַרביי גרויסע גלאָז־פאַבריקן. דער זאַמד פון נגב איז זייער גוט פאַר גלאָז. מיר פאָרן פאַרביי די אַליאַנס גומי־פאַבריק. מיר פאָרן פאַרביי פעלדער מיט קאַרטאָפל, וואו צענדליקער מאָטיקעווען אויס פון ערד הונדערטער זעק קאַרטאָפל. סאָלדאַטן

אויף אַלע וועגן. און ווידער שיינע, נייע בנינים. אויך געגנוג אַלטע מעברות. די איריגאַציע אומעטום אַזוי גוט ווי ביי אונז אין אַמעריקע. וואונדער־שיינע פּרדסים, אויף מײלן און מײלן ווייט. שטיק־האַקערייען, פאַרשיידענע גרויסע פאַבריקן. מיר פאָרן פאַרביי באַנאַנע־סעדער; לאָנקעס, וואו מען שניידט דריי מאָל אין יאָר. מיר פאָרן פאַרביי כפר טרומאַן. לידא איז געווען אַן אַראַבישע שטאָט, איצט — נאָר אידן. ווי פאָנטאַנען שפּריצט וואַסער איבער אַלע פעלדער.

עכו איז געווען אַ תפיסה ביי די ענגלענדער — ביי אונז איז זי אַ שפּי־טאָל פאַר קראַנקע. דער וועג צו ירושלים איז מײלן ווײנגערטנער. פאָרן מיר פאַרביי דוד מאַרקוסעס מאָנומענט — דער אַמעריקאַנער אידישער קאָלאָנעל, וואָס איז געפאַלן פאַר דער באַפרייאונג פון ישראל. און אָט איז דער יער וויצמאַן.

צעשאָסענע אויטאָס ליגן ווי די פּגרים ביי די זייטן פון וועג. זיי דער־מאָנען אונזער קאַמף מיט אַכט יאָר צוריק. פּלמ״ח־בנין פון אונזערע היטער און אונזערע פאַרטיידיקער. מיר פאָרן פאַרביי צעבראָכענע, צעשמעטערטע הייזער און דערפער.

ירושלים. קיינער קען ניט געבוי באַשרייבן אונזער בלוטיקע טראַגעדיע — די רעשטלעך אָפּגעראַטעוועטע פונעם גרויסן היטלער־חורבן. הר ציון־אַשעס, רעשטלעך וואָס מען האָט צוזאַמענגעקליבן. די אַבאַזשורן פון מענטש־לעכער הויט, זייף פון קערפּערס, צעבלוטיקטע טליתים און תורות א״אַ. אַן הר־ציון טאָר מען אַ טאָג ניט פאַרגעסן. די האַרץ איז צעווייטיקט פון אונ־זער גרויסער טראַגעדיע. די צעבלוטיקטע טליתים — ס׳וואַרפט אָן אַן אימה. ר.י.פ. (ריין יודן פעטס) זייף, שטעק־שיכעלעך געמאַכט פון ספרי־תורה. מען קען נאָך לייענען אויף זיי די הייליקע פּסוקים. מען דערמאָנט זיך: די משפחה און די אַלע אונזערע, די זעקס מיליאָן!...

אונזער עקסקורסיע־פירער שמעון איז זייער אַ קלוגער און וואונדער־באַרער בחור. ער ציַיגט אונז ביידע זייטן — די שלעכטע און די גוטע. מיר גייען צוריק צום מלון (האָטעל) פון אונזער חבר מילער. ער האָט דאָס געַ־בויט אויפן אַמעריקאַנער „סטייל״. עסן מיר אָפּ אונזער וועטשערע און גייען ווייטער.

— טשערטאָק, אָדער שרת, זיצט אַ פאַרמאַטערטער. מען האַלט רעדעס און איך כאַפּ פון טויזנט ווערטער נאָר איינס... מוז מען זיך כאַטש פרייען

מיט דעם. פאַרשידענע רעדנער. אָבער דער אַלטער איטשע־מאיר לעווין — רעדט גאָר ווי אַן אמתער רעוואָלוציאָנער. האָט ער מיך ווירקלעך באַצוי־בערט מיט זיין שטאַרקן, וואונדערבאַרן ריינעם קול.

שפּעטער גייען מיר שלאָפן. איך שלאָף ווי אַ דערהרגעטע. אַלע הערן די שיסערייען פון איבערן ירדן, אָבער ניט איך. אין דער פרי עסן מיר אָפּ פרישטיק און מען לאָזט זיך אין וועג אַריין. מיר פאָרן צו דער מוטער רחלס קבר, ניט ווייט פון די קאַמף־ליניעס. דאָרטן טרעפן מיר אַ סך סאָלדאַטן. מיר באַגעגענען אַ גרופּע מזרחי־סטודענטן, וואָס גייען דורך די מיליטערישע מושטירונג. אומעטום — אויסגעבויטע בונקערס און טראַנשייען.

מיר באַגעגענען אויסגראָבונגען, מאָזאַאיקס, קונסט־שטיק וואָס זיינען אַלט צוויי און דריי טויזנט יאָר.

מיר גייען אין הערצלס צימער. דאָרט שטייען אַ סך זיינע זאַכן: זיין טיש, און שטולן, אויף וועלכע ער האָט געשאַפן מיט איבער אַ האַלבן יאָר־הונדערט צוריק.

מיר פאָרן ווייטער, האָרט ביי די גרענעצן. לעבן די מעברה־הייזער שפּילן זיך די קינדערלעך אין דרויסן, ווי גאָרניט געווען.

די שולעס וואָס מיר האָבן געזען, זיינען ריין, שיין. די קינדערלעך — פריילעך און פריינטלעך. די דערציערינס, ליבע אינטעליגענטע חברות, מיט טאַקט און קענטעניש, דערציען זיי אַ שיינעם געזונטן דור.

מיר גייען צו מאה־שערים, דורך חדרים פון דריי־יאָריקע קינדערלעך ביז גמרא־קינדער. ס׳זאָגט פאַר אונז אַ איינגעלע פון 9 יאָר אַ בלאַט גמרא אויף אויסנווייניק. מיר גייען דורך מאַנדעלבוים־טויער, וואו די בוכאַרער אידן לעבן.

אָט באַלד דאַרף זיך עפענען דער 24טער קאָנגרעס — מוזן מיר זיך צו־איילן. גייען מיר צוריק צום האָטעל. מיר עסן אָפּ וועטשערע און קיין בילעטן האָבן מיר נאָך ניט. מיר זיינען זייער פאַרצווייפלט — די טויזנטער „וויכ־טיקע" דעלעגאַטן האָט מען דאָך געמוזט פאַרזאָרגן מיט בילעטן. און קיין עין הרע — ניט געווען קיין גענוג פּלאַץ אין די האָטעלן פאַר אַלע דעלע־גאַטן. איך וואָלט זאָגן — צענדליקער טויזנטער פון דער גאַנצער וועלט.

אַזוינע פערזענלעכקייטן — איז ווערט געווען צו קומען ספּעציעל קיין ארץ־ישראל.

יע, מיר באַקומען בילעטן. אונזערע טייערע חברות גיבן אונז אַוועק

זייערע בילעטן. מיר פילן זיך ניט־באַקוועם פון דעם. אָבער מיר האָבן ניט קיין ברירה... ניט פאַר מיינע כוחות צו שילדערן דעם קאָנגרעס.

בערל לאָקער האָט געעפנט די ערשטע סעסיע. בן־צבי האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע. נאָך אים — צוויי רבנים, און נאָך דער סעסיע האָב איך זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן פון באַגייסטערונג און איך בין אַרויף אויף דער בינע, זיך באַגריסט מיט אונזער ליבן בן־גוריונען און מיט אונזער ליבער גאָלדען און אַ סך אונזערע טייערע: מרס. עפּשטיין פון הדסה, סאָפי יודין, יהודית שמחונית און נאָך. די קומענדיקע סעסיע עפנט זיך נאָך מיטאָג. גייען מיר באַזוכן קינדער־היימען פון מועצת הפּועלות, הדסה, מזרחי און דאָס אַלץ — אויסערגעוויינטלעך פּאַרכאַפּנדיק.

מיר נעמען בילדער מיט די קינדערלעך און זיי זיינען פול מיט ליבע, צוגעלאָזן פריינטלעך, ווערן דערצויגן מיט מוטערלעכער ליבע. מיר גייען אויפן הר־הרצל. הערצלס קבר מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און אַרום נאָך קברים — עלף־טויזנט פון אונזערע טייערע קינדער. איך לייען די נעמען און ס׳ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן! פערצן־יאָריקע, זיבעצן־יאָריקע. אָט ליגט חנה סנש מיט נאָך פיר מיידלעך. אַלע קברים אַרומגעצאַמט און מיט בלומען.

מיר באַזוכן אויך פאַרשידענע מוזעאומס, ווי אויך דעם בצלאל־מוזעאום.

איך באַזוכן מיר די מעברות — גרויסע תימנער פאַמיליעס, צוועלף מענטשן אין איין קליינעם אַפּאַרטמענט פון פיר צימערן. קינדער־גאָרטנס פון 45 ביז 200 קינדער. די עלטערן צאָלן אַ האַלבן פונט אַ חודש, ס׳זאָל ניט הייסן אומזיסט.

אין גן־ילדים גיט מען נאָך זיי צובייסן. כ׳מוז צוגעבן — די ריינסטע סקולס זיינען פון מועצת־הפּועלות.

„שלום, שלום״ — שרייען זיי צו אונז.

זיי זינגען פאַר אונז לידער — האַרציק שיין. אַ סך קינדער האָבן ניט קיין עלטערן. זיי, די קינדער, האָבן פאַרשיידענע שפּילערייען, פּונקט ווי אין אַמעריקע. ווייטער אין וועג — מיר באַגעגענען אונזערע סאָלדאַטן מיט שפּיר־הינט.

מיר פאָרן ווייטער — וויינטרויבן אויף מיילן, איילבירט־ביימער, לאַנגע שטרעקעס ליידיקע און ווייסע פייגל אויף די פּוסטע שטרעקעס. ביי די קיבוצים — בונקערס, אַנדערשוואו — באַריקאַדן.

# אַ לעבן פאַרן פאָלק

מיר פאָרן דורך רחובות, וואָס האָט פערציק טויזנט איינוואוינער. מיר פאָרן דורך נס ציונה — פריער איז געווען אַ מורא דאָרטן דורכצוגיין צוליב אַראַבער. איצט — פריי. משמר הגבעה — בעדואינער־געצעלטן. גרין ווי אַ טעפּיך. איין שייך דאָרט, זאָגט מען, האָט אַ פּאָר צענדליק ווייבער און ווער ווייסט וויפל קינדער.

לכיש, אַן אַגריקולטור־ישוב פון דער מועצת־הפועלות. און אָט פליען ניך עראָפּלאַנען איבער אונזערע קעפּ, צו דריי אין אַ ריי, ווי גרויסע פייגלען. מיר פאָרן דורכן נגב און שטעלן זיך אָפּ אין נייעם בנין פון האָיאָס און מיר עסן דאָרט אַ גוטן מאָלצייט. אַ בנין — אַ צירונג. פופציק צימערן.

מיר גייען צו צו אברהם אבינוס ברונעם. דאָ זיינען איצט 21 טויזנט איינוואוינער. אין דריי יאָר אַרום, האָפט מען, וועט זיין 42 טויזנט.

יע, דאָ איז אַ גרויסער שיינער קינסטלעכער באַסיין. אַלץ אין באר שבע. דאָ שטייען אַ סך עראָפּלאַנען און אין דער נאָענט — אַ גרויסער וואַלד פון עקאַליפּטוס־ביימער.

מיר זיינען ביים עזה־פּאַס. אונזערע סאָלדאַטן זעט מען אויף טריט און שריט. זיי היטן דאָ אָפּ אונזער לאַנד. וויצמאַנס אַגריקולטור־שול, ניט ווייט פונעם עזה־פּאַס. אויפן וועג — גאָרטנס מיט זונרויזן — דאָס איז פּאַר אייל. דאָ זיינען אויך בוימוואָל־פעלדער. זיי ציען זיך וויט־וויט אין דער געגנט.

דער נגב איז אַזוי פאַנטאַסטיש. עס וואַקסט דאָ און ווי נאָך. פלאַקס וואַקסט דאָ און גרינסן און וואָס ניט.

49 יונגע לעבנס זיינען דאָ פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער צייט פון דער מלחמה. יע, גייענדיק צו באר שבע שטעלן מיר זיך אָפּ אין נגב. 30 בחורים און מיידלעך זיינען דאָ געפאַלן אין שלאַכט. דער דורכגעשאָסענער טאַנק שטייט נאָך. דער מאָנומענט — די סטאַטועס פון די בחורים און מיידלעך לאָזט איבער אַ שווער, טרויעריק געפיל.

און ווייטער פאָרן מיר דורך סעדער און גאָרטנס פון פרוכט און גרינס. מיר שטעלן זיך אָפּ אין אשקלון און זעען ווי מיט 6000 יאָר צוריק, די געוועזענע ציוויליזאַציע איז נאָך דאָ. די אויסאַרבעטונגען פון קופּער, מאַרבל, גלאָז — „טרערן־גלעזער". מען געפינט נאָך זאַכן אין אַ גוטן צושטאַנד. מיר שטעלן זיך אויך אָפּ ביי פאַרשידענע אויסגראָבונגען, וואָס זיינען אַלט צוויי און דריי טויזנט יאָר. היינט איז ל"ג־בעומר, מאַכט מען פייערן — אַזאַ מנהג.

אשקלון איז אַ פאַרם־געגנט: מאַראַנצן, סטויגן היי, אַ גרויסע רערן־פאַבריק. אַ נייער דאָרף אויפן נאָמען פון רבי סילווער — כפר סילבר.

מיר זיינען אין אַן אָרט וואו אַרום געפינען זיך גרויסע אַרמיי־לאַגערן מיט קאָמפּליצירטע איינריכטונגען. מיר פאָרן פאַרביי די שענסטע גאָרטנס: גרינוואַרג, מאַראַנצן־פּרדסים, בינשטאָקן, טאַרטאַקן, וואונדערבאַרע סטאַדעס קי און שעפסן. און אָט איז אַ גרויסע ראַדיאָ־פאַבריק, אַ מצה־פאַבריק.

מיר שטעלן זיך אָפּ אין ראשון־לציון און טרינקען זיך אָן מיט גוטן וויין. מיר פאָרן ווייטער. מען בויט און בויט הייזער, טעאַטערס. מיר פאָרן דורך רויטע שטרעקעס ערד — פּונקט ווי ביי אונז אין דזשאָרדזשיע. פאָרן מיר דורך פעלדער, גערטנער — העכסט־מאָדערנע, מיט וואַסער־שפּריצערס איבער די פעלדער גרינס, אין אַלע פאַרשיידענע קאָלירן. ס׳איז אַ פאַנטאַס־טישע פּאַנאָראַמע. וואונדער איבער וואונדער!

דעם 29טן אַפּריל שפּאַצירן מיר אַרום אין נגב. דאָס איז דער דרום־דיקסטרע טייל פון נגב. יע, אין באר־שבע זיינען אויך דאָ רערן־פאַבריקן — אַזוינע גרויסע רערן. איך האָב דאָס ניט געזען אַפילו אין אַמעריקע.

מיר פאָרן איצט אויף גאָלדע מייערסאָנס וועג — אין רמלה. ווידער צעמענט־פאַבריקן, אייזן־פאַבריק, אַ מיליטער לופט־פאָרט. מיר פאָרן דורך אַנדערע אַראַבישע דערפער, איצט זיינען דאָ אַלע — אידן.

פּרייטיק. מיר פאָרן צוריק נאָך תל־אביב, אין פּאַרק־האָטעל, דורכן דוד מאַרקוס־וועג. מיר זיינען נאָר פינף קילאָמעטער פון גרענעץ און מען מוז אַביסל שנעלער.

***

נאָכן חודשלעכן טור שטעל איך זיך אָפּ אויף נאָך אַ חודש. כ׳באַגעגן זיך מיט מיינע טייערע חברות פון ווילנע נאָך פון די יונגע פּועלי־ציון־יאָרן. דאָס איז שוין אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין. אַ סך זכרונות פון די יונגע, כמעט קינדער־יאָרן. און די צייט לויפט, און אָט באַלד מוז מען פאָרן צוריק. ס׳פילט זיך, ווי מען לאָזט דאָרט איבער אַ שטיקל האַרץ...

דעם 10טן יוני דאַרפן מיר פאָרן צוריק קיין אַמעריקע. ס׳עגבערט אַביסל אין האַרץ צו פאַרלאָזן ישראל, אונזער שיין ליבהאַרציק לענדעלע. אָט וואַרטנ־דיק אויפן עראָפּלאַן ווער איך איבערראַשט: אונזער ליבע בעבאַ קומט זיך געזעגענען און ברענגט מיר אַ מתנה. זי אַרבעט אַזוי שווער. יעדער מינוט מיינט פאַר איר אַ סך. און אָט קומט זי צו מיר זיך געזעגענען. איך האָב עס

ניט דערוואַרט און געוויס ניט פאַרלאַנגט, ווייל כ'האָב באַאָבאַכטעט איר שווערע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. ס'האָט ביי מיר כמעט אָפּגענומען דער לשון און איך האָב ניט געקענט רײדן... זאָל זי נאָר זיין געזונט! דער עראָ־פּלאַן צעיאָגט זיך אויפן לופטפעלד, גיט זיך אַ ריס אָפּ פון דער ערד און — מיר פליען אָפּ.



## „געזוכט גליקן"...

ס'פאַנגט זיך אָן אין 1913. ס'איז געווען אין אַמעריקע אַ ביטערער קריזיס. גאָר אַ סך מענטשן האָבן ניט געהאַט קיין ברויט.

ווי ס'איז געווען שלעכט עקאָנאָמיש, אָבער געזעלשאַפטלעך האָט זיך אין ניו־יאָרק געלעבט אויסערגעוויינלעך גוט. אָט מיט אַ צייט צוריק אָפּגעוואַלגערט זיך אין איין צימער מיט דריי קליינע קינדער, דורכגעמאַכט מיט זיי פאַרשידענע קראַנקייטן. און אָט, מיט מזל, דעם 11טן פעברואַר פאָרן מיר נאָך עקראָן, אָהייאָ, וואָס מען האָט יעמאָלט גערופן „סיטי אָוו אָפּאָרטוניטי". דער צוג איז אָנגעקומען איינס ביינאַכט. אַ שרעקלעכע זאַווערוכע האָט אונז איבערגענומען און גליקלעכערווייז האָבן מיר נאָך באַוויזן צו דער לעצטער קאַר. נו, איז דאָס געווען אַ קאַר! מען איז אַריין ווי אין אַ קאַלוזשע בלאָטע. אָן אייוועלע האָט זיך געריכערט. די קינדער האָט מען געמוזט אופהויבן, זיך די קלייד פאַרקאַטשען, מען זאָל זיך ניט פאַרשלומפּערן. און מען שלעפּט זיך ווי מיט אָקסן. גאָט צו דאַנקען. מיר גייען אַראָפּ פון קאַר. נעמט מען גיין אויף אַ באַרג, פינצטער, חושך. די זאַווערוכע שלעפּט צוריק ווי טויזנטער שדים. קוים זיך דערשלעפּט אין אַ פינצטערן, גליטשיקן זאַ־ וואולעק.

מען זאָגט אונז אָן: דאָס וואַסער איז גיפט! מען טאָר דאָס חלילה ניט טרינקען (נאָר צו וואַשן וועש). טרינקען? קאָכן? ברונעם־וואַסער.

די באַהייצונג מוז מען אַליין מאַכן אין קעלער, וואו מען מוז אַראָפּגייען דורכן הויף. דערווייל איז קאַלט אין דער הילצערנער תורבה, ס'קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן! קיין ביסל וואַסער ניטאָ.

די קינדער נעמען הוסטן און פון מיר גיסן טרערן — אין דער „סיטי אָוו אָפּאָרטוניטי" קוים דערלעבט דעם מאָרגן!

כ׳בעט די אונטערשטע שכנה זאָל אַזוי גוט זיין, מיר ציייגן ווי מען מאַכט די היט (באַהייצונג).

זי איז געווען גוט געננג — מיר געצייגט.

מען איז ממש געווען אין געפּאַר. אַן אמתע פייער־פּאַסטקע! אָנגעשאָטן ווייכע בלאָטיקע קוילן. און ווי ס׳נעמט ברענען, ווערט דער אייזערנער אויוון רויט ווי אַ בוראַק. יעצט וואָס טוט מען? וואו נעמט מען מילך פאַר די קינ־דער? און עפּעס צום עסן?

נעם איך די נשמה אין די הענט און גיי זוכן אַ קראָם. מיין גאָט, וואו גייט מען? בערג שניי — העכער ווי אַ מענטש הויך. און באַשאָטן דער ווייסער שניי ווי מיט שוואַרצן מאָן. שטיי איך און קוק. אפשר וועט זיך באַווייזן אַ מענטש. קיין איינער ניט!

אָבער באַלד זע איך פון וויטן אַן אַלטיטשקע גויע, איינגעוויקלט אין פּאַטשיילעס, קומט נעענטער צו מיר.

כ׳לויף איר אַנטקעגן און פרעג: ביטע, זאָג מיר וואו איז דאָ אַ קראָם? כ׳מוז האָבן מילך פאַר די קינדער. פוילט זי זיך ניט און נעמט אַרויס אַ האַנט פון אונטער דער פּאַטשיילע און ציייגט מיר: „גיי אַביסל גלייך, נאָכער רעכטס, דערנאָך לינקס, שפּעטער ווייטער רעכטס און דאָן וועסטו זען אַ סטאָר". כ׳באַדאַנק איר און פרעג: זאָג מיר, זיי אַזוי גוט, וואָס איז דאָס שוואַרצע אויפן שניי?

די אָרעמע גויע קוקט מיך אָן מיט אומצוטרוי, ווי כ׳וואָלט געווען ניט קיין נאָרמאַלער מענטש. גיט זי אַ געשריי: „איט׳ס דוירד!" (ס׳איז שמוץ) און אַנטלויפט.

יע, די קראָם האָב איך געטראָפן. אָבער אַזוי ווי אויף די גאַסן איז נאָך קיין נעמען ניט געווען, האָב איך טאַקע אַ היפּשע צייט געבלאָנדזשעט, ביז כ׳האָב זיך קוים דערשלעפּט צוריק.

נו, זיך אַביסל איינגעאָרדנט, שוין אויסגעפונען וואו דער פּלומפּ איז.

זיך שוין עטלעכע מאָל אויסגעגליטשט, געפאַלן. אַרום פּלומפּ איז געווען דיק מיט אייז פאַרקאָוועט. איצט זיך אַביסל באַרואיקט.

איז ווי לעבט מען עפּעס אָן אַ שטיקל אינטערעס אין לעבן? די אַט־מאָספערע אַרום ממש שטיקט! ניטאָ קיין געזעלשאַפטלעכקייט. אַ פּאָר אַלטע שולכלעך, אַ תלמוד־תורה, וואָס פאַלט באַלד איין. ס׳האָט זיך געפילט אַז אַט־אַט ווערט מען דערשטיקט פון איינזאַמקייט און צוריקגעשטאַנענקייט.

נאָכן ניו־יאָרקער קאָכיקן לעבן האָט זיך געפילט ווי אַ פּריוויליקע תּפיסה... באַשליס איך צו גרינדן אַ פּועלי־ציון־קלוב. צו וועמען ווענד איך זיך? צו דוד איידעלסבערג (דוד איידעלסבערג איז דעמאָלט געווען אַ לערער אין תּלמוד־תּורה). ער פלעגט צו אונז אַריינקומען אַן עלנטער, גרינער בחור. ער׳ט גלייך איינגעשטימט. און מיר נעמען זיך צו דער אַרבעט. מיט וועמען? ניטאָ כמעט אַ צען מענטשן, צו וועמען זיך צו ווענדן. אָבער דאָך!

מיליקאָפסקי, אַ גודריטש־אַרבעטער, אַ גאַנץ באַוואוסטזיניקער בחור; דאַשעווסקי, אַ איד פון אַ יאָר 60; מלכּה, אַ 17־יאָריקע גרינע מיידל; מיסטער אַראָנסאָן; דער בעל־הבית פון הויז א״אַ.

ווען ערענרייך ע״ה איז געקומען אונז „אינסטאַלירן“ דעם „קלוב“, רופט ער מיך אַוועק אָן אַ זייט און זאָגט צו מיר: „חברה פּעסל (מיר׳ן זיך געקענט פון פריער). איר דערמאָנט מיך, זאָגט ער, אָן קרילאָווס לעבעד, ראַק, דאַ שטשוקאַ („שוואַן, קרעפּס און העכט“)!“ אָט אַזוי האָבן מיר געהאַט אַלע שבת מיטינגען. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, געמוזט אָנגרייטן טיי און קוכן. אָבער כ׳מוז צוגעבן, אַז איידעלסבערג איז געווען טאַקע אַ גוטער פּועלי־ציוניסט. אַן ערנסטער חבר. און טאַקע זיין ערשט מעשׂהלע — „רבקהלע מיט די רויטע זאָקן“ האָט ער פאַר מיר פאָרגעלעזן, און געוואָלט מיין „קריטיק“. צום באַדויערן, האָב איך אים ניט דערמוטיקט. אָבער איצט, ווען איך לייען זיינע אַרטיקלען אין „טאָג־מאָרגען־זשורנאַל“, מאַכט עס מיר זיך צו פאַרטראַכטן. בין איך טאַקע שטאָלץ אויף מיין פּועלי־ציון־חבר דוד איידעלסבערג, אַ גרינער בחורל וואָס פאַרשעמט ניט אַמעריקע...



## אַ וויכּוח מיט מענדעלסאָנען

מענדעלסאָן, זייענדיק יעדן זומער אין אונזער קעמפּ — טשעלסי, מישיגען, האָט איין מאָל אין אַ זומער דערציילט וואָס פאַר אַ שיינעם קעמפּ דער בונד האָט אין טשעלסי.

זאָג איך צו מיין מאַן, יעקב: ס׳איז כּדאַי צוצופאָרן. אַזוי איז געווען. זיינען מיר טאַקע צוגעפאָרן און ווירקלעך האָט זיך אַרויסגעוויזן — שיין גוטע עסן, זייער גוטע באַדינונג און די קינדער פילן זיך פריי. און אַזוי ווי דער קעמפּ אין „סאַוט־היווען“ איז ניט זייער ווייט פון אונזער קעמפּ, קומען אונזערע קינדער צו זיי און זייערע צו אונז.

# פעסיל שער־קאָסאָוו

איין מאָל זיינען אונזערע קינדער געקומען צו גאַסט אין בונדישן קעמפּ. די קינדער האָבן זיך זייער גוט פאַרהאַלטן צוזאַמען. אָבער ווען אונזערע קינדער פלעגן זינגען ציוניסטישע אַרבעטער־לידער, פלעגט דער פאַרוואַל־טער זיי אָפּהאַלטן. דאָס האָט מיך שרעקלעך פאַרדראָסן. אין אָוונט האָב איך צוזאַמענגערופן אַלע קינדער, אָן אונטערשיד. איינער פון זיי האָט געהאַט אַ באַלאַלייקע — און געמאַכט אַ כאָר און געזונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט, און געזונגען טאַקע אַלע ציוניסטישע לידער!

דער פאַרוואַלטער איז אַרומגעלאָפן מיט בייזע אויסגעשטאַרצטע אויגן, אָבער ווייל איך, מיין מאַן און נאָך אַ פּאָר חברים פון קעמפּ זיינען געזעסן צוזאַמען, האָט ער גאָרניט געקענט טאָן. און אָט הערן מיר, מענדעלסאָן קלייבט זיך קומען אויף שבת. זאָג איך צו מיין מאַן: „ס׳לוינט זיך צו וואַרטן״.

און אָט איז ער דאָ. פרייטיק צונאַכט, נאָך דער שיינער וועטשערע, האָט מען זיך צעזונגען: „ברידער, מיר האָבן געשלאָסן אויף לעבן אַ בונד, עס לעבע אין רוסלאַנד, אין ליטע און פוילן דער אידישער אַרבעטער־בונד״... און נאָך.

מיר וואַרפט ווי אין אַ קדחת — געקומען לכבוד דעם גאַסט פון דעטראָיט, פון שיקאַגאָ געסט — אַמאָליקע בונדיסטן: אויסגעפּילטע מיט בייכלעך, מיט גאָלדענע רינגען, אַריסטאָקראַטיש, מיט שטעקנס, אָנגעטאָן אין פיינע מאָ־דערנע „סוטס״, אמתע אָלרייטניקעס! מיך האָט דאָס זייער געערגערט: זיך אַליין נאַרן!

אויף מאָרגן, שבת אין דער פרי נאָך פרישטיק, איז געווען אין פעלד אַ מיטינג מיט פראַגעס. מען פרעגט און מענדעלסאָן ענטפערט. לויט מיר קומט אויס — ס׳קלעפּט זיך ניט. עפּעס טאַנצט מען ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. בעט איך אַ וואָרט. מיין מאַן שלעפּט מיך, איך זאָל זיך ניט מישן. אָ, ניין! איך פרעג אים: „פאַרוואָס אַנטלויפט איר פון רוסלאַנד, ליטע און פוילן. איר נאַרט זיך און די מיטגלידער פון בונד. און וואו האָט איבערהויפּט דער בונד אַ באַזיס אין אַמעריקע? לויט מיר קומט אויס, אַז איר האָט הנאה פון זעלבסט־נאַרעריי״. האָבן אייניקע גענומען שרייען: „סטאָפּט איר, ס׳איז ניט קיין פראַגע״. האָבן אַנדערע געשריען: „לאָזט איר רידן!״ מיין מאַן שלעפּט מיך פאַרן קלייד, אָבער ס׳העלפט ניט. איך האָב זיך גוט אויפגע־רעגט און גענומען זיי זאָגן וואָס כ׳האָב געפילט: „איר זיינט פאַרבלענדט, איר פרואווט צו גיין אויף פרעמדע וועגן, וואו מען לאָזט אייך ניט. איר

שטופּט זיך וואו מען וויל אייך ניט, און אייער אייגן פאָלק פאַראַט איר".

בקיצור, דער מיטינג האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסן טומל. און שפּעטער, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען מיט מיין מאַן די באַנק, וואו מענ־דעלסאָן איז געזעסן, האָב איך געפילט באמת אַ רחמנות אויף אים.

צום באַדויערן האָט ער נאָך דעם ניט לאַנג געלעבט. אַ גרויסער גע־לערנטער, אָבער געווען פאַרבלענדט.



## דאָקטאָר שטיינער — אַ זעלטענער איד

ער איז געווען די גאַנצע פיר יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין מיליטער. ווי ער זאָגט: „געשניטן מענטשן ווי קעלבער"... און קומענדיק אין אַמעריקע האָט ער באַשלאָסן — קיינע אָפּעראַציעס.

ער פלעגט קומען צו אונז ווי זייער אַ געטרייער פריינט. ער האָט אונז דערציילט פון זיין פאַרגאַנגענהייט. זיין טאַטע — אַן אָרעמער שניידער; ער — אַן אָרעמער סטודענט, האָט גאַנץ פיין אונטערגעהונגערט. אָבער פון די עטלעכע אָרעמע גראָשנס האָט ער אָפּגעשפּאָרט צו קויפן דאָקטאָר הערצלס בילד. און אָט ווערט ער אַליין קראַנק מיט אַן אומהיילבאַרער קרענק און זאָגט צו מיר: „פּעסל, פאַרגעס מיך ניט! נאַ, נעם ד"ר הערצלס בילד פאַר אַן אָנדענק!" און צו מיין מאַן: „יעקב, נאַ דיר מיין שטעקן, וועלכער איז מיר טייער. דאָס איז מיר געשאָנקען געוואָרן פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציע פאַר מיין אָפּפאָרן".

און ווען זיין פרוי האָט גענומען וויינען — „לאָז מיך ניט אַליין!" (זיי האָבן ניט געהאַט קיין פאַמיליע) זאָגט ער צו איר: „וויין ניט, דו וועסט גיין צו פּעסלען".

און אַזוי איז געווען.

זיין אָנדענק האַלטן מיר טייער. און ביז מאַרגאַרעט, זיין פרוי, האָט גע־לעבט, זיינען מיר געווען נאָענט צו איר, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען ווייט פון זיינע אידעאַלן.

אַ שאָד וואָס אַזאַ פיינער איד ווערט פאַרגעסן. אַ לאַנגע צייט איז ער געווען פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין עקראָן, אָהייאָ, און געטאָן אַלץ וואָס ס'האָט זיך געלאָזט פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

# מיין מאַן ווערט קראַנק

אָט קום איך פון שפּיטאָל, מיט וויטיק אין האַרצן, פון מיין מאַנס שרעקלעכע ליידן, פיזיש און אויך גייסטיק. איניקע טעג נאָך אַן ערנסטער אָפּעראַציע. געהאַט די בעסטע דאָקטוירים, אָבער אַזאַ קראַנקייט קען נאָר גאָט אַליין העלפן.

דאָס לעבן פרעגט ניט קיין פראַגעס — ס'קומט ניט געבעטענערהייט. און קראַנק איז ער שוין אַ סך יאָרן. אין די שפּיטאָלן איז זיין צווייטע היים.

אין 1936, פאַר מיין פאָרן אין ישראל, האָבן מיר געהאַט אַן אָפּמאַך (אַזוי וויביידע האָבן מיר ניט געקענט פאָרן צוזאַמען, צוליב געשעפט): אם ירצה השם ווען איך וועל קומען, זאָל ער פאָרן. אָבער פריער קיין רוסלאַנד. ער האָט שרעקלעך געבענקט נאָך זיין משפחה, נאָך זיינע שוועסטער, ברידער, זיינע עלטערן. ער האָט נאָך אַפּילו געהאַט אַ באָבע.

ער האָט זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן אַגענט, געגעבן האַנט־געלט און פאַרטיק. און אָט רופט מיך אָפּ דער אַגענט: מען קען שוין קיין רוסלאַנד ניט פאָרן, צוליבן פּאַקט צווישן סטאַלינען און היטלערן. כ'האָב מורא געהאַט דאָס זאָגן מיין מאַן. כ'האָב געוואוסט ווי דאָס וועט אויף אים ווירקן. אָבער נאָך איניקע טעג האָט ער זיך דערוואוסט און האָט געוויינט ווי אַ קליין קינד. כ'האָב אים ניט געקענט באַרויקן. האָב איך אים איינ־גערעדט, אַז ער זאָל פאָרן אין אונזער קעמפּ, אין טשעלסי, מישיגען, און אויפן וועג אָפּשטעלן זיך ביי מיין קוזין מאָריסן, וועלכער איז די גוטסקייט אַליין. כ'האָב אים באַשריבן וואָס ס'האָט פּאַסירט און זאָל ער טאָן וואָס ער קען. מאָריס האָט אים גענומען צו זיין קאַטעדזש, ניט ווייט פון פּאָנטיאַק. דעם שבת־צונאַכט האָט ער אָבער געקראָגן אַ שווערע האַרץ־אַטאַקע. ער האָט אים שנעל גענומען אין אַן אַמבולאַנס אין מישיגען־שפּיטאָל — און אים קוים געראַטעוועט. מיך אָפּגערופן צוויי אַזייגער פאַרטאָג, אָנזאָגן די גוטע בשורה...

פון דעמאָלט אָן זיינען די שפּיטאָלן זיין צווייטע היים. היינט ליגט ער אין מיאַמע, פלאָרידע. אויב ס'זיינען דאָ גרויסע פּראָפעסאָרן, האָט ער די בעסטע. אָבער גאָט איז דאָך דער גרעסטער — ער איז אין אַן ערנסטער

לאַגע. מיר דאַרף קיינער ניט מקנא זיין. כ׳בין זייער פאַרצווייפלט פון זיין ערנסטער לאַגע.

איז, ווען דער קאָפּ איז ווי אַ מיל, דערמאָנט מען זיך אויך אַ סך נאַריש־קייטן. אָט קום איך צו מיין צוועלפט־דרייצנט יאָר, וואו די פאַנטאַזיע איז אַזוי גרויס, די צוקונפט אַזוי פול מיט האָפענונגען און ס׳גנבענען זיך שוין אַריין צוקונפטיקע חלומות.

רייד איך מיט מיין נאָענטסטער חברטע, רחקען, אַ רבס אַ טאָכטער. נאַטירלעך דאַרף זי וויסן אַ סך מער ווי איך. ריידן מיר וועגן אונזערע באַ־שערטע. זאָגט זי מיר: „מיר קענען זיי זעען אויב מיר ווילן״. „ווי אַזוי?״ „אָט אַזוי: ווען דער טאַטע פרייטיק־צונאַכט נאָך קידוש צעשניידט די חלה און צעטיילט די המוציאס, זאָל מען נעמען די המוציא חלה, אַרונטערלייגן אונטערן קישן און זיך לייגן שלאָפן. דאַן וועט קומען דער באַשערטער, זיך צייגן אין חלום״. פאַרשטייט זיך, כ׳האָב דאָס דורכגעפירט פּינקטלעך. און גלויבט אָדער ניט — אָט שטעלט מען מיר פאָר מיין באַשערטן. ער זעט אויס ווי מיין מאַן — און דער פאָרשטעלער זאָגט מיר: „קוק ניט וואָס ער קוקט ניט אויס אַזוי שיין. ער איז אַ געלערנטער, טאָקע אַ קראַנקער, אָבער אַ גוטער. ער קען זיין אַ רב״.

כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט, אויסגעשפּיגן דריי מאָל און פּרובירט צו פאַר־געסן. דערמאָנט האָב איך זיך אין חלום, העט־העט, מיט אַזויפיל יאָרן שפּע־טער, צו מיטינגען. ווען כ׳האָב אים געזען, האָב איך פון אָנפאַנג געלאַכט פון זיך אַליין. שפּעטער איז עס געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. גלויבט איר ניט אין אַ חלום? איך גלייב...

דאָס איז מיר באַשערט, און די פילע יאָרן צאָל איך, ווי מען זאָגט, מיט אַ שמייכל. און דאָס איז מיין לעבן.



# אַ דערמאָנונג פון ווילנע

צום יערלעכן עקזיסטענץ פון פּועלי־ציון האָבן מיר אונזער יום־טוב געפייערט אין אַ שיינעם זאַל. געווען איז עס חנוכה־צייט. האָב איך באַזאָרגט אַן אַכטל קאַרטאָפלעס, מעל און אַ פּרוי זאָל באַקן לאַטקעס. כ׳האָב זיך פאַר־שטענדיקט מיט מיין חברטע רחל. געהאָלפן האָט מיר קיינער ניט. געווען

זיינען אַרום דריי־פיר הונדערט חברים און חברות. ס׳האָט זיך איינגעגעבן, כ׳האָב אויך אויסגעפוצט הערצלס בילד אין אַ גרויסן מגן־דוד, באַשטעלט ביי יאַנקלען דעם סטאָליער. אַלע זיינען געווען זייער באַגייסטערט, ספּעציעל ווען חבר דייטש, איינער פון סיראָטינס כאָר, און איך, האָבן געזונגען „אין לאַנד פון די פּיראַמידן״. אין אַ דועט האָט מען גענומען ברענען גאַנצע בלעטלעך סטעמפּס פון „נאַציאָנאַל־פאָנד״ פון הערמאַן שאַפּירא.

גאָר אַ סך באַגייסטערונג האָט געשאַפן דער יום־טוב. ניט צו פאַרגעסן, אַז מיר האָבן געהאַט גאָר אַ סך אינטעליגענץ פון ווילנע, אויך דעם „בונד״. פלעגן מיר האָבן אָפט דעבאַטן. כ׳וועל ניט זאָגן אַז מיר זיינען אַלע מאָל געווען די זיגער. זיי, די בונדיסטן, האָבן געשאַפן אַ לידל קעגן אונז: „דו, ציוניסט, מיט דעם קעצענעם מוחל, קום צו די אַרבעטער לערנען זיך שׂכל״. פּראָסט אָפּשטויסנדיק!

אָבער פּרץ הירשביין האָט געשאַפן אַ ליד: זינגט די לידער, שוועסטער, ברידער, פון דעם אידנס אויפלעב ווידער. אָ, די לאַנד איז אויך באַוואוסט. אָ דיזע לאַנד, די שיינע, און די לופט די ריינע, אָטעמט זיך מיט לוסט. דאָס ליד האָט פאַרטונקלט אַלע זייערע לידער.

אָט דערמאָן איך זיך מיין קומען אין ווילנע אויף מיין באַזוך, אין 1936, אין פאַראיין אין וואַרשאַווסקיס האָטעל מיט מיין טאָכטער לאה. אויפן וואָק־זאַל, פאַרשטייט זיך, האָב איך גענומען אַ אידישן טרעגער פאַר מיינע פּעק־לעך. בערך אַ שעה שפּעטער קומט נעבעך דער אָרעמער איד אַ צעבלוטיק־טער. ווען ער איז געקומען צוריק אויפן וואָקזאַל, האָבן אים די גויים שיער ניט דערהרגעט, ווייל ער האָט מיינע פּעקלעך געטראָגן, ניט זיי. דאָס האַרץ איז געוואָרן צעריסן — מיר און דער אידישער פּרוי פון האָטעל, אָבער העלפן האָבן מיר גאָרניט געקענט.

אויף מאָרגן קומט צו גיין מיין איינציקער פעטער בנימין, מיין מאַמעס אינגסטער ברודער, און דערלאַנגט אויף מיר אַ געשריי: פעסקע, פּאַק זיך איין און קום צו מיר! בעט איך זיך ביי אים: ניט גלייך... מאָרגן. ס׳העלפט ניט, און מוז גיין מיט אים. נעם איך אַ דראָזשקע און מיר פאָרן. זיין הייפל מיט עטלעכע הייזלעך האָט זיך געפונען אויף קיעווסקי־גאַס.

דאָס פערד קריכט אין בלאָטע איבער די קני. מיר ווערט ביטער. ווי וועל איך קענען פון דאַנען אַרויסגיין? קיין טעלעפאָן איז ניטאָ. דער איז־וואָשטשיק שלעפּט אַריין מיינע פּעקלעך אין זיין זון לייבס הייזל און לאָזט

דאָס אין מיטן שטיבל, און באַלד גיט דער פעטער אַ באַפעל צו דער שנור: פערל, מאַך פאַרטיק פאַר פעסקען און איר טאָכטער די בעטן! הינטער אַ רויטן פאָרהענגל שטייען צוויי אייזערנע בעטלעך. פעטער, וואָס ווילט איר פון מיר. איך זאָל אַוועקנעמען זייערע בעטלעך — איך וועל דאָס ניט טאָן!

ס'איז געווען גוט צו זיין מיט משפחה. אָבער זען דעם טרויעריקן לעבן, ווי מען פלאָגט זיך פאַרן זלאָטע.



אָט דערמאָן איך זיך אַן איבערלעבונג אין 1904. מען האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם. האָבן מיר באַשלאָסן זיך לערנען שיסן. נו, וואו נעמט מען אַ רעוואָלווער? אַזוי ווי כ'האָב געהאַט אַ סך פריינט פון „בונד", ווי אויך אַ שכן אַ מנקר, איציק שאַמעס, פרעג איך אים: וואו נעמט מען אַ רעוואָלווער? איך וויל זיך לערנען שיסן (מיר זיינען געווען גוט באַקאַנט).

אין אַ פּאָר טעג אַרום ברענגט ער מיר אַ קליינעם ניקלנעם רעוואָלווער מיט אַ קעסטעלע פון 100 קוילן. לאָז איך וויסן מיינע נאָענטע חברות און חברים פון מיין מתנה און מיר באַשליסן אַ זומער־טאָג צו גיין אין וואַלד און דאָרטן זיך לאָזן וואוילגיין.

אַוועק זיינען מיר אין אַכטן: פיר אינגלעך און פיר מיידלעך. אַ שיינער זומער־טאָג איז דאָס געווען און מיר האָבן אויך מיטגענומען קרייד אָנצו־צייכענען רעדלעך אויף דיביימער און זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיר'ן זיך מכבד געווען יעדן איינעם. קוילן האָבן מיר געהאַט גענוג. האָבן מיר זיך געלאָזן וואוילגיין.

מיר גיבן אַ קוק: אַרום און אַרום פּאָליציי אין ווייסע רעקלעך.

חבר יאַנקל דער זעמשער (ער איז איצט אין אַמעריקע) האַלט דעם רע־וואָלווער. מיר נעמען זיך געאַרעמט, די אינגלעך און מיידלעך, ווי ניט אונז מיינט מען. שרה מינקע האָט באַהאַלטן דאָס קעסטעלע קוילן אונטער איר פעלערינקע. יאַנקל האַלט דעם רעוואָלווער — און מען אַרעסטירט אים. גע־זאָגט האָט ער, אַז ער האָט געשאָסן פייגלען. ער'ט עס גענומען אויף זיך. מיר זיינען אַוועק שפּאַצירנדיק. גענומען שיינע וואָכן ביז מען האָט אים באַ־פרייט, מיט אַ סך מי און געלט. אַן אינטערעסאַנטע איבערלעבונג פון דער יוגנט.



איך פאָר צו דער מומע צביהן אין וויטעבסק, דער מאַמעס אינגסטע

שוועסטער, וועלכע האָט ניט קיין קינדער (מען האָט זי געהאַלטן פאַר אַ גבירטע). זי האָט געהאַט צוויי פערד מיט טונעך, מיט וועלכע מען האָט גע־פירט וואַסער פון טייך צו בעלי בתים. אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ גרויסן ווילן צו לערנען, און מיינע עלטערן זיינען געווען צו אָרעם מיך אויסצו־האַלטן, האָב איך געמיינט אַז די מומע וועט זיין גוט גענוג מיר אַרויסצו־העלפן. אָבער זי איז אַליין געווען ווייט פון געזונט. געוואוינט האָט זי אויף פיסקאוואַטשעק, אַביסל אויסערן שטאָט, און געהאַט צוויי הייזקעס. איינע האָט זי פאַרנומען און די צווייטע פאַרדונגען אַ משפחה מיט עטלעכע קינדער. די פרוי האָט געקאָכט און געראַמט פאַר דער דירה. געגעסן האָט מען — וואו אין ווילנע וואָלט געקלעקט אַ וואָך פון זייער אַ טאָג! אָבער דער רובל איז נאָך געווען אַ גרויסער יחסן. איז זי ניט געווען איינשטימיק: אַ מיידל — לערנען? אַרויסגעוואָרפענע צייט!

נו, האָב איך זיך געפאַקט צוריק. אָבער פראַקטיש בין איך געווען, אַזוי ווי איך בין געווען ניט זיכער צי איך וועל פאַרבלייבן אין וויטעבסק, אַר־בעטנדיק הענטשקעס — אַ „זעמשערקע" — ביי קאַליסקין, ראָג דייטשע און ראָג ברייטע גאַס, האָב איך אָנגעזאָגט איינע פון די מיידלעך, מען זאָל מיין פּלאַץ ניט פאַרנעמען. איך פאָר אויף „וואַקאַציע". אָבער אַזוי ווי איך האָב שוין באַלאַנגט צו פּועלי־ציון, און ניט צום בונד, האָט די זעלביקע פרומקע אַרויפגענומען אַן אַנדער מיידל אויף מיין פּלאַץ (אַ בונדיסטקע). צום גליק האָט מיך נעכע, די בעל־הביתטע, זייער ליב געהאַט, און זיך ניט געמאַכט זעעוודיק. אַזוי ווי די מומע האָט פּשוט געלאַכט — אַ מיידל שטודירן?! — בין איך צוריק אַהיימגעפאָרן. אַרויפגעקומען אַרבעטן און זעץ זיך ביים מאַשין נייען. קומט אַרויף פייגעלע, אַ שיינע מיידל, און טרעפט מיך ביים מאַשין, איז זי אַוועק. נאָך דער אַרבעט, שטייען צוויי בחורים. כ'זע פון ווייטן זלאַטען, וואָס איז מיר נאָכגעגאַנגען מיך מאַכן פאַר אַ בונדיסטקע. פרעגן מיך די בחורים פאַרוואָס איך האָב פאַרנומען אַ פרעמדן פּלאַץ. זאָג איך: „מען האָט פאַרנומען מיין פּלאַץ, און אויב איך זאָג ניט אמת, טאָ פרעגט פרומקען. איר האָב איך געשיקט צוויי פּאָסטקאַרטלעך אַז איך וועל קומען, און זי האָט הינטער מיינע פּלייצעס אַרויפגענומען פייגלען. איר האָט ניט געטראָפן דעם פּלאַץ, איך זאָל וועלן טאָן אַ זאַך וואָס איז ניט אָרנטלעך!"

אַ מזל האָב איך געהאַט וואָס מען האָט מיר ניט דערלאַנגט איבערן קאָפּ. אָבער אַ חוץ אַלע האָב איך געהאַט אַ סך פריינט ביי די בונדיסטן.

חבר רעשעל איז געווען איינער פון די עקספּערטן שניידער, אָבער אין ווילנע איז קיין אַרבעט ניט געווען. און אַזוי ווי די צוויי ברידער גאָלדבערגס, באָריס און איסאַק, זיינען געווען זייער רייכע און זייער גוטע אידן און מיט אַ סך סימפּאַטיע פאַר די פּועלי ציון, האָבן זיי געהאָלפן מאַכן פאַר די שניידער אַן אַרטעל. האָבן מיר, נאַאיווע יונגע חברה, געהאָפט פאַר די לייד־דיק־גייער. זיי ווילן „מאַכן אַ לעבן" און מיר וועלן האָבן אַ פּלאַץ צו טרעפן זיך. ס'איז געווען אַ גרויסער לאַנגער צימער — לאַנגע טישן, עטלעכע זינ־גער־מאַשינען, אָבער קיין שטאָך אַרבעט ניטאָ! און ס'איז געבליבן אַ שיי־נער חלום. דאָס איז געווען אין יאָר 1904, ווען מען איז אויסגעגאַנגען איינ־פאַך פון הונגער און מען האָט זיך געטיילט מיטן ביסן ברויט.



## יוסף באַראַץ ע"ה

אָט לייען איך וועגן יוסף באַראַצן — ער איז שוין אויך ניטאָ. איך דערמאָן זיך ווען ער איז געווען אין אַמעריקע און געקומען צו אונז קיין עקראָן, אָהייאָ. דעמאָלט האָט נאָך מיין מאַן געטריבן אַ קאַר און אַרומגעפירט יעדן נויטיקן וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט ארץ־ישראל. און ווי שטענדיק, יעדער איז אַריינגעפאָרן צו אונז, סיי ישראלים סיי פון לאַנד.

איז באַראַץ איינגעשטאַנען ביי אונז. פאַרברענגענדיק און שפּילנדיק עטלעכע אידישע רעקאָרדס, זאָגט ער צו מיר: ביי אונז איז דאָס נאָך אַ גרויסער „ראָסקאָש", ד"ה אַ „וויקטאָראָלאַ". זאָג איך חבר באַראַץ: ווען איך פאָר קיין ארץ־ישראל (וואָס איז געווען מיין אידעאַל) ברענג איך איך אַ פּלאַטן־שפּילער.

איך האָב מיין וואָרט געהאַלטן. אין 1936, ווען כ'בין געפאָרן קיין ישראל, האָט מען פאַר מיר „געגרייט" אַ גרויסן פּלאַטן־שפּילער מיט 90 פּלאַטן.

ווי כ'האָב שוין דערמאָנט, איז דאַן מיין גאַנצער באַגאַזש פאַרהאַלטן געוואָרן אין פּיטסבורג און אַ וואָך שפּעטער נאָך מיין קומען מיט מיין טאָכ־טער אין ישראל, איז צום גליק געקומען אַלע מיינע געפּעק. אין דער וואָך פון פּסח האָב איך זיך דערוויל געזעען מיט מיינע חברים צפּורה און סענ־דער זייד און איך דערצייל איר וועגן מיינע זאַכן, ווי אויך וועגן דעם רע־קאָרד־שפּילער. זאָגט זי צו מיר: ס'טייטש, זי דאַרף דאָס אַזוי נייטיק האָבן?

זי ציִיגט מיר בילדער, ווי הענריעטאַ סזאָלד גיט איר איבער די ניי געקו־מענע קינדער, וועלכע זי האַלט ביז זיי זיינען באַזאָרגט. דאָס וואָלט געווען פאַר אירע קינדער אַ גרויסע אַמוזירונג. אָבער אַזוי ווי כ׳האָב זיך שוין פריער געזען מיט באַראַצן און אים געזאָגט אַז איך האָב געהאַלטן וואָרט און געבראַכט דעם פלאַטן־שפּילער, האָב איך מיך געמוזט פאַר אים אַנטשולדיקן אַז כ׳האָב דאָס אָפּגעגעבן מיין חברטע פון ווילנע צפורה זייד. ער איז געווען אַביסל ברוגזלעך, אָבער ניט צו שלעכט.

מיר האָבן זיך נאָך אַ פּאָר מאָל געזען. איין מאָל קום איך און געפין אים אין גאָרטן ביי די בייטן פון טאָמייטאָס — און טויזנטער וואַלגערן זיך אויף דער ערד. זאָג איך: חבר באַראַץ, ווי אַזוי לאָזט מען דאָס פאַרפוילט ווערן אַזויפיל טאָמייטאָס? ענטפערט ער: „די אידן קויפן ביי די אַראַבער, לאָזט מען דאָס פוילן”. האָט מיר דאָס האַרץ זייער וויי געטאָן אויף אַזאַ ענטפער. איז שוין דער שיינער איד אויך ניטאָ — ווי דאָס האַרץ טוט זייער וויי.



## זכרונות וועגן דוד פּינסקי

מיר האָבן יאָרן־לאַנג געוואוינט אין עקראָן, אָהייאָ, און מיר פלעגן אָפט צופאָרן קיין קליוולאַנד, בפרט ווען עס זיינען פאָרגעקומען ליטעראַרי־שע אָוונטן און געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. אַזוי זיינען מיר איינמאָל איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ ליטעראַרישער אונטערנעמונג אין דער יהואש־שול, מיטן אָנטייל פון יהואש און דוד פּינסקי.

דעמאָלט האָב איך געהאַט דעם כבוד צו באַקענען זיך צום ערשטן און לעצטן מאָל מיט יהואשן. זיין געשטאַלט שטייט מיר ווי לעבעדיק פאַר די אויגן ביז היינטיקן טאָג, מיט זיין טונקל פאַרחלומט געזיכט און האַלב־פאַר־מאַכטע אויגן. אַ שטילער, אַ רואיקער, ממש אַ געשטאַלט פון די ביבלישע צייטן. ער האָט געטראָגן אַ טונקעלן אָנצוג מיט אַ שוואַרצן קראַוואַט, און ער האָט קוים רעאַגירט אויף די באַגריסונגען, ווי ער וואָלט וועלן אויס־מיידן סתם געשפּרעכן.

דאַקעגן דוד פּינסקי איז געווען דער היפוך: ער האָט זיך מיט אַלעמען, מיט באַקאַנטע און נישט־באַקאַנטע, האַרציק באַגריסט. אַ פריילעכער, אַ לע־בעדיקער, אַ צוגעלאָזענער, מיט דעם אייביקן שמייכל אויף זיינע ליפּן, האָט

ער געשפּרודלט מיט לעבנס־חכמה. בכלל האָט ער, אין מיינע אויגן, אויס־געקוקט ווי אַן אַריסטאָקראַט, כמעט ווי אַ לאָרד, מיט זיין שוואַרצן הוט, לאַנגן מאַנטל און פּעלערינע, ווי עס האָבן אַמאָל געטראָגן די רוסישע שרייבער, און אפשר אַלע שרייבער. איך האָב זיך דעמאָלט געוואונדערט: צוויי באַרימטע ליטעראַטן, און אַזעלכע פאַרשידנאַרטיקע טיפּן און געשטאַלטן!

יאָרן זיינען אַוועק. פּינסקי און זיין פרוי האָדל האָבן שוין געלעבט אין ישראל, אין חיפה. איך קום מיט אַ וויזיט קיין ארץ־ישראל און שטיי איין אין חיפה, אויף רחוב פּינסקי. דאָס איז געווען מיין זעקסטער וויזיט אין ארץ־ישראל, און ביז היינט האָב איך שוין געמאַכט זעקס וויזיטן. זאָגט מיר דעמאָלט מיינער אַ פריינט: געוויס איז מיר באַקאַנט, אַז די פּינסקיס לעבן אין חיפה, טאַקע אויף דער זעלביקער גאַס, וואָס טראָגט זיין נאָמען. יעדן פרייטיק־צונאַכט קומט מען זיך צוזאַמען, פריינט און פאַרערער, ביי די פּינ־סקיס, און ער איז גרייט צו קומען נאָך מיר, מיך אַריינפירן און פאָרשטעלן פאַר די פּינסקיס.

איך האָב נאַטירליך דערצו מסכים געווען, הגם איך האָב געצווייפלט, צי איך פּאַס זיך אַריין אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט, וואָס באַשטייט מסתמא פון שרייבער, לערער און סתם אינטעליגענטן. אָבער איך האָב געמאַכט אַ טעות. מען האָט מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענע, בפרט ווען איך האָב דער־ציילט פּינסקין דעם עפּיזאָד וועגן יענעם אָוונט אין קליוולאַנד, וואָס ער האָט גוט געדענקט. האָדל, זיין פרוי, איז שוין דעמאָלט געווען פּאַראַליזירט און איז געזעסן אין אַ ספּעציעלן שטול, אָבער איר ליכטיק פּנים האָט נאָך געשיינט און זי האָט שמייכלענדיק אַלעמען באַגריסט.

איך האָב דעמאָלט געזען, אַז די פּינסקיס ווערן ניט פאַרנאַכלעסיקט. זיי זיינען אַרומגערינגלט מיט פריינט. צוויי פרויען, וואָס האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט פרוי פּינסקי, האָבן אויפגענומען די געסט, סערווירט טיי מיט פרוכט, און געמאַכט פילן אַלעמען גוט. מען האָט געשמועסט וועגן ליטעראַ־רישע און אַלגעמיינע ענינים, און דער הויפּט־שמועסער איז נאַטירלעך גע־ווען פּינסקי גופא.

ווען דער אינטערעסאַנטער אָוונט האָט זיך געענדיקט און מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די פּינסקיס, האָט דוד פּינסקי מיך געבעטן צו באַזוכן זיי אָפטער. איך האָב זיך ניט געלאָזט בעטן, באַזוכט זיי ווען נאָר איך בין גע־ווען אין חיפה, און באַמיט זיך צו העלפן מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט.

צום לעצטן מאָל האָב איך פינסקין געטראָפן אַ פאַרענדערטן. ער איז געווען קראַנק, דער קערפּער — איינגעשרומפּן. זיין שפּראַך איז שוין ניט געווען קלאָר, קוים וואָס מען האָט אים פאַרשטאַנען. איך האָב געזען אַז ער ליידט, און איך האָב מיט אים מיטגעליטן.

ווען איך האָב זיך מיט אים געזעגנט, זאָגט ער צו מיר: „איר ווייסט, פּעסל, לואי סיגאַל איז שוין געווען עטלעכע מאָל אין ישראל, און ער איז ניט געקומען מיך זען". איך האָב געזען, אַז דאָס קאָסט אים געזונט, און איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר איך וועל קומען קיין ניו־יאָרק, וועל איך אויפזוכן סיגאַלן און פרעגן: היתכן?

ער האָט מיר לאַנג געדריקט די האַנט, ווי ער וואָלט פאַרגעפילט, אַז נאָך אַ מאָל וועלן מיר זיך נישט זען. אין מיינע אויגן זיינען געשטאַנען טרערן, וואָס איך האָב באַמיט עס פון אים אויסצובאַהאַלטן. זיין לעצטע בקשה איז געווען, אַז איך זאָל אָפּגעבן אַ גרוס צו זיין זון, וואָס איך האָב נאַטירלעך דערפילט.

היות ווי איך האָב זיך דערוואוסט, אַז פינסקיס מאַטעריעלער מצב איז ניט צו־גוט, און אַז עס פעלט אָפטמאָל אויס אין הויז דער פונט, האָב איך, צוריקקערנדיק זיך קיין ניו־יאָרק, תיכף זיך פאַרבונדן מיט לואי סיגאַלן, איבערגעגעבן אים די רייד פון פינסקין, און צוגלייך אים דערציילט, אַז ער ליידט נויט און מען מוז אים גלייך העלפן. דער גוטער סיגאַל האָט גלייך געשאַפן אַ פאָנד, וואָס האָט דערמעגלעכט זיין אויסקומעניש ביז צו די לעצ־טע מינוטן פון זיין לעבן. פינסקי האָט עס זיך כשר פאַרדינט, און זאָל עס אויך דינען ווי אַ שבח פאַר לואי סיגאַלן, ע"ה.

דוד פינסקי איז ביי מיר געבליבן איינגעקריצט ווי אַ גרויסע פּערזענ־לעכקייט, ווי אַ שיינער, ניט־דורכשניטלעכער מענטש. פינסקי, דער מענטש, פאַרדינט פאַראייביקט צו ווערן, ווי פינסקי, דער שרייבער. זיין פּשטות, זיין גוטסקייט, זיין האַרציקע פריינטשאַפט מיט אַלעמען, איז ווערט געשטעלט צו ווערן אַלס מוסטער, ווייל עס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן ביי די, וואָס האָבן אים געקענט פון דער נאָענט.

## דער בוים

אין מיין גאָרטן דאָס בוימל
שטייט נעבעך פאַרקלערט,
ס׳גיסט ניט קיין רעגן,
ווערט ער פאַרצערט.

די בלעטעלעך נידערן
צום באָדן אַראָפּ,
די צווייגן פאַרשמאַכטע
פאַרנייגן דעם קאָפּ.

נעם איך מיין קענדל,
מיט וואַסער באַשפּריץ,
דערקוויקן מיין בוימל
פון שרעקלעכער היץ.

## ערב ווינטער

די ביימער, זיי רוישן
מיט שטורעם און ראַש,
מע זעט ניט קיין מענטשן
אַרויסגיין אין גאַס.

די פייגעלעך פליען
מיט שרעק צו דער נעסט,
ס׳קומען באַלד אָנעט
די שנייען און פרעסט.

פאַרוואָלקנט דער הימל,
מע זעט ניט די זון
און קינדער ביים פענצטער
פאַרקלערט זיצן שטום.

## אין האַרבסט

עס פֿאַלן די בלעטער
אויף שטאָטישן שטיין,
איך גיי אין דעם פּאַרק אום
פֿאַראייִנזאַמט אַליין.

מע זעט ניט קיין פֿייגל,
די נעסטן פֿאַרלאָזט,
און ערגעץ גאָר נאָענט
דאָ וואַרט אָפּ דער פֿראָסט.

אין גיכן וועט שנייען,
ס׳וועט פּייפֿן אַ ווינט,
און איך וועל פֿאַראייִנזאַמט
דאָ גיין ווי אַצינד.

## צו די קעמפֿער פֿון ישראל

אונזערע ישראל־אידן
זייַנען אונז ליב און טייער.
אין אַ וועלט וואָס טוט אונז האַסן
און ברענט אונז אויפֿן פֿייער.

די גרויסע קעמפֿער אין ישראל
ברענגען שטאָלץ דעם איד,
בענטש איך זיי פֿון גאַנצן האַרצן
און זינג פֿאַר זיי אַ ליד.

אונזערע גבורים
גאָט וועט כוח געבן,
און אויך מיר וועלן זאָרגן
פֿאַר אייער געזונט און לעבן.

## וואַלד פון גבורה

אונטער ביימער גרינע
וועט אַ פרישקייט קילן,
אומגליקלעכע מאַמעס
וועלן וויי דאָרט שטילן.

אייביק די גבורים,
טעכטער און די זין,
וועלן מיר דערמאָנען
קומענדיק אַהין.

אינעם האַרץ אויף אייביק
בלייבן זיי ביי אידן,
וואָס געפאַלן זיינען
פאַר ישראלס פרידן.

## אין אַ מושבה

אויף די גרינע פעלדער
וואו ס׳בליען ווייץ און קאָרן,
ווינטעלעך מאַלן אויסעט
פאַרשיידענע אוזאָרן.

ס׳לאָזט זיך קוים עס גלויבן
וואָס פיאָנערן קענען טאָן;
אין פראַצע אין שווערער
פאַר דער אידישער פאָן.

עס בליט און עס בלומט
אַ לענדעלע אַ ניי;
גבורים דאָרט וואַקסן
פאַר אַ פאָלק אין דער פריי.

קינדערלעך זיך שפילן,
שטאָלץ איז יעדער איד;
פון פרייהייט און גלייכהייט
זיי זינגען אַ פרייהייט־ליד.

## אויף דער שיף קיין ישראל

שוואַרץ איז דער הימל
און ברוויזיק דער ים,
מע זעט נאָר די כוואַליעס
אַ קאַם אויף אַ קאַם.

איך שטיי אויף דער שיף
אויף איר ריזיקער דעק —
בלויז ברויז און בלויז שוים,
מע זעט ניט קיין ברעג.

דער קוימען, ער הודזשעט,
עס שפּאַרט פון אים רויך
און ציט זיך אין כמאַרעס
אַרויף אין דער הויך.

שטייען מיר אַלע
און קוקן זיך צו,
און דאָס האַרץ האָט ניט
קיין ביסל רו.

וואָס האָט דאָס אַלץ
איצטער אַ ווערט,
אויב, חלילה,
ס׳איז עפּעס באַשערט?

ס׳שטורעמט, ס׳כמאַרעט,
דער רעגן ער פאַלט,
און אויפן האַרצן —
טרויער און קאַלט.

ס׳דרייט זיך דער קאָפּ
אַזוי ווי אַ מיל,
דער ים, נאָר ער ברויזט,
ער וויל ניט זיין שטיל.

## אין תל־אביב האַפן

אידישע שיפן שטייען פאַרטראַכט.
עס זעצט זיך די זון און ס׳קומט דער פאַרנאַכט.
מענטשן שפּאַצירן אַהין און צוריק
און יעדערער טראַכט פון אומגליק און גליק.

די שונאים, זיי קומען שטילינקערהייט,
דאַרף מען זיך היטן, דאַרף מען זיין גרייט.

נאָר ס׳היטן די היטער,
עס וואַכן די וועכטער,
די קינדער פון היימלאַנד,
די זין און די טעכטער.

## ביים ים

איך שטיי לעבן ים
אויף אַ פעלזיקן שטעג,
אַלץ וואַסער און וואַסער,
מע זעט ניט קיין ברעג.

דער הימל איז פאַרביק —
אי גאָלדיק אי העל,
אַזוי ווי געמאָלן
ווי אַן אַקוואַרעל.

## דער וואַלד פון 185

מע פלאַנצט איצט אַ וואלד
נאָך הונדערט פינף און אַכציק קינדער,
געפאַלן אין סיני פאַר אונזער לאַנד,
מען זאָל אונז ניט שעכטן ווי שאָף און רינדער.

עס גיסן טרערן,
דאָס הארץ ווערט צעריסן,
איר זיינט געפאַלן,
אַז מיר זאָלן פרייהייט געניסן.

טייערע מאַמעס פון די העלדן,
אַ טרייסט איך האָב פאַר אייך:
איר האָט דעם גרויסן פרייז געגעבן,
אונזער פאָלק זאָל מיט אַלע פעלקער זיין גלייך.

## פרילינג־צייט

דער פרילינגדיקער עפּל־בוים,
ער האלט די קנאָספּן אָפן
דער בוים איז האלב שוין וואך
און האלב נאָך אַלץ פאַרשלאָפן.

אַ קעצל גיט אַ מיאוקע,
אַ פויגל גיט אַ זינג,
און ווי דערשראָקןביידע
פאַרשווינדן מיטן ווינט.

# פרילינג־געדאַנקען

אָט איז דער פרילינג איצט ווידער געקומען,
פייגעלעך זינגען אויףביימער און בלומען,
טיף אינעם הארצן נאָר פירט זיך אַ חשבון
פון יאָרן פאַרגאַנגענע, פון יאָרן וואָס קומען.

געווען אויך אַמאָל פרילינג ביי מיר,
איצט בין איך גרוי און אַלט געוואָרן;
זע איך ווי קינדערלעך זיך שפּילן,
ס׳איז דער פרילינג פון זייערע יאָרן.

לויפן מיינע געדאַנקען צוריק אַוועק,
מיין יוגנט איז פאַרפלויגן ווייט;
געליטן אין לעבן גאָר פיל, אַ שרעק,
אַלט געוואָרן פאַר דער צייט.

ס׳ווילט זיך אין לעבן נאָך גוטס טאָן,
דער „האַרבסט״ — ער רוקט זיך שוין אָן.

# אין פרילינג

ס׳קנאַלט דער דונער,
דער בליץ שיינט אויף;
עס טרייסלן די ווענט,
און ס׳ציטערט דער גוף.

די זון קומט באַלד אַרויס;
דער הימל גאָר אין בלאָ,
די פרייד ווערט זייער גרויס,
זאָל זיין אין אַ גוטער שעה...

די ביימער און די גראָזן
די זון באַגיסט מיט שיין;
די ווינטעלעך זיי בלאָזן —
מחיהדיק און פיין.

## אין פרילינג

די קאַרשן-ביימער, אין ווייסן געהילט,
אַ פרילינג-ווינטעלע מיט קנאָספּן זיך שפּילט;

די גרינע לאָנקען ווי אַ קאַרפּעט באַדעקט,
דעם ערד-אַרבעטער — די אַרבעט ניט שרעקט.

שניידט ער מיט ליבע די פייכט-נאַסע ערד,
דער איינציקער פריינט איז אים דאָס פערד;

רעדט ער צום פערדל: דו אַרבעט געטריי,
וועסט האָבן צום עסן דעם ווינטער פריי...

## אָנקום פון פרילינג

דער פרילינג איז געקומען,
די ביימער צעבליט;
ס'פּלאַצן אויף די קנאָספּן
און ס'שיסט אַרויס דער צוויט.

די פייגעלעך זיי זינגען:
טרי-לי, טרי-לי, טרי-לי,
די וואַסערן — זיי שעפּטשען
אַ סוד פון דעם ניט-היי.

עס שיינט די זון אַרונטער
לאַשטשענדיק און פריי,
דער פרילינג איז געקומען,
געקומען איז דער מאַי.

פעסיל שער־קאַסאָוו

## געבעט צום וואַלד

ס'איז פרילינג אין וואַלד
די ביימער גרינען,
נעמט מיר צו אייך —
פון דעם רויש פון מאַשינען.

כ'וויל זיין מיט אייך,
טריי אייך זיין!
קושן יעדן בלאַט —
ניט זיין אין שטאָט —
וואו פיין און צרות
האָט מען דאָרט צו זאַט!...

נעמט מיר צו פון די קראַכן!
פון דעם טומל, פול מיט שרעק —
מוחל זיי די שיינע זאַכן!
אַנטלויפן וויל איך — פון דאָרט אַוועק!...

## אין די בערג

שלעפן זיך מינוטן
ווי חדשים און יאָרן,
די באַן האַלט אין יאָגן,
מיר פאָרן און פאָרן.

דער בלויער פאַרטאָג
נעמט זיך אויסשיילן,
די באַרגיקע לופט
ווי אַ מעדיצין טוט היילן.

# אין פרימאָרגן

זעקס אין דער פרי,
כ׳קען שוין ניט שלאָפן;
די פייגעלעך זינגען,
די פענצטער שטייען אָפן.

די גאָלדענע זון־פּאַסן
ציען אויף די צווייגן;
די פייגעלעך סטייעס
ווילן ניט שווייגן...

דיביימער צעגרינטע,
זיי קוקן צו דער זון
און ריידן אַן ווערטער:
קום, קום, קום!

זי לאָזט זיך ניט בעטן,
גייט אַרויס אין איר פּראַכט;
גענוג שוין געשלאָפן
די גאַנצענע נאַכט...

די פּיצינקע פייגעלעך
וואַרטן אויף דער מאַמען —
און נאָך דעם צופרידן
זיי זינגען צוזאַמען!

# פייגעלעך

פייגעלעך ליבינקע,
ווי הארציק איר זינגט,
ווי אייערע געצוויטשער
אין הארצן מיר קלינגט.

איר ברענגט אריין
א ליכטיקע פרייד
און מאכט פארגעסן
אן צרות, אן לייד...

איך קום אייך אנטקעגן
מיט קערנער ארוים,
זינגט־זשע מיר, פייגעלעך,
קומט צו מיין הויז.

# אין מאַי

א ביימעלע, א גרעזעלע
א פייגעלע, א העזעלע,
אלץ וואכט אויף און בליט
אין דעם מאיאָווען צוויט.

די קנאָספעלעך צעבליען זיך,
די קינדערלעך שפילן זיך
אין די גרינע פעלדער,
אין מאיאָווע וועלדער.

## בלומען

בלימעלעך געלינקע,
בלעטעלעך ברוינינקע,
טאַנצן אַרום מיטן ווינט;
זיי מאַכן מיר טראַכטן
פון אַמאָליקע ביינאַכטן,
ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קינד.

בלימעלעך רויטינקע,
בלעטעלעך גרינינקע,
סודען זיך אַלע אַצינד;
זיי דערמאָנען מיר זאַכן,
וואָס מאַכן מיר צום לאַכן,
ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קינד.

בלימעלעך בלויאינקע,
בלעטעלעך ווייסינקע
ריידן צו מיר פון אַמאָל;
דערמאָנען מיך אין יוגנט,
ווען גליק האָט געשפּרודלט,
האָבן געשפּילט אין אַ צאָל.

שמעקנדיקע ראָזעס
און ווייסע בעריאָזעס,
אויף אונז מיט ליבע געקוקט;
מיר פלעגן טאַנצן און שפּרינגען,
אויך הוליען און זינגען —
די זון האָט צו אונז זיך געבוקט...

שוין אַלץ איז פאַרגאַנגען,
מען קען ניט דערלאַנגען
די יאָרן וואָס זיינען אַוועק;
די פּיס שוין זיך בייגן,
עס טונקלען די אויגן,
די עלטער רוקט אָנעט — אַ שרעק.

## זומער אויפן לאַנד

איך שפּאַציר אויף די גראָזן —
אַ גרינן זיידן בעט,
די ביימער זיי מורמלען
צו גאָט אַ געבעט.

דאָס ווינטעלע גלעט
סאַמעטיק ווייך,
די פייגעלעך זינגען
טרילנדיק הויך.

דאָס קוואַלעכל מורמלט
אַ ליבנדיק ליד,
גיסט זיך און גיסט זיך,
ווערט קיינמאָל ניט מיד...

אין פעלדער די בלומען:
רויט, ווייס און געל,
וואַרעמט די זון זיי
ליבלעך און העל.

פאַרביי לויפט אַ העזל
פאַרשפּיצט זיין געהער,
דערשפּירט ער אַ מענטשן —
זעסט אים ניט מער.

## זומער־צייט

כ׳זע ווי דאָס פייגעלע פליט,
כ׳זע ווי דאָס ביימעלע בליט,
אין גערטנדל — בלימעלעך צוויט —
פאַרלייכטערט מיין שווערן געמיט.

דער „ראָבין״ דאָס ווערעמל שלעפּט,
די שפּין די „קאַנווע״ זי וועבט;
די וועווערקע איר ניסל באַהאַלט,
דאָס העזל לויפט פריילעך אין וואַלד.

זומער — פון גאָט אַ געשאַנק,
כ׳שיק דיר אַ לויב מיט געזאַנג;
ס׳הערט זיך פון תפילה דער קלאַנג —
מיט האַרציקער ליבע און דאַנק!

## אין וואַלד

ווי שיין, פּראַכטפול ביזטו זומער,
מיט דיינע בערג און טאָלן;
דיינע פּאַנאָראַמעס, פאַנטאַסטיש רייך,
נאָר קינסטלער קענען דאָס מאָלן.

די לופט איז קלאָר און ריין,
דאָס לעבן — לייכט און זיס;
דער זומער איז מלא חן —
און ס׳ציט אין וואַלד די פיס.

## זומער־פאַרנאַכט

מען שפּאַצירט אין שיינעם פאַרנאַכט,
דער טוי פאַלט אויף גאָלדענע בלומען;
מען פילט פאַרשיכורט־פאַרטראַכט —
געדאַנקען פאַרשידענע קומען...

עס וועקן צום לעבן און ליבן
געדאַנקען שיינע און הויכע אידעאַלן;
און אָט בלייבט מען שטיין ווי פאַרגאַפט
ביי די שטראָמיקע וואַסער־קוואַלן!

## ביים פענצטער

דער הימל, אַ גרויער
מיט רוגזה ער קוקט,
אָט ווערט אַ בלויער,
אַ שטראַל גיט אַ צוק.

כ׳זיץ ביי מיין פענצטער
און גליקלעך איך קלער,
ווער קען נאָך באַווייזן
אַ קונץ אַזאַ — ווער?

# מיאַמי — אין האַרבסט

פאָרן מיר דורך גאָטס וועלט,
פאָרן מיר דורך באַרג און טאָל —
גאָטס וואונדער,
אָן א צאָל.

ביימער, פאַרבן
אַלערליי,
גאָטס פענזל
געמאָלט האָט זיי.

קוקסט מיט ליבע
און טראַכסט פאַרגאפט
סאַרא וואונדער־שיינקייט —
אָט דער פאַרנאַכט.

שיינט די זון
פון מערב אַראָפּ
גלייך אויפן רויטן
קליאָנען־קאָפּ.

שמייכלט צו אים
דער דעמב פריילעך:
זיי ניט קיין תקיף —
איך בין דער מלך...

## האַרבסט

די בלעטער פון ביימער
פאַלן און פאַלן,
די כמורנע זון וואַרעמט
מיט אָרעמע שטראַלן.

פליען די בלעטער פון ביימער אָפּ, רויט,
פאַלן און פאַלן — אָפּגעצערט טויט...

איך טראַכט פון האַרבסט
און דעם גרויסן גאָט,
וואָס ער באַשאַפן
אַ שיינע וועלט האָט.

## בלעטער פאַלן

דער האַרבסט איז געקומען
ס'וועלקן די בלומען;

און די בלעטער שוין פאַלן —
אַלץ טונקעלער די שטראַלן.

ס'טריקענען אויף לאַנקעס גראָזן,
ס'באַהאַלטן זיך אויך אוים די האָזן;

פייגל אין סטייעס פליען,
צו וואַרעמע לענדער זיי ציען.

## דער פאַרמער

דער פאַרמער גייט אַרום פאַרזאָרגט
און מורמלט שטיל אַ געבעט.
דאָס ברויט אויף זיין פעלד
פון היץ ווערט פאַרברענט.

ער בעט ביי גאָט אויף רעגן,
אויף אַ גערעטעניש אַ גוטן;
זיין אַרבעט זאָל געראָטן זיין
און האָבן אַ יאָר אַ באַרוטן...

זיין איינציקער שותף
איז גאָט פון אויבן.
— ווען גאָט געבן רעגן
ווער ער אים בענטשן און לויבן.

## אין האַרבסט

ווי שיין דו ביסט, האַרבסט
מיט דיינע מינענדיקע קאָלירן,
— פאַנטאַסטיש און רייצנד
קענסט מיט ליבע פאַרפירן...

און ס'נאָגט אינעם האַרץ
מיט ליבע צום לעבן;
די נאַטור איז אויסגעצייטיקט
און זי וועט דיר אַלץ געבן.

דער פאַרמער צו גאָט
אַ שבח ער גיט,
האָט ניט קיין טענות,
ס'איז גרינג זיין געמיט.

# ווינטער

אַך, ווי שיין ס׳פאַלן
שטערנדלעך פון הימל,
די שנייעלעך די ווייסינקע
שטיל, אָן געטומל.

גאָטעניו, פאָטער,
וואונדער קענסטו מאַכן:
נעכטן — אַ בלאָטע
און היינט — ווייסע שליאַכן.

קאַלט איז אין דרויסן,
נאָר וואַרעם אין האַרץ,
פאַרגעסט מען אָן צרות,
יעטווידער שמאַרץ.

ווינטער, דער ווייסער
„פעטער שנייער",
שפּיץ־נאָז פאַרפראָרן,
פאַררויטלט דער אויער...

## ווינטער אין פלאָרידע

נאַטור און קולטור
פאַראייניקט ווי אַ צווילינג:
האַרמאָניש, הערלעך, שיין
ווי די זון אין פרילינג.

פאַרביקע פאַוועס
גריסן מיט די פליגל,
די פעליקאַנעס לויפן אויף צו
און זינגען אייך אַ לידל.

די קעניגלעכע פאַלמען,
זיי קען מען אויף ניט פאַרקוקן;
זיי נייגן די צווייגן
און טוען צו אונז בוקן...

## אַ שטורעמדיקער ים

דו, שטורעמדיקער גרויסער ים,
דו שפּיגלסט זיך אין בלויער שיין,
די לאַנגע ווייסע פאַסן שאַם
לויפן אין דער ווייט אַריין.

ווער קען זיך גלייכן מיט דיין גבורה,
פאַרמעסטן זיך מיט דיר ווער וואַגט?
אָ, דו מיט מעכטיק־בלויער צורה,
האָט נאָך דען עמעץ אַזאַ קראַפט?

# אַ שטורעם אויפן ים

אונטער אַ גרויען הימל,
אין אַ שטאַרקן שטורעם,
פילט דאָס האַרץ זיך אָן
מיט גייסטיקע יסורים.

דער שטורעם אויפן ים
דרייט די שיף הין-און-הער;
ער האַלט אָפּ איר גאַנג,
די כוואַליעס וואַרפן זיך שווער.

דאָך זי שווימט צום באַשטימטן ברעג,
און דער קאַפּיטאַן קאָנטראָלירט איר וועג.

# אַן „אוראַגאַן" אין מיאַמי

ס׳קלייבן זיך וואָלקנס,
ס׳דונערט, ס׳בליצט ;
אין פענצטער דער ווינט
וואָיעט און קריצט.

דער שטורעם, ער רייסט זיך
אַלץ שטאַרקער און שווער ;
די ווינטן זיי וואָיען
אַלץ בייזער און מער.

ס׳פאַנגט אָן צו פלוכען,
ווי צעבער זיך גיסן ;
ס׳כאַפּט אָן אַן אימה,
דאָס האַרץ ווערט צעריסן.

און אָט איז שוין ס׳וואַסער
אַריבערן שוועל.
מען פאָרט שוין מיט שיפלעך
צו רעטן פון קלעם.

ס׳איז אָטעם פאַרכאַפּנד
וואָס ער האָט געמאַכט :
פאַרטריבן מענטשן פון שטיבער
אין דער פינצטערער נאַכט.

## בעת אַ רייזע

איך פאָר דורך וואַיאָמינג און יוטאַ,
טויזנטער מיילן פוסט און לער;
כ׳דענק פון מיין פאָלק אָן אַ באָדן
און פון אידן וואָס ארבעטן אַזוי שווער.

די בערג מיט שנייאיקע שפּיצן,
ווי פאַראייניקט מיטן הימל — אַ פּראַכט;
די בלענדנדע זון אין בלויען הימל —
זיץ איך, קוק און איך טראַכט.

איך טראַכט פון מיין פאָלק דעם געשטראָפטן,
זיין בלוט רינט פון אונטער דער שווערד;
ער וואָלט דאָך קענען וואונדער באַווייזן,
באַפרייט אויף זיין אייגענער ערד.

## אויף פאַרפראָרענע פענצטער

אין פאַטשיילעס מיר זיינען איינגעוויקלט,
מיט פעלצענע צודעקן;
און די הירשעלעך, זיי טאַנצן,
דרייען די קורצע עקן...

ס׳איז געווען אַ פראָסט, אַ ברען,
איך בין אויפן אויוון געווען
און די הירשן ווי אוזאָרן
אויפן שויב געזען.

דער פראָסט אויפן פענצטער
געווען איז די בעסטע שפּיל.
שיין איז געווען דער אַמאָל
צו קוקן אויף אַלץ מיט געפיל.

# די שטאָט פון פאַלמען

פארלאָזן די היים אין דעם קאַלטן צפון
וואו די זון איז ווינטער כסדר פארשלאָפן.

פארביטן אויף הערלעכער ווארעמער שטאָט,
וואו הויכע פאַלמען גרייכן צו גאָט...

פרימאָרגן, די פייגלען זינגען אַ שיר
אין צעעפנטע פענצטער, ביים שוועל פון מיין טיר.

גיב איך אַ שבח אין הימל צו גאָט
פאר דער שיינער וועלט וואָס ער געשאפן האָט.

(וואָס מענטשן מאַכן צו שאַנד און שפּאָט...)
אָט לויפן די פייגלען צו די נעסטן שוין שלאָפן,
דערציילן זיך מעשות וואָס האָט זיך געטראָפן.

די לבנה ביינאַכט לייכט אַזוי שיין,
לייכט צו מיר ליבלעך מיט פארכישופטן חן;

ווינקט צו מיר סודותדיק און ווארפט צו מיר בליקן —
הימל און שטערן — דאָס הארץ מיר דערקוויקן...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# די כריזאַנטעמע

דו ליבע כריזאַנטעמע,
דו האַרבסטיק־שיינע בלום,
דו שמעקסט אַזוי אַ צאַרטע
מיט דיין איידעלן פּאַרפיום.

און קוקסטו אויפן קראַנץ
דערמאָנט זיך דיר דיין יוגנט
און יענער אָוונט־טאַנץ
פון האָפענונג און טוגנט.

און דענקסט פון יענער צייט,
פון אָפּגערוישטע יאָרן.
אַן עק. דו ביסט שוין גרוי
און ווייט שוין פאַרפאָרן...

## ביים ברעג פון ים

באַזעצט איז ביים ים-פּלאַץ
מיט טויזנטער מענטשן,
די זון קוקט אַרונטער,
ווי גאָט וואָלט אַלעמען בענטשן.

לייכט ווערט דער מוח,
אויפן הארצן ניט שווער;
אַנגענעמע געדאַנקען —
צום לעבן אַ באַגער...

דאַנקט מען דעם בורא
פאַרן גנאָד וואָס ער טוט,
די נאַטירלעכע שיינקייט
מען פילט אַזוי גוט!

## צום ים

דו, רוישיקער, שיינער ים,
איז נאָך אַ גלייכנס צו דיר פאַראַן?
ביסט מייעסטעטיש שיין
און שפּיגלסט זיך אין זיך אַליין.

טשאַטעם מעוועס קרייזן אום,
כוואַליעס שפּיגלען זיך אין זון.

און זכרונות קומען אָן
און עס גיט זיך אַ דערמאָן
פון אַ יוגנט ערשט ניט-לאַנג
וואָס געוואָרן האָט ווי דער ים.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## פענסילווייניער בערג

הויכע, שטאַרקע פעלז־פּיראַמידן,
בלויז גאָטס נאַטור קען עס אויסשמידן.

סקאַלעס שטאַרקע אונטערגעשפּאַרט
פאַרצייטיקע ריזן, אַן אייזערנער באַרג...

ביימעלעך אָרעמע, וואַקסן אויף זיי,
שטייען דאָרט שטיבלעך ווייסינקע צוויי.

פייגעלעך קליינטשיקע אויף דעכעלעך זינגען;
פון רויטע קוימענדלעך ציען רויכן־רינגען.

אונטן, צופוסנס, אַ טייכעלע ווייט־ווייט צעשפּרייט,
צווישן זיי ביידע — מיט רעלסן פאַרזייט...

גליטשט זיך די באַן, אויף מיילן זי שפּאַנט,
און פייפט־צו צום טאַקט, ווי אַ מוזיקאַנט...

אָט ווייזן זיך וועגעלעך, שטעגלעך אַלערליי,
הייזלעך פאַרשיידענע, און פויגלן־געשריי.

רואיק, געמיטלעך אַ פויער זיך באַוועגט,
שטייט אין זיין גאָרטן — מיט וואַסער אים פלעגט.

# אַ רייזע מיטן באָס

קאָלירן פאַרשיידענע, אויף די בערג הויך,
פון די קליינע פילע שטיבלעך ;
פון די קליינע קוימענס, שלאָגט אַ רויך.

לויפט דער באָס שנעל, שנעל —
פאַרביי גרינע פעלדער, ווי קאַרפּעטן,
בלומען : רויטע, ווייסע, בלויע, און געל ;

שטייען פערדעלעך צופרידן,
מיט די עקן דרייען,
און די הינדעלעך
מיט די ווערעמלעך זיך פרייען.

דער הימל איז לויטער,
מיט ווייסע וואָלקנס באַצירט.
דאַנקט מען דעם בורא
וויאַזוי דאָס לעבן ער פירט.

פאָרט מען איבער בריקן,
פאָרט מען אין טונעלן,
מען פילט זיך גליקלעך —
דאָס האַרץ טוט אָנקוועלן.

ס׳גליטשט זיך דער באָס אויף וועגן און בריקן
די שיינע פּאַנאָראַמע טוט דאָס האַרץ דערקוויקן.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אין מיאַמי

איבער די הימלען,
דער רעגנבויגן צעשפרייט;
דער זילבערנער רעגנדל
ווי בריליאַנטן: גייט און גייט.

די זון פון דער זייט
האַלט אָן איר שמירה,
די פייגעלעך אַרום
צו גאָט זינגען אַ שירה.

דו שיינע־ליבע מיאַמי
ווי מאַגנעט מענטשן ציסטו צו,
וואַרעמסט ווי אַ טרייע מאַמע;
מ׳געפינט דאָ פרייד און רו.

## אַ ניגונדל

זינגט מיר, פייגעלעך,
זינגט מיר אַ ליד,
אייך צו הערן
כ׳ווער קיין מאָל ניט מיד.

פאַר ברעקעלעך ברויט
וואָס כ׳שיט אייך אַרויס
זינגט מיר עפּעס פויגלדיק
לעבן מיין קליינעם הויז.

אָט אַזוי אַ ניגעלע,
אָט אַזוי אַ לידעלע
אין אַ טאָג אַ זוניקן,
זוניקן און בלומיקן.

# מיין טרויער

אליין, אליין ווי א שטיין.
ניטאָ פון דער משפחה קיין געביין.

זייערע שטימען, צו מיר נאָך קלינגט,
מיין קאָפּ אין טרויער פאַרזינקט...

אייער טויט האָט געטרויבט מיין רו —
געוועזן אַ משפחה; וואו זענט איר, וואו?

איך געפין זיך שרעקלעך פאַרלאָרן
וואָס איז פון מיין משפחה געוואָרן?!

וואָלט געקענט איך וויינען אויף אייערע קברים
וואָלט מיר אפשר לייכטער געוואָרן?
אייערע שטימען אין מיינע אויערן קלינגען —
זיי קלינגען,
זיי קלינגען,
זיי קלינגען.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## מיין חלום, אויפן וואָר

איך זע מיין אַלטן פעטער פירן צו די גאַז קאַמערן דאָרט
מיט שטאָלצע טריט, דעם קאָפּ געהויבן
ער גייט צווישן די בלוטדורשטיקע לייבן,
דאָך, ניט קיין וואָרט!

איך גיי זיי נאָך די קדושים
מיטן צעבלוטיקטן האַרצן —
און שעלט די וואַמפּירן
פאַר אונזערע שמאַרצן.

און אייך, איר „פרייע" רעדל-פירער
אייך, גייט אונזער אומגליק שטאַרק ניט אָן!...
גלעקלעך-צונגען, פּאַפּיר-שמירער —
איר האָט געשטעלט אונזער פאָלק אין קאָן!

קיין זאַך ווערט ניט אין לעבן פאַרגעבן!
מען וועט פאָדערן דין וחשבון פאַר אונזער לעבן.

# כ׳שעלט און איך בענטש

פאַרשאָלטן זאָל ווערן דייטשלאַנד!
מיט בלוט פון מיין האַרצן איך האָב דיר;
דיין ענדע זאָל זיין אַ ביטערע שאַנד,
קיין שריד ופּליט זאָל בלייבן פון דיר!

זאָלסט ליידן אונזער בראָך,
פון דיין פאָלק זאָל גאָרניט ווערן;
טויזנטער יאָרן זאָלסט זיין אין יאָך,
דיין קאָפּ געבויגן און פינצטער דיין שטערן.

כ׳קען זינגען און וויינען
וויינען און זינגען,
ניט ווערנדיק מיד;
ביז גאָט וועט דערהערן
מיין קול און די טרערן,
מיין טרויעריק-וויינענדיק ליד.

אויף יענער זייט ימען
פייערן און פלאַמען
האָט מיינע ליבע פאַרברענט;
מיין האַרץ טוט אַזוי קלעמען,
כ׳קען זיי אָהער ניט נעמען,
בלייב איך אין ווייטעק פאַרקלעמט.

וואָס איז פון מיין היים געוואָרן,
וואו כ׳האָב פאַרבראַכט מיינע יונגע יאָרן?
דאָן געווען איז ליכטיק און העל,
די שענסטע צייטן
געוועזן מיט לייטן,
און איצט איז פון אַלץ דאָרט אַ תל.

טאָ וואָס העלפט מיין וויינען און בעטן?
אַז איך קען אייך ניט רעטן
און שטיק זיך אין טרערן אַצינד;
אייערע שרעקלעכע ליידן
איך קען ניט פאַרמיידן.
אוי, גאָטעניו, פאַר וואָסערע זינד?

## צום אָנדענק פון ליזאַ פאָרטנאָי ע״ה

ליזאַ דו שיינע, חברה דו מיין,
צוזאַמען ביי מיטינגס פלעגן ביידע מיר זיין.
פון דיין ליכטיק געזיכט האָט יעדער געגאַפט,
און דו האָסט פון אַלעם קיין וועזן געמאַכט...

און אַט שיידן מיר זיך גאָר אויף לאַנג —
אַוועק בין איך אין דעם פריי־גאָלדן לאַנד...
דו ביסט געבליבן אין ירושלים ד'ליטאַ,
וואו די מערדער געפירט האָבן דיך צו דער שחיטה.

די ווילדע נאַצים, די מערדער־קאַניבאַלן,
פאַרשניטן זיי האָבן די שאַפנדע קוואַלן.

פון מיין משפחה, נישט פאַרבליבן איז קיין איינער
צו נעמען נקמה — איז נישטאָ קיינער...

## פאָנאַר

פאָנאַר, אוי פאָנאַר,
וואַכסט איבער מיר מיט שרעק,
ווי אַ שוואַרצער קאָשמאַר,
דו ווייטיקסט אָן אַ ברעג.

ווען כ׳וואָלט פון ווילנע נישט אַוועק,
— ווען כ׳וואָלט מיט אייך דאָרט געווען
וואָלט מיר אויך דאָס זעלבע,
דאָס זעלבע געשען.

מיין גאַנצע משפחה
— דערטרונקען אין בלוט,
און איך וואָלט מיט זיי
אין איין קבר גערוט.

איך פיל זיך איצט שולדיק
קעגן אייך, מיינע ליבע,
די יאָרן וואָס באַשערט מיר
זיי וועלן זיין טריבע.

## ווילנע

איך בויג מיין קאָפּ
פאַר אונזערע פירער,
טייערע אידן,
הייליקע מאַרטירער.

געלערנט אונז טראָגן
מיט שטאָלץ דעם יאָך
אונזער טייערע ירושלים דליטאַ
פאַרהיט אונז פון פאַרמישונג,
ניט גיב דעם טייוול די שליטה...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# מיין פאַרטיליקטע משפּחה

וואָס קייקלט איר זיך, טרערן,
ווי אַרבעס פון אַ שויט;
דאָס האַרץ איז צעבראָכן,
די אויגן — געשוואָלן, רויט.

איך זיץ פאַרצווייפלט
מיט פאַרבראָכענע הענט;
ס'וועלן ניט לעבעדיק ווערן
די וואָס זיינען פאַרברענט.

פאַרלאָרן משפּחה
צוזאַמען מיט פריינט,
מ'פילט זיך פאַרלאָרן,
די זון מער ניט שיינט.

דאָס לעבן איז מער ניט ניחה,
ניטאָ קיין מאָרגן, קיין היינט...
איך דריי זיך אַרום
ווי אַ שאָטן אויף דער וועלט,
קען דעם ווייטיק ניט היילן
פאַר קיין שום געלט.

דאָס האַרץ ווערט צעריסן
פאַר בענקשאַפט נאָך אייך,
ווער וויל דען געניסן
פון גליק, צי זיין רייך?

איך לייג זיך מיט טרערן,
שטיי אויף מיט געוויין,
מיין לעבן איז איינזאַם,
כ'בלייב תמיד אַליין.

### לידער

כ׳ווייס, כ׳קען ניט העלפן,
וואָס די מערדער האָבן פּאַרצוקט
און די וועלטל, די „פרייע",
האָט דאָס אַלץ צוגעקוקט...

טאָ וואָס איז דער לעבן,
אָן זין און אָן מוט!
ניטאָ מער קיין שטרעבן,
קיין רואיקע מינוט.

## די זעקס מיליאָן!

מיט טרויער און געוויין
איך זיץ איצט אַליין,
באַקלאָג די קרבנות,
וואָס מערדערישע הענט
האָבן מיט רשעות פאַרברענט,
פאַרשניטן אָן רחמנות.

אונזערע היטער פון פאָלק
ניט געלאָזט זיך מאָרדן אָן טאָלק,
זייערע לעבנס געשטעלט אין סכנות.
האָבן צו זייער לאַנד געשטרעבט,
געהאָפט און חלומות געוועבט,
און האָבן דאָס ניט דערלעבט.

מיט ווייטיק אין האַרץ
פונעם אידישן שמאַרץ,
פון פאַרצווייפלונג און קלעם —
פליסן טרערן טייכן איבער דעם.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## ווען די וועלט האָט געברענט

דאָס האַרץ ווערט צעריסן,
אין מוח עס ברענט ;
אונזער פאָלק זיי צעשיסן
און עס נעמט נישט קיין ענד.

מען הערט אויף דער ראַדיאָ
וועגן וואַרשעווער געטאָ ;
פון די אידישע העלדן
מען הערט בלויז אַן עכאָ.

שווער צו שטילן די טרערן פון אויגן
אויף מיין משפחה און די זעקס מיליאָן ;
אַלץ זעט אוים ווי אַ חלום פאַרפלויגן,
אומזיסט געשטעלט זייער לעבן אין קאָן.

די איינציקע האָפענונג און כוח אונז גיט,
און ביים לעבן עס האַלט אונז נאָך אויף :
דאָס לאַנד פון די אָבות זאָל זיין אָפּגעהיט,
אידן, טוט איצט אייער הייליקן חוב !

נישט וואַרטן, חלילה, ביז זיין וועט צו־שפּעט,
מיר האָבן געוואַרט מיט געוויין און געבעט ;
דאָס איז פאַרבליבן אונזער איינציקער גליק,
אונזער אויסגעבענקט לאַנד האָבן צוריק.

## ביז ווי לאַנג?

וואו ביסטו, אונזער גרויסער גאָט?
וואָס לאָזטו דיין פאָלק צו שאַנד און שפּאָט.
אונז — דיינע „אויסדערוויילטע" קינדער —
שעכט מען ווי לעמער, און רינדער!

איז נישט צייט געבן די ראָד א דריי,
אַז זיי זאָלן דערפילן אונזער וויי?
שוין צייט פאַר אונז רו און גליק —
אויפבויען אונזער לאַנד צוריק.

גענוג שוין צאָפּן אומשולדיק בלוט
פון אַ פאָלק וואָס טוט בלויז גוט.
נאָר געציילטע וואָס וואַרפן אַן אַ שרעק,
...כדי אָנצושטאָפּן מיט געלט די זעק.

ווייז זיי, גאָט, וואָס הייסט אמת און יושר,
אַפילו אַ קליין פאָלק, ניט קיין גרויסער,
קען דאָך זייער וועג-ווייזער ווערן;
צו לעבן הערלעך אונטער פרייע שטערן...

## געוויין איבער טויטע

ווי איר פעלט מיר אַצינדער!
מיין האַרץ טוט אין מיר וויינען —
אייער אָרט פאַרנעמען וועט קיינער,
איר אומגליקלעכע קינדער!

טאַ שלאָפט, מיינע ליבע,
כ'וועל קומען צו אייך...
מיין האַרץ, דאָס טריבע,
גיסט טרערן אַ טייך.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## פאַרצווייפלונג

אַן ליכט, און אַן זון,
אין גלות דעם שוואַרצן;
פון מיליאָנען דער אומקום —
עסט אויף דעם האַרצן.

ביי דער וועלט, אונזערע לעבנס —
האָבן ניט קיין ווערט.
מוזן מיר אייביק ליידן?
איז דאָס אַזוי אונז באַשערט?!

## אין טרויער

איך טרויער נאָך אייך, הייליקע,
מיטן בלוט פון מיין האַרץ;
אייערע לעבנס די פאַרשניטענע
מאַכן די זון שוואַרץ.

ס׳ציט זיך דער פאָדעם
אין אַנגסט און אין שרעק;
וועט צו אידישע ליידן
אַמאָל נעמען אַן עק?!

אַן האָפענונג, מיט צווייפל
מיין לעבן פאַרגייט;
ס׳דרייט זיך ווי אַ רייפל
פון קינדהייט ביז טויט!..

# אין אייביקן אָנדענק

ס׳גייען מיר ניט אָן קיין שפּאַסן,
ס׳גייט מיר ניט אָן קיין פרייד;
שוואַרץ זיינען מיר די גאַסן,
דאָס האַרץ איז פול מיט לייד.

דאָס לעבן איז מיר פרעמד,
פאַר פרייד — נישט קיין באַגער;
פאַרצוקט זיינען מיינע טייערע —
ניט זען כ׳וועל זיי מער.

געחלומט כ׳האָב נאָך אַלץ,
געגאַרט צו זען זיי;
געבליבן איז אין האַרץ
זייער ביטערער וויי.

די קינדערשע אויגעלעך,
ווי זיי קוקן מיט געבעט;
כ׳הער זייערע שטימעלעך,
ווי זיי וואָלטן צו מיר גערעדט.

אייערע כּשרע ביינדעלעך
כ׳פּרעס זיי צו מיין האַרץ;
איך לעב דורך אייערע ווייטיקן,
אייערע צרות, אייער שמאַרץ.

כ׳וועל אייך אייביק געדענקען,
מיין עדות איז גאָט,
איר לעבט אין מיין האַרצן
ביז מיין לעצטן טראָט.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## איך בענטש מיין זון

איך פאָר צו מיין זון אין דער ארמיי,
געוואָרן איז ער לייטענאַנט,
כ׳בענטש מיין זון און זיין פלאַטון —
גאָט זאָל שטאַרקן זייער האַנט.

קינדער מיינע, אַלע איר,
גייט אין קאַמף און בלייבט ניט שטיין
און זאָל אַצינד מיין אָרעם פאָלק
באַקומען אויך באַפרייט זיין היים.

## ניט רעד צו מיר

ניט רעד צו מיר פון שטרויסן בלומען,
מיין האַרץ אין טרויער איז פאַרדריקט,
מיין פאָלק פאַרשפאַרט איז הינטער דראָטן,
אין געטאָס פינצטערע פאַרשיקט.

וואו איז די גלייכהייט און דער יושר,
איר האָט געפּרעדיקט אַזוי שיין,
ס׳איז איצט מיין פאָלק צום טויט פאַראורטיילט,
וואָס קען דאָ העלפן מיין געוויין?

## מיין האָפענונג

מיט פרייד האָב איך געלייענט
די נייס די קליינע,
אַז מיר גייען באַקומען
אונזער לאַנד דאָס שיינע.
און מיין האַרץ טוט גלייבן
און האָפט אויף שטילן גליק
אַז מיר וועלן האָבן
אונזער היים צוריק!

## באַצאָלונג

ניט שטענדיק זיינען מיר געווען
אַ פאָלק וואָס קען נאָר קלאָגן
ניט איין מאָל האָט פון אונז דער פיינט
באַקומען שווער געשלאָגן.
מיר גייען ווידער איצט אין שלאַכט
און וויי אים, דעם ניט-גוטן,
ער וועט באַצאָלן אונז פאַר אַלץ
מיט זיינע טריפע בלוטן.

## אַ יובל-ליד

זינגען מיר אַ יובל-ליד
צום אַלטן פאָלק, דעם איד;
מיט זיין בלוט וואַשט ער די שאַנד
און קעמפט העלדיש פאַר זיין לאַנד.

קעמפן זיי ווי לייבן
דעם אידנס גייסט צו דערהויבן;
מען זינגט און טאַנצט אַ „האָרא"
און מען ווערט פּטור פון דער צרה...

קעגן אייך, איר בעלי-טובות,
איר כלומרשטיקע פריינט;
פאַלשע פירער און פאַרפירער,
מוז מען קעמפן היינט!..

פעסיל שער־קאַסאָוו

# דער 22טער קאָנגרעס

ווען מיר באַקומען מענטשלעכע רעכט
דורכן 22טן קאָנגרעס ?
ווען די וועלט איז פאַרטאָן אין זיך
אין איר אייגענעם פּרעס...

זיי טוען אונז אין ביין,
מען וויל אונז מאַכן שוואַך,
מיר זאָלן בלייבן קליין אַליין,
אָן אַ הויז און אָן אַ דאַך.

איז דער צווייפל זייער גרויס,
ניט קיין באָדן, ניט קיין הויז ;
ס'איז פאַר קיינעם ניט קיין סוד,
אַז זיי פירן אונז אין באָד...

פרעגט זיך טאַקע : וואו ביזטו גאָט ?
כ'זאָל ניט זינדיקן מיט די רייד.
מען מאַכט אונז צו שאַנד און שפּאָט,
אָן אַ שוך און אָן אַ קלייד...

מען לאָזט אונז שלעפּן זיך ווי חיות,
מ'הערט ניט אונזער וויי־געשריי ;
זיי, מיט די ווילדסטע העוויות,
טוען אַלץ אונז מער וויי...

איז מיט מוטיקייט און האָפענונג,
מיט דעם איצטיקן קאָנגרעס
וואַרטן מיר אומגעדולדיק
אַז געשען זאָל אַ נס.

## ליבע און האַס

כ׳האָב ליב דעם דונער
און אויך די בליצן
כ׳האָב פיינט די הינט —
מיט ציינער וואָס קריצן.

כ׳האָב ליב דעם מענטש
וואָס העלפט דעם שוואַכן
כ׳האָב פיינט דעם „סנאָב",
וואָס פון אַלץ טוט לאַכן.

כ׳האָב ליב יעדן מענטש
וואָס וויל לעבן אין פרידן!
כ׳האָב פיינט יענע —
וואָס האָסן אידן.

כ׳האָב ליב די זון,
כ׳ליב אויך דעם רעגן,
די בוימער, די בלומען
אויף די וועגן און שטעקן...

## די מאָדערנע צייט

מיר לעבן איצט אין אַ מאָדערנע צייט:
די ציוויליזאַציע זיך איבערגעגעבן
לויפט מען נאָענט, פליט מען ווייט,
ס׳האָט ניט קיין ווערט דאָס לעבן!

מ׳האַלט נאָר אין לויפן! מ׳האָט ניט קיין צייט!
ס׳האָט ניט קיין ווערט דאָס לעבן.

אויף אַ בית-עולם איז געוואָרן דער ים
שלינגט איין מענטשלעכע גופן:
קלייבט ניט איבער פרוי צו מאַן —
פון אַלע פאַרשידענע באַרופן.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# צו פרעזידענט טרומאַן

איז דאָס טאַקע אמת —
פרייהייט פאַרן איד?
דאַנק איך און לויב גאָט
און זינג פון דעם אַ ליד.

מיט געזאַנג און שמחה
צו אונזער פרעזידענט;
בענטש איך אים און לויב אים
און הויב צו גאָט די הענט...

כ׳שיק צו אים מיין תפילה
מיט דאַנק און מיט געוויין.
אַז אויך מיין פאָלק, דאָס קליינע,
ווי אַלע פריי זאָל גיין.

מיין געפּלאָגט פאָלק,
דער פאַרמאַטערטער איד,
זאָל זיין מיט פעלקער גלייך
און זינגען זיין פרייהייטס־ליד.

## צו די דזשודאַיסטן

מיט פֿאַלשקייט און ליגן —
איר ווילט נאָר צרות טאָן,
אויף אייער אייגן פֿאָלק —
איר שיט שוואַרצן מאָן...

אייער ראַביי דער אַפּיקורס
איז אייער הייליקער גאָט,
איר ווילט ניט פֿאַרשטיין
ווי ער מאַכט אייך צו שפּאָט!...

אייך, דזשודאַיסטן ,דאָס געוויסן
זאָל אייך פּלאָגן;
אייער קאָפּ ציט צום קלויסטער,
דאָס האַרץ טוט אַנדערש זאָגן...

ס׳געפֿעלט אייך שטאַרק דער צלם?
דער מגן־דוד — איז ניט גוט?
איר זייט געבאָרן אידן —
דער איד ליגט אין אייער בלוט.

## כ׳שלאָג אָן אַלע וועגן

כ׳שלאָג אָן אַלע וועגן אויף דער ערד,
און שלעפּ זיך איבער אַלע ים׳ען;
דורך שטורעם, כוואַליעס, ווייט פֿון ברעג,
עלנט, ווי אַ יתום, אָן אַ מאַמען.

עס טראָגט מיך דאָס לעבן אַרום,
ווי דער ווינט אַ בלאַט אין דער וועלט;
דאָס איינציק רו־אָרט מיך וואַרט —
אונטערן בערגעלע זאַמד אינעם פֿעלד.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# די מערדערס

די מערדערישע חיות
באַפאַלן מיינע ברידער,
זיי פייניקן און מאַטערן
און רייסן זייערע גלידער.

די געדונגענע פריינט
זיי זאָגן נאָר ליגן
דאָס פאַרשטיין אַלע
אַפילו קינדער אין וויגן.

איר צביעותדיק-גערעכטע,
איר באַהאַלט זיך אין די נאָרעס;
איר ציטערט פאַר דער צוקונפט
איר וועט נאָך האָבן צרות!

די דאָזיקע פאַרברעכנס
וועלן זיך אייך אין האַלדז שטעלן;
איר וועט מוזן אָפּגעבן חשבון —
דער געוויסן וועט אייך קוועלן...

אָ, ווי דערלעבט מען שוין די צייט,
כ'ווינטש מיט האַרץ און נשמה;
די שונאימס מפּלה איז ניט ווייט —
ווי דערלעבט מען די נקמה?...

# אַלץ צוליב אויל

איר שטאַרקע נאַציאָנען,
איר טוט רשעות — אַ גרויל;
איר שעכט אוים מיליאָנען
פאַר אַביסעלע אויל!

צוגעזאָגט האָט איר דווקא אַ סך,
אַצינד — פעלט אוים אַ ביסן אין מויל;
ס׳גייט אייך ניט אָן קיין זאַך,
אויסער דאָס ביסעלע אויל...

אויף צוזאָגן, ווען איר דאַרפט,
זענט איר גאַרנישט פויל;
אייער צונג האָט אַ קראַפט
אַלץ צוליבן ביסעלע אויל...

און ווייל איר פאַרגעמבלט אַ פאָלק,
וועט דאָס לעבן אייך צאָלן מיט גרויל;
ביי אייך וועט אויך ניט זיין קיין טאָלק —
אַלץ צוליבן ביסעלע אויל...

איר קענט פאַרשפאַרן דעם שוואַכן
און אייך איז גוט און וואויל;
די צוקונפט וועט פון אייך לאַכן —
אַלץ צוליבן ביסעלע אויל...

## ענגלישע פּאָליטיק

ענגלאַנד געמאַכט האָט פון אַראַבער
זיין זעלבסשטענדיקע שטאַט;
איצט זיי זאָגן אַריין
אין איר טאַטנס-טאַטן...

פון אידן האָט מען שטיקער געריסן,
זייער פרייהייט געשטערט;
זייערע לעבנס צעריסן —
צו לעבן ווי מענטשן פאַרווערט.

כ'האָב זיי שוין געוואָרנט, —
אין אַ פריערדיקן ליד:
אַז יעדערער קריגט באַצאָלט —
פאַרן מאַטערן דעם איד...

## ווערט די וועלט ערגער?

ווערט טאָקע די וועלט בייזער און שלעכט?
היינט גיט מען דיר פרייהייט, מאָרגן נעמט מען צו
די רעכט;
בלייבט דער שוואַכער פאַרצווייפלט, פאַרגלעמט,
ביטערע געפילן, און זייער פאַרשעמט.

און די וואָס קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט,
ווערן אַליין פאַרדאָרבן און שלעכט...
טאָ־ווער וועט נאָך מיר בענקן און קלערן,
ווען פון מיר וועט שוין גאָרניט ווערן?...

זיי זיינען אַוועק, פאַרלאָזן מיך היינט.
דאָך קומען וועט זי די באַפרייאונג
פון וועלט און מענטשן די באַנייאונג.

## דאָס ווייס־שוואַרצע פּאַפּיר

זיי האָבן אונזערע לעבנס צעשטערט,
צו גיין אין אונזער לאַנד פאַרווערט;
אָנגעהאַנגען אַ ווייס־שוואַרץ פּאַפּיר,
דורכגענעצט מיט אידיש בלוט אויפן טיר.

האַלטן מאַכט מיט ביקס און שווערד,
אויף גאָטס פאַרשפּראָכן־אידישער ערד;
די שטאַרקע מיט זייער גבורה, מאַכט,
ווילן אָנהאַלטן די פינצטערע נאַכט...

דעם אמת קען מען ניט פאַרשטעלן,
מיט פאַרפּייניקן אַ פאָלק, מאַטערן און קוועלן;
פריער־שפּעטער גערעכטיקייט מוז זיגן,
ווען אייער פאַלשע פּאָליטיק וועט אין קבר ליגן.

מיר אָבער גלויבן אין מאַכט פון גאָט,
זיין פאַרשפּרעכן איז אַ געבאָט:
אַז אונזער לעבן וועט אין ישראל בליען,
דאָס ליכט פאַר דער וועלט וועט קומען פון ציון.

איר וועט מוזן גיין, ווי אַלע שענדער,
וואָס ווילן צעשטערן די וועלט און לענדער;
ווען פון אייער שטאַרקייט וועט גאָרניט ווערן,
וועט פאַרן איד שיינען ליכטיקע שטערן.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# פאַלשע פריינט

אונזער גרויסער פּרץ
האָט עס שוין געזאָגט:
דער ליגן זיך רעדלט,
דער אמת ער קלאָגט...

שלאָגסט זיך פאַרן אמת —
ביסטו אין געפאַר;
טאָמער בלייבסטו איינזאַם —
מאַכט מען דיר צום נאַר...

ווען דיין גוטן פריינט,
ס׳גייט אים ניט צו־גוט;
שטרעקסט אים אויס אַ האַנט
און גיסט אים אויבעט מוט.

און, ווערט ער דיר אַ שונא,
איז ממש אַ געפאַר;
צאָלט ער אָפּ מיט שטיינער,
און מאַכט דיר נאָך צום נאַר...

נאָר ווען ער דיך דאַרף,
רעדט ער מיט אַ בלומען־שפּראַך;
ווען ער נוצט דיך אויס —
דאַן אַרט אים נישט קיין זאַך...

היט זיך פאַר פאַלשע פריינט —
זאָגט ערגעץ אַ פאָלקס־וואָרט —
ווייל די וואָס חנפענען דיר היינט,
שטייען אויף זייער אָרט...

## לידער

איז אַ קרוין, אַ בריליאַנט;
אַן ערלעכער פריינט,
אַ פאַלשער פריינט —
ווי פאַרפוילטע געוואַנט...

אַ מענטש מוז מען זוכן
אַן שקלאַפן־נאַטורן.
ניט די אַלרייטניקעס
מיט פאַרדאַרבענע שפּורן...

היט זיך פון שמייכלער,
וואָס טראָגן מיט זיך שפּיזן,
זיי קאָנען פאַרנאַרן
העלדן און ריזן...

היט זיך פאַר פאַלשקייט —
זאָגט פּרץ, אונזער לערער;
ער האַסט דעם ליגן,
פונעם אמת — אַ פאַרערער.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## צו מיינע זיבעציק יאָר

איך גראַטוליר זיך היינט אַליין,
ווייל כ׳בין נאָך יונג און שיין...
צו מיין דערגרייכן זיבעציק יאָר,
אויך פאַר מיינע ווייס-גרויע האָר.

איך קריג קאַרטלעך און מתנות —
וואונטשן — זיכער אויף נאמנות.
ווי פון פריינט, אַזוי פון קינדער,
וואָס וואַרטן אויף מיין סוף פון ווינטער...

ווען כ׳וועל די אויגן פאַרמאַכן —
וועלן זיי קריגן די „גוטע זאַכן"...
אַפילו דער מאַן איז אויך ניט בעסער...
זיין קוק שניידט ווי מיט אַ מעסער...

אַנדערש אָבער טראַכט איך ביי זיך:
„ווי לאַנג אַליין מ׳קען אָנטאָן די שיך"...
וועל איך פריער מיין פאָלק באַזאָרגן,
פאַר אַ בעסערן, זיכערן מאָרגן.

קיינער וועט מיר ניט פאַרווערן,
כ׳וועל זיך ניט לאָזן פון קיינעם שטערן.
כ׳לייד מיט דיר, מיין פאָלק און לאַנד,
מיט דיר גיי איך האַנט-אין-האַנט!...

# מיינע ווילנער לערערינס

מאַדאַם צמח שאַבאַד, און מאַרקוסאָן,
צו אייך, שיינע גייסטער פון אידן;
איר האָט געשאַפן ליכט און פרייד —
אידישע קינדער געשטעלט צופרידן.

אייער צייט און מי נישט געשפּאָרט,
מיט הארץ, נשמה איבערגעגעבן;
אָרעמע מיידלעך פון קעלערס ארויסגעפירט
געצייגט זיי אַ שענערן לעבן.

מיין ליבע לערערן, מאַדאַם צמח שאַבאַד,
איר שיין געזיכט און האַרציקן שמייכל —
די לערערנס מאַרקוסאָן און אַסס —
געלערנט מיט קאָפּ און מיט שכל.

די ברידער גאָלדבערג, איסאַק און באָרים,
מיט ביכער פאַר אונז זיי זאָרגן;
מיט ליבע זיי האָבן גערעדט צו אונז
וועגן אַ בעסערן אידישן מאָרגן...

# קאַונסיל אָף דזשודאַאיזם

איז דאָס מעגלעך? איז דאָס וואָר?
אַז געפּייניקטע אידן פון דור צו דור,
מ׳האָט געוויינט — פאַר אונזער לאַנד געבעטן —
דער „קאַונסיל אָף דזשודאַאיזם" וויל פאַרניכטן, צוטרעטן!

פאַרשניטן זאָל ווערן זייער פאַרדאָרבענער שטאַם
צבועקעס, פאַרברעכערס, פון אייך יעדער מאַן!
מיר האַסן אייך, מיט עקל, מיט פולקאָמענעם רעכט —
אַנשטאָט צו העלפן בויען — ווי מייז, טוט איר שלעכט...

איר זענט פאַטריאָטן? פאַלשקייט און שאַנד!
פיל בלוט מיר האָבן פאַרגאָסן צו קריגן אונזער לאַנד!
איר, העסלעכע פאַרברעכער פון ערגסטן גראַד,
אַזוינע ווי איר זיינען ערגער פון שמד!...

צווישן אידן ניטאָ פאַר אייך קיין אָרט!
צו אייך מיט האַס כ׳דריק אויס מיין וואָרט.
אייך צייגן אייער אומווירדיקייט, ווי איר זענט קליין
ווערט די אידישע געשיכטע און די אייביקייט אַליין.

# אין צייטונג־נייעס

כ׳לעז אין צייטונג, פון פאַרשידענע בילדער:
„אונטן דער צדיק, אויבן דער ווילדער״...
און דאָ, אַ העלד, געדיכט אין מלחמה —
אַן הענט, אַן פיס, ער קריגט אַ מתנה...

מען הענגט אַ מעדאַל, ביי אים אויפן ברוסט —
קען ווער עס פילן זיין גרויסן פאַרלוסט?!...

אָט איז, אַ מיידל, די קרוין זי׳ט געוואונען —
פאַר שיינקייט — פאַרשמירטע, און שטאַרקע
פאַרפיומען...
און דאָ שטייט אַ מיידל ווי פון שטיין געבוירן —
איר גאַנצע משפחה, ביי היטלער פאַרלוירן!

דאָ ליגט אַ חולה, אין שפיטאָל, גאַנץ שטיל —
זיין גאַנצענעם לעבן געקעמפט פאַר אַ ציל!...
כ׳לייען די צייטונג, דאָס האַרץ כאַפּט אַ ציטער:
צו וואָס דאָס לעבן אויב ס׳איז טרויער און ביטער?

פעסיל שער־קאָסאָוו

# די נאַרישע וועלט־פירער

ציטערט דאָס האַרץ און שרעקט,
געדאַנקען פון צווייפל דערוועקט;
מיר האָבן פיל שונאים היינט
און ווייניק גוטע פריינט!...

די קראַנקע, צעטרייסלטע וועלט,
ס'וואַרפט זי אין „היץ און אין קעלט";
מען לעבט איבער פיל שרעק,
אַז ס'איז צום לעבן אַן עק.

די נאַרישע וועלט־פירער
— די אַלע גרויסע רעגירער
זוכן זיך „איבערצוקליגן"!
נוצן פאַלשקייט און ליגן,
ניט דערלאָזן דעם אמת זיגן!

אין אַ געיעג זיי ווילן ווייזן
ווער ס'האָט מערער קראַפט,
און האַלטן די וועלט אין ליידן
ווי אין שטאָק־פינצטערער נאַכט.

## צעווייטיקט האַרץ

נישטאָ מער קיין כוח, נישטאָ מער קיין קראַפט
די פאַלשקייט אַריבערצוטראָגן;
די „פּאָליטישנס״ פון דער וועלט —
פאַר אונזער פאָלק קיין מיטלייד ניט האָבן.

נישטאָ זיך צו ווענדן צו וועמען,
ווען באַנדעס וועלף אונז באַפאַלן;
מענטשלעכע לעבנס מיינט גאָרנישט ביי זיי,
ווען ס׳גיסט זיך אונזער בלוט ווי פון קוואַלן.

## זינד און שטראָף

דו, בריטאַניע מיט דיין פּאָליטיק,
דו ביזט צו־ווייט אַוועק צוריק;
דיין טשעמבערליין האָט געבראַכט —
פאַר דער מענטשהייט אַ שטריק...

האָסט געהאָלפן היטלערן
ווערן מעכטיק, שטאַרק;
נאָך דעם האָסטו געקראָגן
צעבראָכן דיין קאַרק...

מיט אידן האָסטו געשפּילט
קאַץ־און־מויז־שפּיל;
ציניש געחוזקט — אָן יושר, געפיל...

אָבער דאָס לעבן האָט זיך זיין וועג,
ניט אַלץ גייט אָן אייביק,
עס קומט צו אַ ברעג...

# אַ בריוו צום פרעזידענט רוזוועלט

פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן,
מיר דיינקן פון דיר אַ סך בעסער;
זאָלסט די וועלט אונז ניט לאָזן פאַראַטן,
נישט שניידן אונזערע נשמות מיט מעסער...

די צוויי־הונדערט און פופציק רבנים
געלאָזט ביי דיין טיר ווי בעטלער שטיין;
האָסט פאַרשעמט אונזער צעבראָכן פאָלק
און געלאָזט אונז אין בלוט אָפגיין.

האָסט געבראַכט אונז צו צווייפל און שאַנד,
געמאַכט אונז פאַרלירן דעם צוטרוי אין דיר;
די איינציקע האָפענונג — אונזער פרייע לאַנד —
האָט מען פאַרשפאַרט אויף שלעסער די טיר.

איז באמת די וועלט פינצטער און שוואַרץ,
און קיינער וויל אונז קיין פרייהייט געבן?
האָט די וועלט שוין מער ניט קיין האַרץ,
האָט די דעמאָקראַטיע אויסגעהויכט איר לעבן?

מיר שיקן אונזערע קינדער אין קריג,
כדי צו בויען אַ וועלט אַ פרייע;
וועט איר ניט זיין גערעכט צו דעם איד —
דאַן וועט קומען אַ מלחמה אַ נייע!...

און בלוט מוז באַצאָלן פאַר בלוט,
ווי די געשיכטע האָט לאַנג שוין באַוויזן:
קליין און נישטיק ווערט דאַן דער העלד
צוליב די גרויסע, מעכטיקע ריזן...

## אונזערע שונאים

מען גיט זיי כּבוד, מען זעצט זיי אויבן־אָן,
מיט פאַלשקייט זיי צייגן וואָס זיי קענען טאָן,
פאַרשיקן, צעדריקן שוואַכע אומשולדיקערהייט,
די נייע עפּאָכע פאַרגוואַלדיקט און טויט.

נו, טאַטעניו ליבער, זע וואָס דו קענסט טאָן,
ווייל דיין אויסדערוויילט פאָלק,
שטייט איצט ווידער אין קאָן.

גענוג שוין צו שווייגן, דו האָסט צופיל געדולד.
ביז ווי לאַנג קען מען ליידן?
דו ווייסט אונזער אומשולד.

## די קאָמוניסטן

די וועלט טוט נאָך שווייגן וואָס שרעקלעך אומגערעכט,
זיי טוען פאַרמיידן וואָס געטאָן אונז פיל שלעכטס!
אָבער גאָט, דו גערעכטער, ווי קענסטו דאָס צוזען?
די מערדער די שלעכטע זיינען נאָך היינט ווי געוועזן...

זיי דרייען דאָס רעדל, פון וועלט פּאָליטיק,
מיט פאַלשקייט, טיראַני — זיי רופן דאָס גליק...
גאָטעניו, פאָטער, ווי קענסטו דאָס צוזען?
ווי ווערט מען פון זיי פּטור, אַ נס זאָל געשען!

זיי מאַטערן, זיי מאָרדן מיט אַ שוואַרצער גבורה,
און ווילן דעם מאָרגן פאַר זייער פינצטערער צורה...
מוזן מיר שטאַרק זיין און קעמפן מיט מאַכט,
ניט לאָזן זיך פירן ווי אין אַ פינצטערער נאַכט!...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אַן ענטפער צו אַ גוי

...פלוצלינג, זאָגט איר, איז געקומען?
און אַלץ ביי אונז צוגענומען,
צעשטערט די שענסטע קינדער־בלומען
וואָס געשמעקט האָבן מיט פּאַרפיומען.

טויזנטער יאָרן האָט מען אונז געביסן,
מיט אייזערנע קאַמען אונזער לייב געריסן;
אונזער בלוט ווי וואַסער געגאָסן
פון אונזער פּראַצע פיל גענאָסן.

פון אונזער לאַנד האָבן זיי אונז פאַרטריבן,
ניט געשוינט קיין קינד אין די וויגן;
געלעבט האָבן זיי מיט באַטרוג און ליגן —
זייער מפּלה וועלן זיי מוזן קריגן!

מיר צו פרייהייט טוען שטרעבן,
און אונזער לאַנד מיט ליבע וועבן;
מיר קענען אָבער אויך פאַרגעבן,
און לערנען דער וועלט ווי אַזוי צו לעבן.

# די שלעכטע וועלט

ס'האָט נישט קיין זין
פאַר דעם מענטשלעכן מין
אין אַזאַ וועלט צו לעבן,
אָן אידעאַל און אָן שטרעבן.

נאָר כוחות נייע טוט מיר געבן
דאָס נייע, איינציקע שטרעבן:
צו האָבן אַן אייגן לאַנד,
מער ניט ליידן חרפות, שאַנד...

מיין גאַנצע משפחה פאַרלאָרן,
ס'לעבן איז אַ חוזק געוואָרן.
כ'דענק פון אייך אַצינדער,
איר ליבע קרובים און קינדער.

איך פיל ווי אַן אָפּגעריסן בלאַט
פון מיין שיינער משפחה כ'האָב געהאַט.
אין דער אידישער ווילנע געלעבט און פאַרבראַכט,
דער מערדער היטלער, זיי אַלע אומגעבראַכט.

איין-איינציקע טרייסט איז מיר געבליבן:
שטרעבן פאַר מיין לאַנד און פאַר די אידן;
ס'גיט מיר כוחות, מוט אויפדאָסניי
צו לעבן, שטרעבן און זיין פריי.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# געדאַנקען

כ׳ליג און טראַכט
די גאַנצע נאַכט
פון די וואָס זיינען מיר טייער
וואָס לעבן אין פלאַם-פייער.

ווי לאַנג וועלן מענטשן זיין שלעכט,
און ווילן נאָך בלייבן גערעכט...
מיט פאַלשקייט זיי דריקן און דרייען
און שרעקלעכע עוולות באַגייען.

קומט איינער, זאָגט דעות
ווייל אין האַנט ער האַלט די „מעות"...
די וועלט — איינער דרייט ווי א „באַל",
און שרייט אויפן קול:
— „רעספעקט פאַר מיר האָט!
„כ׳בין געשיקט פון גאָט"!...

„מיינע באַפעלן איר מוזט הייליק האַלטן!
ווייל די וועלט קען איך אין צווייען שפּאַלטן"...
דאָס וועלט-רעדל מען דרייט און דרייט,
אין אַנגסט דאָס לעבן פאַרגייט!

פון טאָג צו טאָג מ׳האָפט און מ׳טראַכט:
אַ וועלט מען האַלט אין קייטן און מאַכט!
ווי לאַנג וועלן „דרייער" נעמען זיך רעכט,
האַלטן די מענטשהייט פאַרשקלאַפט ווי קנעכט?

די צוקונפט וועט ניט פאַרשווייגן
וועט מיט רעכט אייך איבערצייגן!...
ווי שפּענדלעך אייך מ׳וועט אַרויסשמייסן,
די פאַלשע מאַסקעס אַרונטעררייסן...

## קאָמוניסטן און אַראַבער

איר זענט עם די „ריזן",
איר שאַרפט עם די שפּיזן;
פאַר וועלט און פאַר אידן —
איר דערלאָזט קיין פרידן.

איר זענט שוואַרצע כוחות,
מיט פאַרדאַרבענע מוחות;
איר פאַרזייט האַס און גיפט —
קעגן פרייהייט און ליכט.

ליידן וועט דערפון די וועלט,
און ס'וועט נישט העלפן אויסלייז־געלט;
דער טאָג פון חשבון איז נישט ווייט —
נעמט עם אין אַכט, פאַרדאַרבענע לייט...

## נאָר מען פאָרט...

מען פאַקט זיך,
מען קלייבט זיך
שטענדיק אין וועג.
מען פאָרט, און מען פאָרט,
און מען קומט ניט צום ברעג.
די טעג זיי קריכן —
ווי טשערעפּאַכעס,
די יאָרן זיי פליען
שנעל — אויף צו־להכעיס...
מען דרייט זיך אַהער
מען דרייט זיך אַהין.
ס'דרייט זיך דאָס לעבן
אַזוי ווי אַ מאַשין...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אַ קאָנווענשאָן

ס׳פּאָרט פון אַ קאָנווענשאָן
אַ פאַרמאַטערטער איד,
געשריען, געטומלט
ווי אויף אַ יאַריד...

דאָ האָט מען איינעם
קיין כבוד געגעבן;
דאָ שרייט אַ צווייטער:
כ׳האָב אָפּגעגעבן מיין לעבן!

דער טשערמאַן, אַ מילדער,
טוט וואָס ער קען;
ער קלאַפּט מיטן האַמער —
ווער הערט אים, וואָס, ווען.

שרייט איינער: גיט מיר אַ וואָרט!
שרייט אַ צווייטער: זיצט אויף אַן אָרט.

מען זשומעט, מען הוזשעט
אַזוי ווי אין אַ מיל
דאָס האַמערל קלאַפּט:
חברים, זייט שטיל.

געענדיקט די קאָנווענשאָן,
מען פילט ווי אַ טומאַן;
צו דער צווייטער קאָנווענשאָן
מען לויפט ווייטער אין שפּאַן...

# אָן אַ תכלית

דער מענטש, דער קלוגער,
מיט זיך ווייס ניט וואָס צו טאָן;
פאַרשוועגדט גוטע יאָרן
שטעלט אַ לעבן אין קאָן.

ער שטעלט זיך פלוצלינג אָפּ,
קיין כוח נישטאָ מער;
דאָס „פּעקל" פון לעבן
איז פאַר אים צו־שווער...

# מ׳וואַרט אויף פרייהייט

אַ ווינט און אַ קעלט
אין אונזער געצעלט,
דער הימל פאַרוואָלקנט שוואַרץ,
פאַרווייטיקט דאָס האַרץ.

מען לויפט אין די הייזער
פאַרווירט און פאַרשעמט.
פאַרצווייפלט געמיטער,
געביילטע זייגען הענט.

מען וואַרט אויף דער פרייהייט,
דאָס חיות גייט אויס;
מען האָפט און מען וואַרט,
דער יאוש איז גרויס.

## מיין פאָלקס ליידן

מיין שכל צו קליין
דאָס אַלץ צו פאַרשטיין,
מיין האַרץ דאָך איז ריין,
כ'האָב ליב וואָס איז שיין.

די וועלט — אַזוי קאַלט,
מיט צרות גאָר אַלט;
פאַרלירט איר געשטאַלט
ווייל דער אמת פאַלט...

טראַכט איך אַליין,
מיט האַרץ און געוויין:
צי קען ווער פאַרשטיין
אַז דער אמת האָט חן?

## גערעכטיקייט

אָ גאָט, גיי אַרונטער
פון דיין הייליקן טראָן,
באַווייז אונזערע שונאים
וואָס דו קענסט אויך טאָן!

מיר זיינען ניט הפקר
אין דער גרויסער וועלט —
„זיי" פאַרקויפן די בכורה
פאַר אַ זעקעלע געלט...

מיר פאַרלאַנגען ניט צופיל
— נאָר אַביסל רו און פרידן
מיר ווילן זיין רואיק
און לעבן ווי אידן!

## באַפרייאונגס־ליד

מיין הארץ טוט זינגען,
די גלאָקן זיי קלינגען,
מיט פרייד צו די גבורים —
וואָס פאַלן ניט כורעים.

שטאָלץ זינגט דער איד
דאָס באַפרייאונגס־ליד,
וואָס מערדער האָבן געוואָלט צעשטערן
און אונזער פרייהייט פאַרווערן.

מיט אונז איז תמיד גאָט,
די שונאים ער מאַכט צו שפּאָט;
אונז רו און פרייהייט געבן,
די וועלט זאָל לערנען ווי צו לעבן.

## קאָמוניסטן

איר בילט ווי ריזן,
מיט שאַרפע שפּיזן;
פאַר וועלט און אידן —
ניט דערלאָזן קיין פרידן.

איר זענט שוואַרצע כוחות,
מיט פאַרדאַרבענע מוחות;
מיט אייער „רויטע" געזיכט
פאַרשטעלט איר דאָס ליכט...

„די גרויסע" ווילן ניט הערן,
זיי ניט שטערן און פאַרווערן...
ליידן וועט די גאַנצע וועלט,
זיך ניט אויסקויפן פאַר געלט...

פעסיל שער־קאָסאָוו

## פּאָטער אין הימל

טאַטע, פּאָטער
האָר אין הימל,
פון דיר באַהאַלטן
קען מען קיין זאַך;
דו פאַרשטייסט דאָך
אַלע לשונות
פון געדאַנק,
פון האַרץ די שפּראַך...

בעט איך דיך
מיר העלפן ווייטער
גוטס צו טראַכטן
אַזוי ווי ביז היינט:
מאַכט ניט אויס —
וועגן יעדן איינעם —
און אויך פון שונאים,
ניט בלויז פון פריינט...

מיין מאַמע האָט מיר געלערנט:
ווער ס'קומט צו דיין טיר
עפן זי ברייט
און לאָז אים אַריין.
געדענק מיין צוואה
אויף שטענדיק כ'פאַרזאָג דיר.

# אַ שיינע וועלט, אָבער...

כ׳באַוואונדער דיך,
שיינע, ליכטיקע וועלט,
וואָס גאָט האָט דיך באַשאַפן מיט גענאָד,
און מענטשן צעשטערן דיך ביזן יסוד.

דער מענטש וויל ניט וויסן,
מען רייסט אַרום יעדער ביסן
דאָס האַרץ ווערט צעריסן,
פון רו מ׳קען נישט געניסן...
מ׳קען זיך באַגיין אָן מלחמות
ווען מענטשן זאָלן אַרויסווייזן רחמנות;
קיינעם קיין שלעכטס מער ניט טאָן,
און קיין לעבנס ניט שטעלן אין קאָן.

מאַמעס זייערע קינדער באַקלאָגן —
דאָס טייערסטע וואָס זיי פאַרמאָגן;
פון לעבן געשטראָפטע מיט פלאָגן,
קיין וואָרט זיי קענען ניט זאָגן...

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אין צווייפל

כ׳וויין און כ׳שריי צו גאָט מיט טרערן:
וואָס וועט מיטן רעשט פון דיין פאָלק ווערן?
אין איין עק־וועלט אונז דערדריקט מען;
אין צווייטן עק־וועלט — אונז דערשטיקט מען.

נישטאָ קיין אמת, יושר ביי די „פרייע";
בייטן זיך פירער — „דרייער" נייע...
דער איד בלייבט אַלץ אין צרות צעקלעמט,
מיט ווייטיק אין הארץ דערדריקט און פאַרשעמט...

מען בעט, מען פאָדערט — „זיי ווילן ניט וויסן",
„זיי" זיינען די פירער — אונזערע הערצער צעריסן...
פרעג איך דיך, גאָט, מיט געוויין און טרערן:
ווילסטו דיין פאָלק אינגאַנצן צעשטערן?

## טרויער

וואָס גיסט איר זיך, טרערן,
וואָס דריקט איר מיין הארץ?
וואָס טוט איר באַגערן
ווען ס׳קומט אָן מיין הארבסט?

איר וועקט איר מיר אומעט
און פינצטערע שרעק,
איך קלאָג אויף מיין אומה,
אויף איר ליידפולן וועג.

# לירישער מאָטיוו

גאָט האָט מיך באַשאַפן
מיט שטימונג, געזאַנג,
אין יעדער פּאַסירונג
פֿיל איך אַ קלאַנג.

פֿון ווייַנען, פֿון לאַכן
כ׳מאַך אַ פֿערז, אַ ליד,
— מער פֿון אַלע זאַכן
איז מיר טייַער דער איד.

תמיד טראַכט איך
פֿון זייַן צווייפֿל און לייד,
מייַן פֿאָלקס שׂמחה איז מייַנע,
איך טייל מיט זייַן פֿרייד.

איך פֿרייַ זיך מיט מייַן פֿאָלק
און וויין אין זייַן פּייַן.
מייַן האַרץ איז מיט אים,
און ער איז מייַן שייַן.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## מיר טאָרן ניט רוען

מיר אידן טאָרן ניט רוען —
מאַרשירן אין די גאַסן
פאַרלאַנגען צו ישראל
פאָרן זאָלן מאַסן.

ס'זאָל חלילה ניט זיין צו שפּעט
ס'איז פינף מינוט צו צוועלף
מיר מוזן קעמפן פאַרן פאָלק
מיט די בייזע וועלף.

אַלע אידן, פון אַלע קלאַסן
מוזן גלייך אַהינצו פליען!
אין אומצאָליק גרויסע מאַסן
צו ראַטעווען אונזער ציון!

## בענקשאַפט קיין ציון

ס'נאָגט און ס'ציט מיר אַהין,
פון וואַנען כ'בין נאָר־וואָס געקומען;
כ'זע נאָך די ליבנדע אויגן,
די פרישע ישראלדיקע בלומען.

זיץ איך אַצינד און טראַכט,
ווי דאָרט זיך באַזעצן און לעבן;
די יאָרן ביז איצט אין דער פרעמד
האָבן מיר קיין גליק ניט געגעבן...

כ'בענק אַהין, דאָרט וועט מיין האַרץ
ווידער זיך דערפרישן.
כ'וועל דאָרטן פריי זיין און פריילעך
איך וועל פון ישראל געניסן.

# ארץ ישׂראל

איך האָב ליב ארץ-ישׂראל
מיט אירע שיינע פּאַנאָראַמען;
איך האָב ליב ארץ-ישׂראל —
דער אַלט-יונגער מאַמען.

איך האָב ליב ארץ-ישׂראל
מיט אירע גאַסן ריינע;
איך האָב ליב ארץ-ישׂראל
מיט אירע קינדערלעך די שיינע.

איך האָב ליב ארץ-ישׂראל —
ירושלים: די האַרציקע, די ליבע;
איך האָב ליב ירושלים
מיט עולים עלנטע און טריבע...

איך האָב ליב תּל-אָביב
מיט אירע רווישנדיקע גאַסן;
איך האָב ליב תּל-אָביב
מיט אירע אידישע מאַסן.

איך האָב ליב די שיינע חיפה,
די שטילע, רויִקע, באַשיידן;
איך האָב ליב די שיינע חיפה,
וואָס דערמאָנט אַ גן-עדן.

איך האָב ליב אַלע קיבוצים:
די פרייע און די וואָס זיינען פרום;
איך האָב ליב אַלע קיבוצים
און די וואָס שיצן זיי אַרום.

פעסיל שער־קאַסאָוו

איך האָב ליב ארץ־ישראל
פון מיין פריסטער יוגנט־אָן;
דורכגעמאַכט פיל געפאַרן
און געשטעלט מיין לעבן אין קאָן...

## ביים ים

כוואַליעס שטראָמען —
געמיט איז דערשלאָגן...
מענטשן אין צווייפל — דאָך
וואָס קען מען זאָגן?

אנגעשטרענגט וואַרט מען —
פון טאָג צו טאָג —
וואָס דער מאָרגן קען ברענגען
פרייד צי חלילה פּלאָג?

עס שליידערט דער ים —
די כוואַליעס מיט כעס
— דער אָטעם פאַרכאַפּט
אין הויז און גאַס.

מען גלויבט, מען האָפט
דער פרידן זאָל קומען —
די נערוון צעריסן...
די ליפּן, זיי שטומען.

# מיין לעבן פאַרן פאָלק

אין 1903 בין איך נאָך געווען אַ קינד,
דאָך שוין דערשפּירט דעם ווייטיק געשווינד;
ווי אַ קינד פון אידן, פאַרשטאַנען שוין גוט,
ווי מ׳פּייניקט מיין פאָלק, מ׳פאַרגיסט אונזער בלוט.

ס׳האָט גענומען זיך וועבן פאַר ציון אַ פאַרלאַנג,
גענומען שטרעבן — מיט האַרץ און געזאַנג;
ביז מיין עלטער לאָזט מיך ניט אָפּ
מיין לעבן פאַר ציון, מיין האַרץ און מיין קאָפּ.

געבויט און געשאַפן פאַר יאָרן־לאַנג,
טו איך מיין אַרבעט מיט מוט און מיט דאַנק;
דערלעבט האָב איך נחת פון מיין לענדעלע פיל,
געווען דאָרטן אַ סך מאָל, געהאָלפן זיי שטיל.

געבויט דאָרט אַ קינדער־היים פאַרן נייעם דור,
ס׳זאָלן זיך מערן משפחות פון יאָר צו יאָר;
מיר בעטן גאָט פאַר אונזערע העלדן: מיט קראַפט,
וואָס היטן אונזערע גרענעצן: בייטאָג און ביינאַכט!

שאַפן און בויען און באַנייען אַ פאָלק,
לעבן אין אחדות מיט חשבון און טאָלק;
לעבן מיר מוזן ווי אייגענע ברידער,
בויען און בויען ווידער און ווידער!

פעסיל שער־קאָסאָוו

## ציון־ליד

ציון, ציון, לאַנד פון אידן,
אַך ווי ס׳ציט צו דיר מיין האַרץ;
ווען איך דערמאָן זיך אָן דיין שיינקייט,
נעמט מיך אָן אַ טיפער שמאַרץ.

איצט נאָך זיינען מיר אין גלות,
פונעם היימלאַנד זייער ווייט;
און דעם צייכן פון פאַרפאָלגונג
האָט געלייגט אויף אונז די צייט.

(צוזאַנג)
הויבט דעם בעכער, ברידער, העכער,
טרינקט דעם גוטן כרמל־ווין — (3 מאָל)
מיר וועלן נאָך אין ציון זיין!

כ׳האָף אַז אונזער צייט וועט קומען,
אַז דער קול פון שוואַכן איד
וועט זיך הערן הויך אין ציון,
אין אַ שיינעם יובל־ליד.

און פון שווערן, לאַנגן גלות
וועט מען ענדלעך ווערן פריי;
און דעם גוטן וויין פון כרמל
וועט מען טרינקן אויך דערביי.

# אויפן וועג קיין ישראל

ס׳שפּילן זיך שאָטנס אונטער דער זון,
אַ הייליקייט שפּרייט זיך אויף אַלץ וואָס אַרום.
איצט, אויפן ים, ניטאָ קיין האָריזאָנט —
ס׳רופט אַרוים אַ תפילה, אָן גאָטהייט דערמאָנט...

פאָרן מיר איצט, צו אונזער הייליק לאַנד.
ביי אונז איז דאָס טייער, אַ גרויסער געשאַנק!
באַגריסן אונז כוואַליעס פון אידישן ים,
מיט ליבע זיי שפּיגלען סיי פרוי און סיי מאַן.

מיר ווינטשן ניט פיל — נאָר רואיק לעבן,
מיט הארץ און געפיל צו פרייהייט מיר שטרעבן!
וואָס טוען די שכנים? — ביי זיי בלוט איז וואַסער,
האָבן באַשאַפן אַ גולם און רופן אים נאַסער...

שפּרייט ער זיין גיפט אין יעטווידן הויז
פאַר זיין העסלעכער פירונג זיך שרעקט ווי אַ מויז.
מיר, פאַר זיין „גבורה" האָבן קיין מורא,
מיר גייען מיטן אמת — פון גאָט און זיין תורה.

פעסיל שער־קאַסאָוו

## אונזער פרייהייטס ליד

מזל־טוב, ישראל —
זאָגט אַלע מיט אַמאָל;
זאָל יעדער צולייגן אַ האַנט —
מיר האָבן ווידער אונזער לאַנד!
אויפגעריכט געוואָרן פונדאַמענט
און פון צרות מיר ווערן פריי.

(צוזאַנג)
ישראל, ישראל: וועסט נאָך ווי אַמאָל
לערנען תורה הויך אויפן קול.

אין די אַלע בייזע לענדער,
וואו דו ביסט געווען אַ פרעמדער,
פלאַטערט איצט אַ שטאָלצע פאָן.
און אידן קיין ישראל קומען אָן.

מיט פופציק יאָר צוריק
וואָלט דאָס געווען אַ גליק!
ווען הערצל וואָלט דאָס דערלעבט,
צו וואָס ער האָט געשטרעבט.
פון ציון, פאַלעסטינע — אַ אידישע מדינה!

# מיט „יורדים" פון ישראל

איך בין ערשט אצינד
פון ישראל געקומען,
אויף ישראלס שיף
קינדערלעך ווי בלומען.

די מאַמעס און טאַטעס
שיין אויסגעצירט,
געוועזענע קאַצעטלערס
ערשט אין לאַנד אַריינגעפירט.

מען פרעגט זיי פאַרוואָס
זיי פאַרלאָזן די היים,
איז זייער ענטפער מיט פאַרדראָס,
אַז ס'איז זיי ניט צו פאַרשטיין...

„מיר פאָרן געניסן
אַביסעלע גליק;
אָנזאַמלען געלט
און פאָרן צוריק..."

די קינדערלעך העברעאיש
זינגען און טאַנצן;
אין „האָראַ" זיך דרייען —
די אויגעלעך גלאַנצן.

פעטערס און מומעס
רופן פון ישראל אַרויס,
ווערט ביי זיי דער חשק
צו אַמעריקע גרויס...

די קינדערלעך ווילן ניט
פאַרלאָזן זייער היים,
זיי פאַרגינען טרערן
אין אַ ביטער געוויין.

שפּעטער וועלן זיי האָבן
פיל פאַרדראָס,
אָבער אַמעריקאַנער דאָלאַרן
האָבן אַן אַנדער מאָס...

## עס ציט מיין האַרץ צו דיר

ישראל מיין לאַנד, איך ליב דיך,
ס׳איז מיר אַזוי שוין באַשערט;
מיין האַרץ עס ציט צו דיר,
פון קיינעם פאַרווערט!

איך חלום פון דיין שיינקייט,
פון דיין ליכטיקער זון;
מיין האַרץ צו דיר בענקט —
צי ווייסט דען דערפון?

מיט גאָלדענע פעדעם
ביסט אין מיר פאַרהאַפט;
פון מיין פריער יוגנט
נאָך דיר שטענדיק געגאַפט.

דיינע געטלעכע בילדער
זע איך אין מיין שלאָף;
מיין האַרץ ווערט מיר מילדער,
צו מיין אומרו נעמט אַ סוף...

## ישראל רופט

אויפן שוועל פון דעם דריטן מיליאָן
וואָס מיר דערוואַרטן אַצינדער;
קומט, טייערע, ליידנדע אידן —
יונגע און אַלטע, עלטערן און קינדער.

דאָ וועט איר אייער רו געפינען
אוים מיט מורא פאַר טיראַנען;
איר וועט זיך פילן צווישן אייגענע ברידער,
ניט קיין פאַרשטעלטע מאַראַנען.

ניט דאַרפן מער זיך אויסבאַהאַלטן,
ניט פאַרלייקענען דעם נאָמען איד;
ניט פאַרשטעקן זיך אין שפּאַלטן —
קומט און זינגט דאָס פרייהייטס ליד!

## ישראל אין יוני 1956

דאָס האַרץ עס ציטערט
מיט ליבע צום לאַנד,
עס זאָל נישט געלינגען די „שכנים"
צו ברענגען עס, חלילה, צום ראַנד.

גראָבט מען טרענטשעס,
און בונקערס אַרום;
מען רעדט פון דעם וויניק,
מען הערט נישט קיין זשום...

מיט יעדן טאָג וואָס גייט פאַרביי,
אַלץ שטאַרקער ווערט דער בטחון:
עס וועט נסים באַווייזן די ישראל־אַרמיי,
און באַזיגן דעם בלוטדורשטיקן שכן.

## צוריק אין הייליקן לאַנד

אָט בין איך ווידער אין הייליקן לאַנד,
צו באַזוכן דערפֿער און שטעט;
כ׳שטרעק אויס מיט שלום מיין האַנט
און שעפּטשע אַ שטילן געבעט.

כ׳האָב פאַרשידענע לענדער באַזוכט,
און אין ערגעץ געפונען קיין רו;
געאַרבעט, געשמייעט, געבויט,
קיין באַשייד נישט געפונען דערצו...

איצט, ביים סוף פון די יאָרן,
געכאַפּט זיך אַביסל צו־שפּעט;
ווען כ׳בין שוין אַלט און גרוי געוואָרן
און בין שוין „פאַרפאַרן״ העט־העט...

וויינט מיין האַרץ אויף די יאָרן,
וואָס פאַרגאַנגען זיינען שוין וייט;
די שענסטע יוגנט פאַרלאָרן,
די טייערסטע, בעסטע צייט...

## מיין לאַנד ישׂראל

אין דיינע ראַנגלענדיקע טעג
איז דערדריקט מיין געמיט;
לייד איך טאַקע אָן אַ ברעג,
און קיין טרייסט געפין איך ניט.

דיינע רואיקע טעג
ברענגען מיר פרייד;
חלילה, פאַרקערט —
פיל איך צרות און לייד...

# אַ מאַמעס געבעט

גיי, מיין זון, קעמף קעגן וואַמפּיר,
וואָס וויל פאַרניכטן דיר און מיר.
פאַרליר קיין צייט, און טו דיין פליכט,
און קער אום צוריק די גערעכטיקייט-ליכט.

דאָס לאַנד אונז געגעבן לדורות האָט גאָט
און ער וועט באַשיצן דיך מיט זיין גנאָד.
גיי און באַזיג
און קום בשלום צוריק.

# זעקס מאָל אין ישראל

דעם זעקסטן מאָל אין ישראל געווען,
ווינש איך אייך פריינט, זיין דאָרט און זען:
ווי גליקלעך, ערלעך, מען בויט און שאַפט —
אַפילו אין אומרו, ביי טאָג און ביי נאַכט.

פאָרווערטס, פאַרן צוקונפט:
מען בויט און מען זייט!
מיט ליבע איעדער
אַרבעטן גייט.
אָט אַזוי וואַקסט, אַ לאַנד אַ נייע —
פאַרן געליטענעם פאָלק!
פאַר גלייכהייט — און פרייע.

ליבע און בענטשונג
צו די פירער און ברידער!
מיט האָפענונג זען זיך
מיט זיי נאָך אַמאָל ווידער.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# תל אָביב

די לעצטע זונען-שטראַלן
אויף די בוימער-שפּיצן,
גאָלד אויף די שויבן לייכט:
שיינט מיט גליענדע בליצן.

קינדערלעך פון שולע פריי
שפּילן זיך און טאַנצן;
דרייען זיך אין קאַראַהאָד —
די אויגעלעך ביי זיי גלאַנצן.

פרייען זיך די עלטערן
פרייען זיך די קינדער;
אין אַן אייגן לאַנד צו זיין —
ווערן יאָכן גרינגער!..

איינעם גייט ניט „פויגלדיק",
אַ צווייטן — אַ שלעכטע מערכה,
אָבער, אַלץ איז גוט און ליב —
ווייל, אייגנס איז אַ ברכה!

## אין תל אָביב ביים ים

גרויסע כוואַליעס — ווייסע,
זאָגט נאָר אַצינדער —
וואָס וועט געשען וועט מיט ישראל,
מיט די אידישע קינדער ? !

שיפעלעך דאָ פאָרן
הין און צוריק —
געבעט און טרערן
אין יעדן מענטשנס בליק ! . . .

מיר קוקן אויף די כוואַליעס
אין שטורעמדיקן ים —
אויב שלאָגן זיך, איז שלאָגן
מיט שטאָלץ און מיט פלאַם.

## אין ישראל — 1956

די שונאים אַרום —
זיי פאַרגינען ניט די רו.
שלעפן זיי אַלע שוואַרצע כוחות
צו זיך צו ! . . .

ס'וועט זיי ניט געלינגען
אונז פאַרניכטן, צעשטערן.
גענוג אונז געמאַטערט !
אין בלוט און אין טרערן.

איר פאַרגינט ניט די רו,
איר לאָזט אונז ניט לעבן.
מיר האָבן אַזויפיל געצאָלט
און קרבנות געגעבן !

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אַ חלום

מיין היימישע שטיבל
איז צו חלום מיר געקומען:
אַרום די קליינע פענסטערלעך —
די רויזן און בלומען.

דער טאַטע לויפט צום ערשטן מנין
אין פראָסטיקן פאַרטאָג.
ביים דאַווגען ער מוז קריגן
פאַר דעם „אָרעם-בחור" אַ טאָג!

נאָך פינצטער אין דרויסן —
די מאַמע טוט שוין פעדערן פליקן,
פאַר מיידלעך־יתומות נדן —
אַ מאַן אַ למדן קריגן.

און אָט, זע איך די פענסטער
פאַרפראָרן: מיט „אוזאָרן"...
אַ לאַנגע צייט אַוועק!
פאַרלאָרענע יאָרן...

## „איבער די וואָלקנס"

אל על — אל על
זאָלסט דינען אַן חסרון
יאָרן און יאָרן
דעם אידישן כלל.
אידישע טעכטער
און אידישע זין:
אונז פירן נאָך ציון —
אהין — אהין!
בענטש זיי גאָט —
פאַר דויער און שטאַנד!
מאַסן צו פירן —
צום הייליקן לאַנד!

## צום חלוץ

האָבן מיר אַ שייער
פול ווייץ-און-קאָרן
ס'אָטעמט זיך פרייער —
און פאַרלענגערן די יאָרן!...

טאַ ארבעט-זשע, חלוצל,
און איך מיט דיר גלייך!
גאָט — זיין נאַטור
איז אזוי ערלעך רייך!

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אונזערע צוויי העלדן — געהאַנגען

מיט אַ שבועה פאַר אייך,
אונזערע הייליקע מאַרטירערם,
אין מאַסן זאָלן מיר שטראָמען —
נישט נאָר איינציקע פירערם...

לאָמיר אַלע שווערן
צו קעמפן פאַר אונזער רעכט!
אונז קען שוין ניט זיין ערגער —
ס'איז אונז ביטער און שלעכט!

פאַרניכטעט זאָל ענגלאַנד ווערן
מיר אירע „פרייע" פירערם
זיי האָבן אומגעבראַכט לעבנס —
אונזערע הייליקע מאַרטירערם!

מיט פאַרביסענע ציין — און געוויין,
מיט אַ געבויגענעם קאָפּ
קני איך פאַר אייך,
אונזערע הייליקע! טיף אַראָפּ!...

# אויפן שיף פון ישראל

ס׳שניידט די שיף דעם רוישיקן אָקעאַן —
אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן, אַ שפּאַן נאָך אַ שפּאַן.
מיט דער אידישער פאָן, אַ איד — אַ קאַפּיטאַן —
אַ וואויל־סאָלידער יונגערמאַן.

די גאָלדענע זון אונז ליב באַשיינט
אויף ישראלס שיף — מיר יום־טובן היינט!
ס׳רופן אידן צו אונזער לאַנד קומען;
באַגריסן זיי מיט ליבע און בלומען.

אונזערע טירן איז פאַר אַלעמען אָפן!
גענוג שלעכטס האָט מיט אונז געטראָפן!
אין אונזער לאַנד וועט איר מוט געפינען,
זיך צו פילן זיכער — האָט אַ זינען!...

אין פרעמדע לענדער זיך איינבעטן —
שפּעטער דורך צרות — לויפן זיך רעטן...
הויבט אויף אייערע קעפּ! זייט שטאָלצע אידן!
אין פרעמדע לענדער איז מען קיינמאָל צופרידן!...

ניט שטענדיק איז גרינג דאָס לעבן —
מוזן מיר צו אונזער אייגן לאַנד שטרעבן.

לאָמיר אין מאַסן גיין צוזאַמען
צו אונזער ליבער אַלט־יונגער מאַמען!

פעסיל שער־קאָסאָוו

## מיינע עלטערן

אין אָרעמקייט און לייד
האָבן זיי געלעבט,
צו וואוילטאָג און צו פרייד
זיי האָבן ניט געשטרעבט.

ניט געהאַט קיין פאַרלאַנגען
פונעם לעבן צו פיל
זיי זיינען זייערע יאָרן געגאַנגען
תפילהדיק — שאַ־שטיל.

## מיין מאַמע

מיין מאַמינקע די אָרעמע
איזליידנדיק געווען,
געאַרבעט שווער, געהאָרעוועט,
די וועלט ניט אָנגעזען.

די קינדער האָט זי געהיט,
ווי אַ פאַסטעך זיינע שאָף,
ביז אַלץ האָט זיך געענדיקט
און געקומען איז דער סוף.

קיין גוטס האָסטו אין לעבן
וויניק וואָס געהאַט
און זעלטן ווען אַ מאָלצייט
געגעסן האָסטו צו זאַט.

# דערמאָנונג

איך געדענק מיין מאַמען,
נאָך אַלס קינד:
די כּשרע, די פרומע,
מיט ליבשאַפט און הארציקייט
געקלאַמערט צו איר אומה —
געווען ריין פון זינד.

שבת צו־נאַכטס,
דער ערשטער שטערן
האָט זיך שוין באַוויזן;
די גרויסע וואָלקנס
אין הימל, מעכטיקע —
גרויסע ריזן.

די מאַמינקע, די טייערע,
וואַשט די הענט אָן די שויבן;
דעם ליבן שבת דורכלאָזן —
די הייליקייט דערהויבן.

פעסיל שער־קאַסאָוו

## ביזט אַוועק אַזוי יונג

מאַמעלע טייערע, האַרציקע מיין,
תמיד וועסטו לעבן, אין האַרץ ביי מיר זיין,
כ׳דענק פון דיר, מיט ווייטיק און פיין.

ס׳דערמאָנט מיך ווי שווער דיין לעבן פלעגט זיין,
האָסט געטרונקען דעם כוס פון ביטערסטן וויין...
און יעדערנס צרות פלעגט אין האַרץ דיר אריין.

געווען איז דיין לעבן ביטער און שווער,
כאָטש זייער קליין איז געווען דיין באַגער,
ביסט אַוועק אַזוי יונג, ניט געזען דיר מער...

גאָר יונג האָסט פאַרלאָזן די טרויעריקע וועלט,
די וועלט אין אַוועלכער ס׳האָט אַ סך דיר געפעלט
און אידישע דורות אין איר אויפגעשטעלט.

## באַלד וועלן מיר צוזאַמען זיין

ליבע, טייערע מאַמעלע מיין,
אַט באַלד וועלן מיר צוזאַמען שוין זיין...
פאַרלאָזן האָב איך דיר
מיט פיל יאָרן — אַליין;
דאָס האַרץ האָט געריסן
פון דיין עלנט געוויין.

נאָך דיר אימער געבענקט,
און בענק נאָך אַצינד;
אויף מיינע עלטערע יאָרן
איך בענק ווי אַ קינד...

## מיין שוועסטערל

כ׳געדענק, ווי נעכטן וואָלט עס געווען,
מיין שוועסטערל איז געבאָרן;
ס׳קומען פריינט, גיבן אָפּ מזל-טוב:
זאָל זיין געזונט, אויף לאַנגע יאָרן.

דער טאַטע איז נישט צופרידן,
געוואָלט אַ אינגעלע האָבן;
איבער הונדערט צוואַנציק יאָר
זאָל נאָך אים קדיש זאָגן...

קיין אונטערשיד פאַר דער מאַמען,
זי איז אַ האַרציקע, אַ גוטע,
קוועלט אָן פון דעם עופעלע —
אַ גליקלעכע, אַ באַרוטע.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## מיין שוועסטערס יובל

דאָס לעבן גליטשט זיך,
ווי אויף אַ אייזיקן וועג,
מען לויפט, מען פליט,
נאָר ווייט פון אַ ברעג...
איז מוז מען מאַכן
דאָס בעסטע אין צייט,
מ׳מיינט ס׳איז דער אָנהויב,
מ׳האַלט אָבער ווייט.

פאַרזיסן די טעג,
פאַרהיטן די מינוטן,
פאַרהאַלטן די יאָרן —
צום בעסטן, צום גוטן...
טאָ זיי־זשע גליקלעך
אין די קומענדיקע דרייסיק —
די קומנדע דרייסיק —
זאָל ניט פעלן קיין האָר!

# מיין חברטע

וויכנע מיין חברטע,
האַרציקער פריינט,
פאַרשפּראָכן כ׳האָב דיר
צו קומען;
היינט ליגסטו אין קבר
פאַרעלנט דאָרט ווייט.
כ׳ברענג דיר
אַ קראַנץ ווייסע בלומען.

דיין נאָמען איז ניט פרעמד
אויך צו פילע,
סיי אין „פאָרווערטס״,
און „פרייע אַרבייטער שטימע״,
דיין ווילנער קעלער
געווען איז באַשריבן
וואו רעוואָלוציאָנערן
האָבן זיך צונויפגעקליבן.

היינט ליגסטו
אין סאַן פראַנציסקאָ אַליין,
פון אַלע פאַרגעסן,
פאַרלאָזן;
נאָר איך, מיין טייערער,
האַרציקער פריינט,
פלעכט דיר קראַנצן
פון בלומען און גראָזן...

פעסיל שער־קאַסאָוו

## צו סילוויען

צו חברה סילוויע,
אַ מענטש און אַ פריינד,
ווילט זיך מיר שרייבן
אַ בריוועלע היינט.

געטראָפן זיך לעצטנס
מיר האָבן אין מיאַמי,
ביסט אַלץ נאָך האַרציק
ווי אַן אייגענע מאַמע.

אַ טאָכטער אַ געטרייע
דו ביסט פון פאָלק און לאַנד
מיר גייען אויף איין וועג אַלץ
אויף אייביק, און ביינאַנד.

## רבקהלע

ליבע טייערע ריוועלע,
באַקומען כ׳האָב דיין בריוועלע.
מיט פאַרגעניגן עס געלעזן,
און זיך געפילט גענעזן...
איך האָף נאָך פיל צו קריגן —
ס׳וועט זיין אַ גרויסער פאַרגעניגן.
דו מיט דיין מאַן זאָלן גליקלעך לעבן,
צו אַלעם גוטן איר זאָלט ביידע שטרעבן.
כדי ניט פאַרגעסן אמתע פריינט,
שרייב איך דיר אַ בריוועלע היינט.
דיין שיינע אַרבעט גיב ניט אויף!
מיט דעם שפּייזטו דיין נשמה און גוף.
טאָ זיי־זשע גליקלעך און צופרידן
און פאַרגעס נישט אויך דיינע אידן.

# צו מיין חברטע ליוביטשקע

ליוביטשקע טייערע,
דו חברה מיין —
שיינע מינוטן געווען
מיט דיר צו זיין.
דיין טרייהייט צום פאָלק
דיין פּנים, ער רעדט,
דיין יעדער וואָרט —
אַ ברכה, אַ געבעט.
כ׳האָף זיך צו טרעפן
מיט דיר נאָכאַמאָל,
ווייל אונז ביידן רופט
אַ הייליקער קול.
זיי מונטער און שטאַרק,
מיט דיין אַרבעט גיי אָן,
פאַר אונזער לאַנד
פאַר דער ווייס־בלויער פאָן.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# די אָרעמע ריווע

מיין באָבע, די אָרעמע ריווע איז אין איר צימער געזעסן,
פאַרוויינט און פאַרקלאָגט — פאַרגעסן צו עסן...
מען האָט צוגענומען איר איינציקן קדיש פאַר א סאָלדאַט,
זיצט זי א צעבראָכענע, מיד און מאַט.

איי, אַזאַ אומגליק, אַזאַ יללה
— וואָרום קומט איר אַזאַ קללה?
זיצט די אָרעמע ריווע פאַרוויינט און באַנומען
פאַרוואָס האָט מען איר איינציקן קינד צוגענומען —
האַלט זי אין איין וויינען און קלאָגן.
ווער וועט נאָך איר קדיש זאָגן?

האַלט זי, די אָרעמע, אין איין גיסן טרערן:
וואָס וועט פון איר איינציקן יתומ׳ל ווערן?
אַזוי איז זי געזעסן פופצן יאָר אַליין,
ביז גאָט האָט דערהערט איר טרויער־געוויין,
און לייזערקע איז שוין געקומען אַהיים...

## מיינע ליבע חברות

מיינע צוויי טייערע חברטעם,
איך שאַץ אייךביידן גלייך;
מיט מעלות און מיט וויסן
ביידע געוועזן רייך.

מאַניע שובאַוו — איידל און שיין;
רבקה ליבשען — האַרציק מיט חן.
ביידע נשמהדיק, ערלעך און ריין.

ווי איר פעלט מיר איצט ביידע
אין מיין אָרעמען געמיט;
כ׳קלער פון אייך ביידן.
כ׳פאַרגעס אייך קיינמאָל נישט!

## דאָס ווייסע שטיבעלע

אויפן באַרג שטייט אַ שטיבל פאַרטראַכט,
צוויי מענטשלעכע הערצער דערין,
ביים זייט דער עפלבוים ווערט שוין רויט,
בליקן די אויגן מיט ליבע אַהין.

זיי זיינען ניט רייך אין מענטשלעכן נעסט,
זיי אַרט ניט דער שניי און די פרעסט.
דאָס שטיבל דאָס ווייסע לעבן דעם טייך
צום וואַסערל מורמלט: מיר זיינען רייך.

# ווידער אין שפּיטאָל

מיין מאַן איז ווידער אַוועק אין שפּיטאָל,
איז ווידער צרות, אַנגסט אָן אַ צאָל ;
ציטערט דאָס האַרץ מיט ווייטיק פיל,
ס'קען זיך ניט באַרואיקן, ווערן שטיל.

שלאָפלאָזע נעכט, חלומות אַזוי פיל,
ס'ציט זיך די צייט גאָר אָן אַ ציל ;
צווייפל און ווייטיק דריקן מיין האַרץ,
און האָב נישט קיין מיטל צו היילן מיין שמאַרץ.

זיץ איך אַליין איינזאַם און טראַכט,
ביים טונקעלן לעמפּל אין אַ פינצטערער נאַכט;
שווערע מחשבות באַפאַלן מיך מיט שרעק,
גאָטעניו, מאַך צו מיינע צרות אַן עק.

כאָטש אָן מידקייט איך פיל אין די גלידער,
פון שלאָפן קען קיין רייד נישט זיין ;
גרויזאַמע בילדער איך זע און ווידער,
מיין אומעט איז דערשלאָגן פון צרות און פיין.

# פורים

נו, אָט האָבן מיר א נייעם פּורים,
וואו דער איד לעבט דורך גרויסע יסורים.
המנ׳ס קומען פון אַלע זייטן,
די זעלבע ממש ווי אין די אַלטע צייטן...

מיט פאַרשידענע כלי-זיין זיי ווילן אונז פאַרניכטן,
אָבער גאָט האָט געשריבן אַנדערע געשיכטן...
ווען מיר וועלן אונזער לענדעלע באַקומען,
דאַן וועט די וועלט שמעקן מיט פאַרפיומען.

די וועלט וועט לערנען פון אידן
ווי צו האַלטן טייער פרידן.

# שלח־מנות...

שלח מנות, קינדערלעך,
מוזן מיר גלייך שיקן;
אונזערע ליבע חלוצים
מיט פריינטלעכקייט דערקוויקן.

היינטיקן פּורים שרייבט דער איד
א נייע קאַמף-מגילה
מוזן אידן זאָגן פרום —
איצט א נייע תפילה..

פעסיל שער־קאַסאָוו

## מען באַקט מצות

אויף מאָרגן, נאָך פּורים, מען עפנט פּאַדריאַדן
אַלץ צוגעגרייט, קיין עין־הרע זאָל ניט שאַטן...
אַ כּשר טונכל וואַסער און מעל צום באַקן,
מען נעמט פאַר משגיח מיין פרומען טאַטן.

די מעשענע מעדניצע, ווי גאָלד זי שיינט,
ווייסט איר קינדער, וואָס יום־טוב מיינט היינט?
מיר כאַפּן אַביסעלע פּסח׳דיקע וואַסער —
שרייט מען אויף אונז און מ׳רופט אונז נאַשער...

מען וועלגערט, מען רעדלט אויף בלעכענע טישן,
דער זעצער מיט לאָפּעטע און לאַנגן שטעקן;
די קנעטערין געבויגן, אין קאָפּ־טיכל מיט עקן —
האַלט זי אין איין קנעטן און קנעטן.

מ׳קנעט און וועלגערט מיט לעצטער קראַפט,
פון זעקס אינדערפרי ביז צוועלף ביינאַכט;
אין אָנפאַנג מען פילט ניט די שווערע פּראַצע,
וואָס הייסט אַ „פּאָדריאַד" מיט כּשרע מצה...

דער זעצער ביים הייסן אויוון שטייט,
דער שוויים זיך גיסט, דער פּנים — רויט;
די רעדלערס הענט פליען הין־און־צוריק —
אַ ווינטער געוואַרט אויף דעם „גרויסן גליק"...

די בעל־הבית׳טע יאָגט מ׳זאָל אַרבעטן גיך,
מען מוז דאָך פאַרדינען אויף קלייד און אויף שיך...
שניידט זי דאָס טייגל פון „מיירע" מיט טאַקט,
און וואַרפט „אַן אויגל" אויפן זעצער וואָס באַקט.

## לידער

זי היט אַז די מצה זאָל זיין גאַנץ און פיין,
מצה צום סדר איז וויכטיק ווי כּשרע וויין;
און אַט נעמט מען, ענדלעך, אונזערע באַקן —
טרוקן, מחיה, אונטער ציינער זיי קנאַקן...

און באַלד ברענגט מען דעם קויש מצה אריין,
דער טאַטע מאַכט חרוסת פון עפּל, ניס און וויין;
די מאַמע, ביים שטייסל, מאַכט פאַרפל-מעל,
עס שמעקן שוין די פיש, די קניידלעך אַזוי געל...

מיר, קינדער, דערוואַרטן דעם סדר מיט דאַנק,
ווער ס׳גנבעט דעם אַפיקומן, באַקומט אַ געשאַנק;
אַט האָב איך דאָס „גליק", אַפיקומן דערטאַפּט —
האָט מיין עלטערע שוועסטער ביי דער האַנט מיך
געכאַפּט...

איז דער טאַטע צו-הילף געקומען אונזביידן
און פאַרשפּראָכן פאַרגיטיקן אונזערע ליידן...
איי, קינדערשע יאָרן, שיינע הארציקע טעג,
נאָך אייך טוט מען בענקען גאָר אָן אַ ברעג...

## 1948

פּסח, פּסח יום-טוב פרייער,
און מיר שעצן גאָר דיך טייער;
פּסח, פּסח, וואָס קענסטו געבן
אַז מיר זאָלן פרייער לעבן?
קענסטו אונזער פאָלק באַפרייען
אין דעם פרילינג אין דעם נייעם?
מאַך די פּרעה׳ס ווי די האָזן
זאָל זיי דער ווינט אין ים פאַרבלאָזן.
און מיר זאָלן אָן קיין מורא
דינען ערלעך אונזער בורא.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## שבועות

קינדער, קומט שוין
בלומען רייסן,
אָנגעגראָבן
זאַמד דעם ווייסן.
שבועות גייט שוין קומען!
אַ יום־טוב פון זון און בלומען.

ווייסן זאַמד
די פּאָדלאָגע באַשיטן,
די קרענצלעך בלומען —
ס׳האַרץ ערקוויקן.
די בלינצעס וואָס די מאַמע
טוט באַקן
צעגייען אין מויל,
אונטער ציינער קנאַקן...

די קינדער אין פעלד
פול מיט לעבן.
אַ דאַנק צו גאָט,
האָסט אונז די תורה געגעבן.
מען שפּרינגט. מען טאַנצט.
מען רייסט די בלומען
שנעל אַ היים —
דער טאַטע וועט באַלד קומען!

מיט פאַרכט, דרך־ארץ
פאַרן טאַטן און בורא.
אָבער פאַר די שקצים
האָט מען מורא...

לויפט מען אַהיים
מיט בלומען קראַנצן,

און די פיסעלעך
שפרינגען, טאַנצן.
און מען פרייט זיך
מיטן לעבן,
אַ דאַנק דיר גאָט
האָסט די תורה אונז געגעבן!...

## שבועות

קינדער, קומט רייסן אַאיר *),
שבועות קומט שוין אָן;
די זון שיינט ערלעך, טייער,
מען מוז דאָך עפּעס טאָן.

לויפן מיר אין וואַלד אַריין,
באַלד וועט טאַקע אַאיר זיין;
פאַרן פאַדלאָגע און די ווענט,
פרייט זיך, פּלעסקעט מיט די הענט.

לויפן מיר אין וואַלד צוזאַמען,
טאַנצן מיר און שפרינגען;
צופרידנשטעלן די גוטע מאַמע,
אויף צווייגן פויגלען זינגען.

די מאַמע וועט דאָך בלינצעס מאַכן,
און אַ סך נאָך גוטע זאַכן;
צום שטילן טייכל וועט מען גיין,
אויסגעפּוצטע, שיין און ריין.

שבועות, אַ ערלעכער יום-טוב,
ס'אָטעמט זיך פריש — מיט לעבן;
מיר דאַנקען און לויבן דעם בורא,
וואָס האָט אונז די תורה געגעבן.

*) אַאיר — הויכע גראָז, וואַקסט געווייגלעך אין זומפּיקע ערטער.

# סוכות

אָפּגעפּאַסט, אָפּגעבענטשט,
יום־כיפּור שוין אַוועק.
— קינדער! דערלאַנגט
די ברעטער און די זעג.

די סוכה איז שוין דאָ
אין אַ מזלדיקע שעה.
די מצוות מוזן מיר, קינדער, קריגן —
דאַרף מען דעם טאַטן שטעלן צופרידן.

און דאַן אויף קידוש וואַרטן אַלע,
מיט דער האָניק באַשמירטע מוציא־חלה
און דעם כּו סרויטן וויין —
ווי גליקלעך, קינדער, מיר פלעגן זיין!

און עס שיינט אַריין די גרויסע לבנה —
גאָטס שיין — אַ שיינע מתנה.
די שיינע סוכה פון די קינדער־יאָרן,
זי גייט ניט אַוועק פון זכרון.

## אַ נייער יאָר

ס׳קלינגען די גלאָקן
פאַר אַ יאָר אַ נייעם.
און וועט די וועלט
זיך פון שנאה באַפרייען?

ווען וועלן מענטשן
אויף גאָר אונזער ערד
לעבן אין שלום
אָן ביקס און אָן שווערד.

דער אַלטער יאָר אַוועק,
דער נייער יאָר קומט אָן.
וואַרפט אַוועק די שנאה
הייבט מיט גוטסקייט אָן!

## מיין תפילה צום נייעם יאָר

ס׳ציטערט דאָס הארץ
פאַר די קומענדיקע טעג
דו היילסט אונזער שמערץ —
טאָ ווייז אונז דעם ריכטיקן וועג.

פאַרזיכער אונזער צוקונפט
און היט אונז פון געפאַר
מיט ליבע און פאַרנונפט
באַשירעם אונז, האַר!

צוויי טויזנט יאָר ליידן —
איז ניט גענוג?
טאָ העלף אונז, פאַרהיט אונז
פון געפאַר און באַטרוג.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## 4טער יולי

היינט איז דער 4טער יולי,
דערגרייכט צו אַ גרויסע גדולה —

און באַלד פאַרשווינדן די פריידן,
ס'קלערט זיך פון פאָלק דעם פאַרשעמטן;
ס'נאָגן בלוטיק די ליידן,
און זיץ שוין מיט אַ האַרץ אַ צעקלעמטן.

די טרערן זיי האַלטן אין גיסן,
פאַרצווייפלט ווערט מיין געמיט
ווי מיין פאָלק ווערט צעריסן —
וואו איז פרייהייט פאַרן איד?

## מוטערס־טאָג

היינט איז מוטערס-טאָג,
בין איך זייער צופרידן;
כ'האָב אַ שיינעם דור —
ליבע, גוטע אידן.

קינדערלעך האָב איך פיר,
אויף לאַנגע יאָרן זאָלן זיין ביי מיר!
און אייניקלעך — שיין און פיין —
גוטע אידן זיי זאָלן זיין.

זיי שיקן מיר אַ סך מתנות,
עס איז אַ פאַרגעניגן;
פאַר געלט קען מען עס ניט קריגן —
כ'שווער איך בנאמנות...

און אַז דער טאָג גייט אַוועק,
פילט מען בענקשאַפט און אַ ברעג;
עפּעס פילט מען זיך גאַר אַלט...
און דאָס לעבן איינזאַם, קאַלט...

## וואו ביזטו גאָט?

וואו באַהאַלטסטו זיך, גאָט,
דיין הייליק געזיכט;
דיין אמת, און געבאָט,
דיין וואָרט און דיין ליכט.

לאָזט בלוט זיך גיסן
ווי שטראָמען וואַסער;
פון היטלערס, סטאַלינס
און דעם מערדער נאַסער.

ברענג אונז אביסל רו,
נחמה און פרידן;
פאַר דער צעטרייסלטער וועלט,
און פאַרן פאַרמאַטערטן אידן!

## צו אַ גאָלדענער חתונה

מזל טוב, איך קום באַגריסן אַלע,
סיי דעם „חתן", סיי די „כלה";
כ׳ווינטש אייך נאָך פיל גוטע יאָרן,
געזונטערהייט קיין ישראל פאָרן.

מיר טאָרן ישראל ניט פאַרגעסן,
ווען מיר זיינען זיך משמח;
סיי ביים טרינקען, סיי ביים עסן —
מוזן מיר געבן אונזער לענדעלע כוח.

אונזער לענדעלע — כוח און פריידן,
מזל טוב — אייךביידן.
מאַכט לחיים איבער וויין,
זאָלן שמחות ביי אונז זיין.

פעסיל שער־קאַסאָוו

## דאָקטאָר זאב הערצל
(דערמאָנונג)

כ׳האָב אים מיט יאָרן צוריק געזען,
ווען כ׳בין נאָך גאָר יונג געווען.
שפּעטער האָט ער פון מיר געשריבן,
ווי אַ פּאָליציאַנט האָט מיך פאַרטריבן.

דאָס איז צוויי ביינאַכט אין ווילנע געווען
און מיט מיר איז דאַן אַ נס געשען.
כ׳בין פלינק פון אים אַנטלאָפן.
דער פּאָליציאַנט האָט מיך ניט געטראָפן.

יענער טאָג איז פאַרבליבן אין מיין זכרון
אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.
אייביק וועט זיין גייסט אין מיין האַרץ זיך געפינען
און אייביק וועל איך מיין פאָלק מיט טרייהייט דינען.

## לכבוד ד״ר ווייצמאַן

פאַרן מנהיג ווען מיר זינגען,
פאַר דעם גרויסן איד,
אַז די וועלט זאָל קלינגען
פון דעם ציון־ליד.

דער אידישער פּרעזידענט!
פון ישראל־לאַנד דעם שיינעם
ער האָט די מדינה געשאַפן
מיט אַ געווויסן־שטאָלץ און ריינעם.

דאָס לענדעלע דאָס ליבע,
וואָס קאָסט אונז אַזויפיל בלוט,
העלפט אונז זי צו בויען
עס וועט אונז זיין דאָרט גוט.

## אונזער גאָלדע מאיר

גרויסער מענטש פון גאָט דערוויילטע
מיטן קאָפּ דעם קלאָרן
פאַר דיין פאָלק, פאַר דעם פאַרשקלאַפטן
גיסטו אָפּ די יאָרן.

מוטיק קעמפסטו קעגן דער באַנדע
וואָס מאַכט די וועלט און איד צו שאַנדע;
פון זייער שטאַרקער, שוואַרצער מאַכט
ווערט דער אמת אויסגעלאַכט.

נישט פאַרטראָגן קענסטו גוואַלט,
קעמפסט פאַר יושר פאַרן איד;
דערגרייכן דיין ציל זאָלסטו באַלד,
אייביק וועלן מיר דיר זינגען אַ דאַנק-ליד!

## אויף נחמן ביאַליקס קבר

גרויסער מענטש, גרויסער דיכטער,
גרויס איז דער פיין אין מיין האַרץ;
מיין מוזע צום-אָרעם צו שטילן דעם ווייטיק,
די פיינלעכע ליידן און שמאַרץ.

דיין ליד וועל איך זינגען
מיט ווייטיק און פרייד,
העכער וועט קלינגען מיין קול
אַז איצט צווישן אונז
געלעבט האָט אַ נביא,
ווי אין ארץ-ישראל אַמאָל.

# חיים גראַדע דערציילט

דאָס האַרץ איז דערדריקט,
אין האַלדז — טרוקן, ס׳שטיקט.
גראַדעס דערציילונג פון משפּחות און פריינט —
דער גרויסער טרויער און ווייטיק ביז היינט!

דער טרויער וועט זיין אָן אַ פאַרהיילונג,
וואונדער ווי ער שילדערט זיין דערציילונג.
דערציילט ער אַלץ ווי אַ לעבעדיק בילד,
קינסטלעך מאָלט ער דאָס שרעקלעכע שילד.

ביי אַלע געוועזן די אויגן פול טרערן,
דאָך וויל מען זיצן שטונדן און הערן.
נאָר גראַדע דערציילט עס ווי אַ באַלאַדע.
די מערדער האָבן געלערנט פון טערק אַוודאי.

די מערדער צעטראָטן האָבן יונגיטשקע בלומען
און קיינער וועט ניט אָנשטאָט זיי קומען.
אין איין קבר, אין פּאַנאַר איז מיין משפּחה באַגראָבן,
און זינט דעמאָלט כ׳קען קיין רו מער האָבן.

## י. י. שוואַרץ

אַט גיי איך צו מיין ליבן רבין
י. י. שוואַרץ,
וואָס גאָט האָט אים געגעבן
פּאָעזיע און האַרץ.

טיפקייט פון דער פעדער,
גרויסקייט אין פּערזאָן;
גאָלדענע קאָלירן
אין אונזער אידיש־פאָן.

ער איז אונז אַלע טייער,
מיט זיין פּאָעטישן פייער.
אין פּאָעטישער משפּחה
פאַרנעמט ער מזרח וואַנט;

ער איז יעדערן אַ ברכה —
ווער ס'איז מיט אים באַקאַנט.
מיר בעטן פאַר זיין לעבן,
פאַר זיין געזונט און קראַפט;

ער זאָל אונז לאַנג נאָך שענקען
די פּערל־מייסטערשאַפט.

פעסיל שער־קאַסאָוו

# אַוועק איז מיין חבֿרה

איך זיץ און מיך שוידערט:
אוי, צו־פרי, אוי, צו־פרי
— עס האָט דיך פאַרצויגן
אין שטומען ניט־הי.

פאַרלאָרן מיין חבר —
צי גוט איז, צי שלעכט;
ס'ווייטיקט און פייניקט,
נאָר גאָט איז גערעכט...

אַ סך איז פאַראיבער,
ווי דו ביסט אַוועק;
דער טויט וויגט אונז איינעט
אין אומרו און שרעק.

# אויפן טויט פון דניאל טשאַרני

דניאל, מיין חבר,
דו ביסט אויך שוין אַוועק;
ווען כ׳האָב עס געליייענט היינט,
איז מיך באַפאַלן אַ שרעק.

מיר האָבן באַלאַנגט
צו ווילנער עס־עס;
געוועזן איז דיין לעבן
אַ ווירקלעכער נס...

צוויי מאָל ביי דיר
אין סאַנאַטאָריום געוועזן;
איך וועל קיינמאָל פאַרגעסן
דיין פרייד מיך צו זען.

שלאָף רואיק, מיין חבר
מיין טייערער פריינט;
ביי מיר איז דער טאָג
טרויעריק היינט!

## תלוש דער שרייבער און פריינט

אויפן פרישן קבר פון תלוש דעם פריינט,
פילט מען מיט ווייטיק זיין ענלנדקייט היינט.
געקענט אים, געוואוסט געננוי פון זיין לעבן,
ער האָט מיט ווייטיק דעם טויט זיך אָפּגעגעבן...

געווען אַ פריינט, געזען זיך גאַנץ אָפט,
אַנטמוטיקט, פאַרצווייפלט, מער ניט געהאָפט...
געהאַט פריינט האָט ער זייער פיל,
געקומען פאַרברענגען באַשיידן, שטיל.

און גערעדט צו מיר מיט האַרץ און געדאַנק,
געמוטיקט מיר שרייבן, צעבראָכן און קראַנק.
כ׳וועל אים דעריבער שטענדיק געדענקען
מיט פריינטשאַפט, ליבע און דאַנק!

פעסיל שער־קאָסאָוו

# ד״ר יהודה לייב מאַגנעס

מיט קעפּ געבויגן,
מיט טרערן אין די אויגן
פאַרן פּרינץ פון אידן
וואָס רוט אין פרידן.

געהערט אים א סך מאָל —
מיט זיין געטלעכן קול
ער האָט מענטשן פאַרגאַפט
מיט זיין מעכטיקער קראַפט.

זיין מלכותדיקער אויסזען
א זעלטנהייט צו זען;
ווי א בן מלך א שיינער
איז ער געווען.

ער וועט נישט פאַרגעסן ווערן
אין אונזער אידישן לעבן
פון ירושלים דעם אמת
ער האָט אונז געגעבן.

## מיטלייד

וואָס מיין קול דערזאָגט ניט
ווייל ער איז אין קלעם,
אויף פּאַפּיר אַ בויגן
רעדט עס אוים מיין פּען.

ווען איך קען ניט העלפן
עמעצן מיט וואָס,
וויל איך פאַר אים ליידן
מער כאָטש מיט אַ מאָס.

## די פאַרליבטע

צוויי פויגל אויף אַ דעכל זיינען געשטאַנען —
ער׳ט געברענט מיט ליבע —
דאָס איז פיל אין אים פאַראַנען.

ער האָט געזונגען איר אַ שיר —
אויף זיין פויגלשן לשון:
דו ביסט מיין כלה, איך דיין חתן...

זי האָט אים גערייצט —
פון אים אַפּגעפלויגן
און ער נאָך איר מיט ברענענדע אויגן.

ער האָט זי געכאַפּט, מיט פליגל אַרומגענומען
מיט ליבע געשעפּטשעט:
קום, קום מיין געליבטע
צום קוסט צווישן בלומען!

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אַ געפאַלענער העלד

שטייט אויפן וואָגן דער אָרון פאַרזיגלט,
מ׳וואַרט ס׳זאָל קומען די באַן;
שיקט מען דער מאַמען איר יונגן זון —
ער האָט ניט דערלעבט צו ווערן אַ מאַן.

איבער אים ווי אַ צודעק, געשטרייפט און אין שטערן
וויִעט די פרייע אַמעריקאַנער פאָן;
דער יונג איז געווען אַ העלד אַ גרויסער,
ער האָט זיין לעבן געשטעלט אין קאָן.

פירט מען אַריין דעם אָרון אין באַן
און מיר זיינע פריינט פאָרן צוזאַמען.
שיקט מען אָפּ דעם געפאַלענעם העלד
אויף שטענדיק אַהיים צו דער מאַמען.

מען גיט אים אָפּ די לעצטע ערע,
און טרערן, ווי קוואַלן, זיך גיסן;
ווען וועט שוין ווערן די וועלט באַפרייט,
מען זאָל פון אַזעלכע באַערונגען ניט וויסן.

# אין שפּיטאָל

אין שפּיטאָל — בעטן,
שטולן און צאָל,
דאָקטוירים, נוירסעס,
ווי אין אַ פֿאַבריק,
מען לויפֿט אַהין
און מען לויפֿט צוריק.

ליגט אַ מאַן הויט און ביין,
דער קאָפּ איז גרוי;
ער ליגט און קרעכצט
און קלאָגט אַזוי.

ער רעדט גאָר שטיל,
זיין קול איז שוואַך:
געאַרבעט אין זיין לעבן
האָט ער שווער און אַ סך.

מען זעט מענער, פֿרויען,
יונג און אַלט,
פֿון זייער אויסזען
ווערט אין הארצן קאַלט...

## פעסיל שער־קאָסאָוו

# דאָס פאַרמער מיידל

מען רעדט איר איצטער א שידוך,
א בחור, א דארן כניאָק;
זי פארקוקט זיך אויף ציגן
און אויפן אלטן באָק...

ווילן וויל זי א חתן,
ער זאָל זיין געזונט און שטארק;
דווקא א הויכן, א שיינעם,
און מיט א פעסטן קארק...

אין א „סאראפינקע"־קליידל,
גארנירקעלעך ארום;
א געזונטע, שטארקע מיידל,
א בליענדיקס א בלום.

פיס, ווי אמתע קלעצלעך,
לויפט זי בארג־אראָפּ;
צעפּ — לאנגע, שווארצע,
הענגען פון איר קאָפּ.

דערזעט זי א בחור,
ווערט זי רויטער ווי רויט;
לויפט זי גלייך צו דער דייזשקע,
קנעטן גיך דאָס ברויט...

# סאָלדאַטן מאַרשירן

כ׳זע ווי ס׳מאַרשירן
סאָלדאַטן, סאָלדאַטן
אי יונגע, אי אַלטע,
אַ זון מיט אַ טאַטן.

מען שפּרייזט אַהין,
מען שפּרייזט אַהער,
דאָס האַרץ ווערט פאַרקלעמט
טרויעריק שווער.

ביקסן אַרויף,
ביקסן אַראָפּ,
ניט אַ פינטל מיטן אויג,
ניט אַ דריי מיטן קאָפּ.

אויסגעצויגן ווי די סטרונעס
שטייען גרייט זיי פאַר די טרונעס.
איינס, צוויי —
איצט מיין ריי,
דריי, פיר —
איצט פאַר דיר.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# זיך אָפּגעגאַרט

ווי צאַרט ער האָט געשמייכלט צו מיר,
ווען כ׳האָב פאַר אים געעפנט די טיר;
ער האָט מיר רויזן געבראַכט
אין אַ שיינער יוני־נאַכט.

ווען ער האָט מיר די האַנט געגעבן
האָב איך געפילט האָפענונג און לעבן...
וואו איך קער און וואו איך ווענד זיך, איז ער דאָ —
ביז ער האָט אַרויסגעקראָגן פון מיר דעם „יאָ״.
דעמאָלט איז מיין גורל געוואָרן געשלאָסן:
דער שלים־מזל איז געוואָרן מיין חתן...

נאָך דער חתונה, עטלעכע יאָר,
דערזען דעם אמת האָב איך אויפן וואָר...
פון אַרבעט, חיונה נישט געוואָלט האָט ער וויסן,
פון לעבן דאָס בעסטע ער וויל נאָר געניסן.

אַזוי איז געגאַנגען אַ יאָר נאָך אַ יאָר,
ביז דער עלטער מיט גרויע האָר;
שווער פאַר אים געאַרבעט, דעם גאַנצן לעבן,
די בעסטע יאָרן פאַר אים אָפּגעגעבן.
ווען כ׳קוק זיך אַרום מיט מיין מאַטן בליק
צו שפּעט, צו שפּעט צו כאַפּן צוריק...

# זיך שלעכט געפירט

האָסט זיך פאַרביליקט דיין לעבן,
צום טייוול זיך אָפּגעגעבן;
געפוילט זיך צו טראַכטן פון שענערס,
געגאַנגען נאָר צוריק, קליין און קלענערס...

די בלומען האָבן דיר אויסגעקוקט ווי דערנער,
אויף דערנער האָסט געקוקט ווי אויף בלומען;
דעם שאָטן האָסט געזען ווי די זון,
צו דער זון ביסט קיינמאָל געקומען...

האָסט געשלעפּט דיין לעבן אין טומאַן און כמאַרע,
די יוגנט פאַרשווענדט און פאַרביליקט;
צו טאָן אַ מענטשלעכן טאַט
האָסטו קיינמאָל נישט איינגעוויליקט!

אַזוי האָט געררוקט זיך דיין לעבן,
צו־שפּעט איז דיין שכל געקומען;
ווייל געגאַנגען האָסט נאָר פון דערנער,
האָסט נישט געקענט אָפּשאַצן די בלומען...

# געווידמעט צו איינעם

זי איז אין אַ ווייטער רייזע געפאָרן
און אויף אים געוואַרט איינציקע יאָרן.
ער האָט זיין צוזאָג צו איר געהאַלטן,
ווען זיין הארץ האָט זיך אין צווייען געשפּאָלטן.

ער האָט זיך מיט מאַניען באַגעגנט
און האָט זיך מיט איר שפּעטער געזעגנט...
איז ער צו זיין פּערלן געקומען,
זיין הארץ פול מיט „קוילן ניט מיט בלומען...

ווען ער האָט איר דעם רינגל אָנגעטאָן,
דערפילט האָט ער אַ ווייטיק, ווי מען רייסט אַ צאָן...
אויף אַ „האָניק־חודש" זיינען זיי געפאָרן,
דאָס איז געווען דער סוף פון זיינע יאָרן.

ווען זיי זיינען געקומען פון „האָני־מון",
זיין פּנים בלאַס, זיין מויל ווי שטום;
ניט מער אַרויסגערעדט קיין איינציק וואָרט,
ביז מער ניט גערירט זיך פונעם אָרט...

פון אַ צווייטן האָט זי ניט געדענקט,
דעם גאַנצן לעבן געווידמעט נאָר אים;
און די צייט וואָס ער האָט געקרענקט
שרייבט און דיינקט זי נאָר פון אים.

## טרערן

איר, טרערן היינט פליסט
אָן אָפּשטעל און פריי
עס מאַכט ניט וואָס איצט
אין דרויסן איז מאַי.

עס וויינט מיין האַרץ,
ס'קלעמט און דריקט;
אַלץ זעט אויס שוואַרץ,
כ'ווער אַזש דערשטיקט.

פאָטער אין הימל,
באַשענק מיך מיט מוט,
שטיל איין איצט דיין צאָרן
פאַרנעם פון מיר דיין רוט.

דער מוח איז מיד
און ס'שטיקט מיך די טרער
איך בעט דיך אין ליד
וואָס קען איך טאָן מער?

פעסיל שער־קאָסאָוו

## דער גריל

דער גריל איז צופרידן,
ער טאַנצט און ער זינגט,
ער פליט איבער פעלדער
גאַנץ פריילעך געשטימט.

ווען ס׳קומט אָן דער ווינטער,
דערפילט ער אַ גרויל:
פאַרטאַכלעט דעם זומער
און פוסט איז זיין מויל.

## די לבנה רעדט...

וואָס, ווער עמען — וואָס זוכט איר?
וואָס קריכט איר צו דער לבנה
איר גיט די „ספוטניקס" און „מיסילס",
אַ זייער הייסע מתנה...

„כ׳וויים אַזויפיל סודות
און האַלט זיי שאַ־שטיל;
עס האָבן מיליאָנען געליבטע —
געשוואָרן פאַר מיר מיט געפיל...

„און אָנגעזאַמלט ביי מיר ליגן
פילע הערצער באַהאַלטן;
זיי וועלן זיך חלילה צעשיטן,
אויב איר וועט פרואוון מיך צו שפּאַלטן"...

טאַ לאָזט איר שוין בעסער צו־רו —
נישט זוכט זיך מערער קיין צרות;
ווען איר כאַפּט אַ צעבראָכן האַרץ,
וועט די אַרבעט טויגן אויף כפרות...

## אַ פריינדין רעדט

„צווישן אומגליק און טרויער
בין איך געבאָרן געוואָרן;
קיין נחת פון יוגנט געהאַט,
דאָס לעבן פאַרלאָרן...

„געוואַרט און געהאָפט,
געהאָפט און געוואַרט;
קיין גליק ניט געקומען —
ס׳האָט מיר דאָס לעבן גענאַרט!"

אַזוי האָט אַ פריינדין
מיט אַנגסט צו מיר גערעדט;
מיט די אויגן צום הימל
אין אַ טרויער־געבעט...

## אומרואיקע נעכט

כ׳ליג אויף מיין געלעגער און טראַכט:
וואָס האָסטו גאָטעניו, פון דיין אויסדערוויילט פאָלק
געמאַכט?
מען האָט אונזערע לעבענס — צעפּלינדערט, צעריסן,
ווי ווילדע חיות — אָן אַ ברעקל געוויסן.

און נאָך ביז היינט — „זיי" ווילן אונז צערייסן
ניטאָ קיינע פריינט! — מ׳האַלט אונז אין „בייסן"...
טאָ, ווי לאַנג וועסטו גאָט, די צרות געדולדן?!
די קאַניבאַלן פריי — נאָר אונז באַשולדן...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# אַ יונגע פרוי באַקלאָגט זיך

האָט מיין מאַמע מיך געבאָרן
אָן צאַרטע ליבע, אָן אַ קוש, אָן אַ גלעט,
ווען זי האָט מיך אויף דער וועלט געבראַכט
אויפן האַרטן „סיעניק״־בעט...

פאַרוואָס האָט זי מיך געבאָרן?
ווער ווייס פאַרוואָס און פאַר ווען.
געגעבן מיר יאָרן צו לעבן,
די טרויעריקע וועלט צו זען.

צו וואָס עס קען ברענגען
די נאַרישע שפּיל,
צו ברענגען קינדער אויף דער וועלט
אָן ליבע, אָן געפיל...

ס׳דרייט זיך דאָס לעבן
זיג־זאַגיק, ניט גלייך,
און פון שיינע חלומות
לאָזט אוים זיך אַ טייך..

# מוזיק־מעלאָדיען

דעם קינסטלערס פינגער
איבער קלאַווירן זיך הויבן,
געפילן זיך צינדן —
פון עקסטאַז זיך דערהויבן.

מען הערט מיט געפיל
אַ שטימונג און טרערן;
קיין גלייכגילטיקע רו,
געדאַנקען — הויכע ספערן...

טענער זיך ציען
ווי גאָלדענע שטראַלן,
זיידענע פעדעם —
זיי פאַלן און פאַלן...

ווי קאַנאַריקלעך טרעלן,
די קלאַנגען זיך גיסן;
דאָס האַרץ הויבט אָן קוועלן,
די נערוון צעריסן.

הימלען ווייטע, בלויע
אין די ווייטן ציען,
איבער קלאָרע קוואַלן
פייגל פליען, פליען.

פעסיל שער־קאָסאָוו

# וואָס גייסטו מיר נאָך?

וואָס גייסטו מיר נאָך, דו טונקעלער שאָטן,
און מאַכסט מיין לעבן שוואַרץ;
אָן האָפענונג, צווייפל, געדאַנקען טרויעריקע,
אַ וויינענדיק־פאַרביטערט האַרץ.

קיין זון־שטראַלן, קיין וואַסער־קוואַלן,
דערפרייען נישט מער מיין געמיט;
דאָס לעבן און יאָרן האַלטן אין פאָרן,
נישטאָ קיין ביסעלע גליק...

אין דער יוגנט פון אידעאַלן געוואָרן אַנטציקט,
מיט רייכע פאַנטאַזיעס זיך כסדר געקוויקט;
געזען אַ מענטשהייט באַנייט און באַפרייט,
אָבער מיין פאָלק נאָך אַלץ איז אונטערדריקט.

פאַר מיין פאָלק די טירן זיי פאַרמאַכן,
און יאָגן אַרום דעם וואַגלער דעם שוואַכן;
די כלומרשטע פריינט — די זעלבע יוונים,
וואָס קענען פאַרפירן מיט זייער פאַלשן פנים.

מיר מוזן שטאַרקן אונזער גלויבן,
מאַכן אונזערע שונאים צום נאַר;
קיינמאָל מער פאַר קיינעם נישט זיך בויגן,
נישט האָבן איבער זיך קיין האַר...

# פאַרגאַנגענהייט

דיינע טיפע בלויע אויגן
מיט די לאַנגע, שוואַרצע ברעמען —
דיך, נאָר דיך, נאָר דיך אַליין
געדאַרפט כ'האָב אויסקלייבן און נעמען.

דיינע באַקן, ראָזע פאַרבן,
דיינע האָר — די שוואַרץ־געלאָקטע;
דיין איידל פּנים'ל,
די נאָז — די געטאָקטע...

פאַרחלומטע לידער
האָסטו צו מיר געזונגען.
דיין איידעלע שפּראַך
האָט האַרציק געקלונגען.

היינט ביסטו ווייט פון מיר,
ווי הימל פון דער ערד;
ס'האָט געצויגן מיר צו דיר —
געווען ניט באַשערט...

פעסיל שער־קאָסאָוו

## דאָס לעבן איז אַ שפּיל

דאָס לעבן איז נאָר אַ שפּיל,
ווי אַ ווינט־מיל גיט אַ דריי;
אַט די וואָס כ׳האָב געליבט,
ניטאָ די ביידע צוויי...

ווען כ׳דענק פון אייך ביידן,
מיין הארץ טוט מיר וויי;
געמוזט זיך מיט אייך שיידן,
מיט ליבע הערצער צוויי.

דאָס הארץ נאָגט שטאַרק,
ס׳בענקט נאָך אַ וואַרעם בליק;
כוואָלט אַלץ אָפּגעגעבן
ווען כאַפּן כ׳קען צוריק...

## אַ ליבע־בריוו

אַ ליבע־בריוו איצט שרייב איך
צו מיין ליבן „קרומען",
וואו יעדע שורה איז
אַ קראַנץ מיט שיינע בלומען...

יעדעס וואָרט — פּערל־שיין,
ס׳שיינט און גלאַנצט ווי אין אַ שפּיגל;
ווי וואַסערפאַל־קרישטאָליק־ריין
פון שטויב פאַרמאַכט אויף ריגל.

דו פאַרגעס מיר ניט, דו „קרומער"
פון דיר נאָר תמיד כ׳טראַכט,
מיט בענקשאַפט און ליבע
ביי טאָג און ביי דער נאַכט...

## האָסט מיר געהאָלפן

האָסט מיר געהאָלפן
ווי אַ טאַטע אַ קינד;
האָסט מיר פאַרגעבן
מיינע אַלע זינד...

ביסט צו מיר גוט —
דו האָסט מיר פאַרהיט
פון פייער און בלוט...

פון בלוטדורשטיקע חיות
און היטלער־באַנדיטן;
פון פאַרדאָרבענע מענטשן
וואָס האָבן לעבנס צעטראָטן.

דאַנק איך דיר ווידער
און אָבער אַמאָל,
האָסט מיר פאַרהיט
מיט דיין געטלעכן קול...

## ווילנע

מיין אַלטע ליבע היים
נאָך דיר פון ווייטע לענדער
מיין האַרץ נאָגט אין געהיים...

מיט דיינע ליכטיקע שטערן —
געלערנטע אַזויפיל!
מיין אידישע נשמה —
נאָך דיר בענקט אין דער שטיל.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אין מיין יוגנט

ווען איך בין קליין און יונג געווען,
כ׳האָב דאַן נישט געפילט
די אַנגסטן און נויטן
און זיך פאַרטאַנצט און פאַרשפּילט...

ווען עלטער כ׳בין געוואָרן
מיט בלויז געציילטע יאָרן,
כ׳האָב אויפגעהערט שפּילן, שטיפן,
און האָב דאָס לעבן שוין גוט באַגריפן.

די שטיינער אין לעבן געלעגן זיינען שווער,
צו העכערע שטרעבונגען
געווען איז מיין באַגער,
ניט געטאַנצט און געזונגען מער...

פון העכערע אידעאַלן
געדענקט און געטראַכט,
און שיינע חלומות
האָבן אין מיר שוין דערוואַכט.

# ביים לייענען

לייען איך איצט לידער,
געפּאַקט מיך האָבן צוויי,
גאָר די וועלט די גרויסע
שפּילט זיך אָפּ אין זיי.

פאַרן רייכן שיינט אַלץ ווי שטראַלן,
ס׳פּליסט ביי אים געלט ווי פון קוואַלן . . .
דער אָרעמאַן הונגערט שטיל,
דער רייכער קוקט אָן געפיל.

דער רייכער דענקט ער האָט שכל אַליין,
קען ער קיין מענטשלעך געפיל ניט פאַרשטיין.
די וועלט פאַר אים איז רייך און שיין.

דער אָרעמאַן לויבט נאָר גאָט
פאַר דער שיינער משפחה וואָס ער האָט —
און לאַכט זיך אוים פון רייכן מיט שפּאָט.

## פעסיל שער־קאָסאָוו

# חזנים־יאַריד

אָנגעפאַנגען האָט זיך שוין
דער סעזאָן פון חזנים;
קורצע, לאַנגע, אַלערליי
זינגען ווי יוונים.

הויבט אויף איינער אַ הויכן טאָן:
קלינגט עס ווי אַ פּאַס;
און די גבאים קוועלן אָן
פונעם נייעם „באַס".

פאַנגט שוין אָן אַ צווייטער חזן,
וואָס באַמבלט זיך „גלעקלעך";
שטעלט ער אָן דעם קאַמער־טאָן,
קלינגט עס ווי הילצערנע שטעקלעך...

פאַנגט אָן אַ דריטער יונגערמאַן,
די האַלדז ווי ביי אַ הענדל;
קרייעט ער זיך גאַנץ גוט אויס,
ס'איז טרוקן ווי אַ שפּענדל...

ס'איז אַ בהלה פון חזנים,
נאָר אַ מארק צו מאַכן;
טענער, שפּענער, שטעקנס העכער —
פון אַלע גוטע זאַכן...

## צום „קרומען שפיגל״

כ׳בין האַרציק פֿאַרליבט
מיט בענקשאַפֿט און רומער,
מיין געדאַנק צו דיר ציט,
מיין ליבער, שיינער „קרומער״.

שרייב איך צו מיין געליבטן,
פֿאַרמאַכט אויף שאָלם און ריגל,
קיינער זאָל מיר ניט שטערן
ווען כ׳שרייב צום „קרומען שפּיגל״.

כ׳צי די ווערטער לאַנגזאַם,
ווי פּערל אויף אַ פֿאָדעם,
און היט אָפּ יעדן גראַם
ווי אַ גוט געשמאַקן פֿלאָדן...

שיק איך מיינע לידער
גלייך אַוועק צום „קרומען״,
און זוך אין „טאָג״ אויף מאָרגן,
צי מיין „ליבער״ איז געקומען.

ווען כ׳קען דיך ניט געפֿינען —
צערווישט זיך אין מוח,
מיין האַרץ הייבט אָן צו קלאַפּן
ווי צענדליקער מאַשינען...

טאָ קום זשע, מיין געליבטער,
און ווייז זיך אינעם „שפּיגל״,
וועל איך דיר לידער זינגען,
ווי פֿאַר אַ קינד אין וויגל.

ווען דו לאָזט מיר לאַנג וואַרטן,
ווילט זיך מער ניט שרייבן;
געדאַנקען — צעשיטן זיך ווי פּערל
און ס׳ווילט זיך זיי ניט קלייבן...

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אין מיאַמי ביטש

דער אַלטיטשקער לעכצט, ווייל די בלאָנדע פאַרשוין,
ס׳גייט אים אום דאָס חיות,
ער פּרובירט צו איר גיין,
אָבער ס׳ציטערן אים די פיס...

ער וואַגט אָבער ניט ביז
זי שפּרינגט אין ים אַריין.
קריכט ער איר נאָך —
ער וויל לעבן איר זיין...

ער נעמט פון איר ניט די אויגן אַראָפּ.
זי שיינקט דאָן אַ שמייכל,
אַ שאָקל מיטן קאָפּ...

פון וואַסער זיי גייען ביידע צוזאַמען אַרויס
ווי אַלטע גוטע פריינט,
וואָס קומען פון איין הויז...

זיי נעמען ביידע אַ שפּאַציר
אויף „לינקאָלן ראָוד",
שמייכלט זי צו אים זיס —
און פירט אים אין באָד...

שטעלן זיך אָפּ ביי אַ פענצטער,
וואו ס׳שיינט אַ רינג מיט אַ בריליאַנט;
זי נעמט אָן זיין אָרעם
מיט איר צאַרטער ווייסער האַנט...

# די וועלט איז משוגע

מען זאָגט: די וועלט איז משוגע —
דאַרף מען דאָס גלויבן;
ניטאָ מער קיין קלוגע,
חוץ גאָט אפשר אויבן.

אַ מענטשהייט פאַרפייניקן
נאָר צוליב שלעכטע געפילן;
שמייכלען פון יענעמס ליידן,
מיט יענעמס לעבן זיך שפּילן.

די ענדע פון דעם ווערן קען:
אַ בלוטיקע מלחמה;
ביז די צייט וועט אַליין דערזען,
דער לעבן וועט פון זיי נעמען נקמה.

זיי קייכן פון געלעכטער,
די דרייער, די פירער,
נישטאָ ביי זיי קיין רעכטער,
נאָר פאַלשע צינגער-שמירער.

פעסיל שער־קאַסאָוו

# מיין קלוב אין מיאַמי

חברות האָב איך אַלערליי,
פון אַלע ליב איך נאָר די צוויי:
דאָרעלע און רבקהלע,
איך שרייב צו זיי אַ בריוועלע.

גוטס טאָן בלויז איז זייער באַגער,
צו העלפן יענעם — קיין זאַך ניט שווער;
אויף יעדן נויט־רוף. זיי ענטפערן גלייך,
ווייל זייערע נשמות זיינען גרויס און רייך.

צו זיין מיט זיי איז אַ פאַרגעניגן,
פאַר געלט קען מען אַזוינס ניט קריגן.
ביידע פאַרמאָגן הויכע אידעאַלן,
שפרודלען ממש ווי וואַסער־קוואַלן.

צו העלפן ישראל — איז אפילו אין פייער —
זיינען זיי ליב מיר דערפאַר און טייער.
טאָ בענטש זיי, גאָט, מיט אַ גוט לעבן,
ווייל צדק און יושר איז זייער שטרעבן.

## ווען מען דערמאָנט זיך

אַלט און איינגעבויגן,
דער מוח דינט ניט מער,
ס'טונקלט אין די אויגן
און ס'אָטעמט מיר זיך שווער.

דערמאָנט זיך מיר פון נעכטן
די קעמפנדיקע האַנט
געגאַנגען אין געפעכטן
פאַר אונזער פאָלק און לאַנד.

## איינזאַם

איינזאַם ווי אַ דאָרן
שטיי איך אינעם פעלד.
ס'איז אַוועק דער פרילינג,
דער זומער ט'זיך געפעלט.

אָנהייבן פון ס'נײַ —
איז שפּעט און ניט כדאי.
בלויז חלומות וועבן
פון אַ שווערן לעבן.

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אונזער גורל

עס פליִען די יאָרן
און ס׳שלעפּן זיך טעג,
כ׳בין אַלט שוין געוואָרן
פון לייד אָן אַ ברעג.

עס ווילט זיך דערמאָנען
כאָטש איין גוטן טאָג,
איך קען ניט געדענקען —
נאָר צרות און פּלאָג.

אַזוי איז מיין לעבן
און אויך פון מיין פאָלק,
די צייט האָט אונז ביידן
צעדראָשן, צעמאָלט.

## בילדער פון ווייטן

ווען כ׳בין געווען יונג און שיין
איז גאָר די וועלט געווען מלא חן.
כ׳האָב געטאַנצט, געשמייכלט און געשפּרונגען
און ס׳האָט די וועלט מיט מיר אויך געזונגען.

אַלץ אַוועק איז, אַלץ פאַרגאַנגען,
און קענסט זיך נאָר אין דעם דערמאָנען
און זען די אָפּדאַכטן פון ווייטן
ווי גרויע בילדער דורך טומאַנען.

און איצט אויף דער עלטער
ווען פול ס׳איז די מאָס,
טרינקט מען דאָס לעצטע
פון ביטערן כוס.

## געפילן

איבערן טייכל שפּילט אַ פּלייטל
און די לבנה קוקט אַראָפּ.
געפילן האַרציקע ציִען אַריבער,
זיי קומען צוריק אַריין אינעם קאָפּ.

ס'הויבט אָן בענקען נאָך חלומות
די נערוון ציטערן אָן אַ צאָל;
מע נעמט דערמאָנען די קינדער־יאָרן —
די שענסטע פון אַמאָל.

טוט די פּלייט אַלץ נאָגן, נאָגן
און דאָס האַרץ פאַרגייט אין קלאָגן.
ניטאָ מער, אַלץ אַוועק,
גרייטן זיך אינעם וועג.

עס פרעסט מיין מוח
און ס'דריקט מיין האַרץ,
לאָזט מיר ניט איינשלאָפן —
צו פאַרגעסן מיין שמאַרץ.

די פאַלשע באַטריגער
מיין פאָלק וויל צעשטערן!
פון דעם טוען זיי דענקען,
פון דעם טוען זיי קלערן.

נאָר פון פאַרוויסטונג
שטענדיק מען רעדט.
פון פרידן און יושר
מען לאַכט נאָר און שפּעט.

פון זייערע ווערטער
ציטערט די הויט,
אַ דריטע מלחמה?
אָבער דאָס מיינט דאָך טויט!

פעסיל שער־קאָסאָוו

## געבליבן אַליין

האָסט אין דיין חלום
פאַראיינזאַמט מיר געזעץ,
האָסט מיר דערציילט
ווען ביסט ביי מיר געוועזן.

אין מיינע אויגן זיך פאַרטיפט,
אויף אַן ענטפער געוואַרט;
אויף „יאָ” זיך געריכט,
מיר האָבן זיך ביידע גענאַרט...

געקוקט האָסטו אויף מיר מיט ליבע,
אַזוי ווייך און מילד;
געזען דיין האַרץ אין שטורעם,
וואָס ברויזט אַזוי ווילד...

פאַרלאָזן שטיל און אָרעם,
כ׳זע דיר שוין ניט מער;
צו אַ צווייטן מיין האַרץ געצויגן
מיט ליבע און באַגער...

ביידע שוין אַוועק: יענער און דער,
דאָס האַרץ האָט שטאַרק געגלוסט;
געבליבן אַליין, אויפן האַרץ אַזוי שווער,
אין צווייפל דאָס לעבן און פּוסט...

## ווי אין אַ חלום

שוין די עלטער צו מיר געקומען
און מיין גאַנצע ענערגיע צוגענומען;
די יוגנט — כ׳וועל זי מער נישט זען,
נאָר דענקען בלויז וואָס ס׳איז געווען.

קיין זאַך אין לעבן געקענט דערגרייכן,
געחלומט בלויז פון הויכע הייכן...
נישט געגאַנגען אַ שטאַפּל מער,
ווייל דאָס לעבן געווען איז האַרט און שווער.

איצט נאָך אַפּילו ווילט זיך עפּעס באַקומען,
אָבער דער וועג איז ניט געבעט מיט בלומען...
טיף אין האַרצן פאַרבלייבן די וואונדן,
ניטאָ די יוגנט, די חלומות פאַרשוואונדן...

פעסיל שער־קאָסאָוו

## אַ חלום אַזאַ

אַ שרעקלעכער חלום
האָט מיר לעצטע נאַכט,
פון ווייטיק און אַנגסט —
האָב איך פון שלאָף דערוואַכט.

אַ ווילדער לייב-הונט
האָט אַ אידן געכּיסן,
זיין מאָגער לייב
אויף שטיקער צעריסן.

זיין טלית און תפילין
פאַרגאָסן מיט בלוט,
כח צו שרייען
ניט געהאַט מער קיין מוט...

די דייטשע יונגען
זיך שטיקן פון לאַכן;
אין פיין צאַנקט אַ לעבן
און זיי חוזק מאַכן!...

מיט קללות און געוויין
כ'בין זיי באַפאַלן;
מיין האַרץ, פול מיט פיין,
כ'בין פון בעט אַרויסגעפאַלן...

געזען כ'האָב אין שלאָף
וואָס ס'פאַסירט אויפן וואָר.
גאָט, מאַך פון זיי אַ סוף,
און גיב אונז אַ גוט יאָר!

# אַ חלום

דער רעגן־בויגן
האָט מיר אַ חלום געבראַכט,
ס׳שיינט אויף די זון,
ליג איך און טראַכט.

די גאָלדענע פאַרבן —
פאַנטאַסטיש שיין,
שטיי איך פאַרכישופט
און חלום אַליין.

האָט דאָס גאָט
מיט אַ פּענזל געמאַכט?
האָבן מלאכים
איבער דעם געוואַכט?

ווי שיין איז דאָס בילד,
ווי וואונדערלעך געמאָלט,
ווי דאָס איז געפורעמט
מיט פּורפּור, מיט גאָלד.

דאָס פּראַכטפולע בילד
די אויגן פאַרבלענדט,
איז דאָס געמאָלן
מיט געטלעכע הענט?

שטיי איך פאַרגאַפט,
פאַרגאַפט און פאַרקלערט,
און קען ניט באַגרייפן
די גרויסקייט, די ווערט,
די פאַרבן, די רייכסטע
— ווי הערלעך זיי שיינען,
זיי מאַכן אונז צו דענקען,
ווי קליין מיר דאַ זיינען.

פעסיל שער־קאַסאָוו

## דאָס העמערל

דאָס העמערל קלאַפּט שוין,
צו זאָגן אַ גוטע נאַכט;
אָפּגעהאַוועט אַ לעבן
און ווייניק געמאַכט...

איצט, צו בין־השמשות,
מען כאַפּט זיך צו שפּעט;
גאָר ווייניק פאַרשריבן,
גאָר ווייניק גערעדט...

זיך ניט געגעבן קיין חשבון,
געלאָפן מיטן ווינט;
פאַרלאָרן די בעסטע יאָרן —
ווי האַלט דער חשבון אַצינד?

אַ ווייטיק נאָגט אין האַרצן
פאַר דער צייט וואָס איז אַוועק;
לעבט מען דורך שמערצן
און דער סוף — גאָר אַ שרעק.

ווען דער טויט איז ניט ווייט
— און מען בעט שוין מחילה —
פאַר דער פאַרלאָרענער צייט
וועבט זיך אין האַרצן אַ תפילה.

# פאַרלאָרענע צייט

שוין מיד פון יאָרן און צווייפל,
פיל קלעפּ אין מיין לעבן געכאַפּט;
פון יאָגן און פלאָגן, אָן שכל,
נישטאָ שוין מער קיין קראַפט.

אַלע האָפענונגען צעשוואומען,
פון יוגנט פאַרשוואונדן דער גלאַנץ;
די שיינקייט לאַנג שוין צערונען —
איך דאַר ווי אַ טרוקענע פלאַנץ...

פאַר מיר איז גאָרנישט געבליבן,
אַלץ איז אַוועק מיטן רויך;
צו העכערס זיך שטענדיק געקליבן,
אינמיטן פאַרבליבן אָן כוח...

עס וואַרעמען מער נישט די שטראַלן,
זיי שיינען ניט מער צו מיר;
די פליסנדע וואַסער-קוואַלן —
זיי זינגען מיר מער ניט קיין שיר...

## נאַאיווע יוגנט

יעדער קוש, וואָס האָסט מיר געגעבן,
האָט געבראַכט מיר גליק און לעבן;
דאָס טונקעלע שטיבל
געווען איז ווי אַ פּאַלאַץ־הויז,
דאָס געזיכט האָט געשיינט
ווי אַ בליענדע רויז...

דאָס לעבן געווען איז שיין און זיס,
די לופט האָט געשמעקט ווי אין מאַי, פּריש;
דאָס לעבן געווען איז שיין און זיס,
דאָס האַרץ און נשמה — מיט ליבע זאַט.

איז געקומען דער געליבטער
מיט סודות צו מיר,
און דעמאָלט פאַר אים
פאַרהאַקט כ'האָב די טיר.

## עלטערנס פּאַרדרוס

קינדערלעך האָב איך,
זאָלן זיי מיך איבערלעבן;
זיי שניידן מיין האַרץ —
כאָטש כ'האַלט זיי אין איין געבן.

אין קאַלעדזשעס זיי געשיקט
צו פאַרזיסן מיין לעבן;
מיין לעבן איז פון זיי צעדריקט —
ניט ווערט אַ סענט צו געבן...

## אין שווערע מאָמענטן

איך זינג דאָך מיט טרערן
און לאַך מיט געוויין.
מיין איינזאמען לעבן
געהאָפט זאָל זיין שיין...

פאַרפלויגן די יאָרן,
פאַרלאָרן דעם מוט;
גרוי און אַלט געוואָרן —
ווייט פון זיין גוט...

עלנט געבליבן —
ניטאָ קיין נעכטן, ניטאָ קיין היינט;
ניטאָ וועמען ליבן —
קיין איינציקער פריינט!...

## אויף דער עלטער

פילע האָבן מיר מאַמע גערופן,
געווען איבערגעבן מיט נשמות און גופים,
וואָלטן געלאָפן אין וואסער און פייער,
אַזוי געווען ביי זיי בין איך טייער.

אַצינד ווען איך בין אַלט געוואָרן,
אַריין אין טיפן לעבן און יאָרן —
און ווען איך קען זיי מער ניט געבן —
איז ביליק געוואָרן ביי זיי מיין לעבן!...

זיץ איך און דענק פון אַמאָליקע צייטן,
ווען כ׳האָב געשפּילט אַ ראָלע ביי „לייטן״...
איצט דענקט זיך מיט גרוים פאַרדרוס —
פון לעבן ניט געבליבן קיין ברעקל געניס...

# די עלטער

די עלטער שוין צו מיר געקומען,
האָט מיין ענערגיע צוגענומען;
און די יוגנט כ׳וועל מער ניט זען,
וואָס געווען איז אָפּגעוועזן...

אין לעבן קיין זאַך
ניט געקענט דערגרייכן,
געחלומט, געהאָפט
פון העכערע הייכן...
ניט געקענט גיין אַ שטאָפּל מער,
ווייל דאָס לעבן געווען איז שווער.

אפילו איצט ווילט זיך
פון לעבן באַקומען,
די וועגן זיינען נאָך ניט
באַשאָטן מיט בלומען...

ווייט צו די וואונטשן נאָך צוצוקומען,
עס טראָגן זיך ריחות
פון שיינע פּאַרפיומען...

פעסיל שער־קאָסאָוו

# פרימאָרגן

פרימאָרגן דער הימל — אַזוי בלוטיק רויט,
שפּעטער — פרישטיק: פּוטער מיט ברויט;
און נאָך שפּעטער — ניט פאַרמיידן דעם טויט...

דאָס לעבן דרייט זיך ווי אַ קאַראַהאָד,
ס׳קומט יעדער טאָג, ווי אַן אומדערוואַרטעטער סוד
קומט דיר אַנטקעגן, וואָס קיינמאָל דערוואַרט,
אַמאָל צופרידן, מערסטנס — גענאַרט...

ס׳קומען אויף געדאַנקען וואָס׳ט קיינמאָל דערוואַרט.
האָפענונגען פאַרלאָרענע, מערסטן גענאַרט;
ס׳לענגלט דאָס לעבן, ס׳נאַרט דיר די צייט,
און ווילסטו ניט ווייטיק? איז פּיין זיין פאַרבייט.

# אין צווייפל

וואָס איז דאָס לעבן? פּיין און געוויין,
אין טרויעריקע טעג געבליבן אַליין;
עס שלעפּן זיך טעג,
וואַכן און יאָרן,
דער קאָפּ איז שוין גראָ,
שוין גאַנץ ווייט פאַרפאָרן.

די טעג גייען זיך לאַנגזאַם,
די יאָרן פליען אַוועק,
ס'ווערט שווערער דאָס לעבן
פון צווייפל און שרעק.

גאָרניט צו דערוואַרטן,
די וועלט ווערט ניט בעסער!
די מענטשן — ערגער!
מען האַלט גרייט אַ מעסער...

— ווען די וועלט איז צו־ענדע —
וואָלט מיר אויך ניט געאַרט,
האָפענונגען פאַרלאָרענע,
קיין זאַך ניט דערוואַרט!...

# אַוועק די יאָרן

ס׳גיסן זיך טרערן, זיי רינען און רינען,
כ׳קען זיך מער קיין רו ניט געפינען;
ווי אַ ביטערער חלום איז דאָס לעבן אַוועק,
געבליבן עלנט, איינזאַם — אַ שרעק!...

נעם איך חשבון פון די פאַרגאַנגענע יאָרן,
די לעצטע נאָך לויפן, זיי האַלטן אין פאָרן...
צום סוף פון אַלעם איז שוין גאָרנישט ווייט,
ס׳וויינט דאָס האַרץ פאַר פאַרלאָרענער צייט!

כאַפּן צוריק? — ניט מעגלעך שוין מער.
ווערן די טעג איינזאַם און שווער;
גיסן זיך טרערן פאַר צייט וואָס אַוועק,
די האַרבסטיקע שאָטנס, זיי האַלטן אין שרעק...

## מענטש און פלאַנץ

ס׳גייען די יאָרן,
ס׳לויפן די טעג,
ס׳קומט אָן די עלטער
וואָס פירט צו דעם ברעג.

עס טריקנט איין דאָס גראָז,
עס ווערט פאַרוועלקט די בלום,
פאַר אַלע אין נאַטור
גייט אונטער די זון.

די אויגן ווערן שוואַך,
די פיס געשוואָלן, שווער.
דו לעבסט און ניט געלעבט
ווער דאַרף אַזעלכן, ווער?

under threat of arrest. So, the leading Jews of the community placed him in a hotel on Georgefsky Prospect and prevented anyone from coming to see him. They acted upon orders of the Czarist regime. Then he was ordered to leave town after midnight, at two o'clock in the morning.

But I desperately wanted to see Dr. Herzl, one way or another. I thought to myself and devised plans of how I could reach downtown to catch a glimpse of Dr. Herzl under whatever circumstances. I finally betook myself to the only street, where the *droshky,* or Russian public carriage, had to pass conveying Dr. Herzl to his destination. At 1:30 after midnight I reached Sadova Street and stationed myself next to a gas light, from where a policeman kept driving me away to no avail. Suddenly I see three *droshkys* coming very slowly. But I almost burst out in tears when, at first glance, I noted the first carriage completely closed. The second carriage, however, was open. The street was very narrow. Inside the middle carriage, Dr. Herzl was seated between Isaac and Boris Goldberg, who were brothers. I jumped up the carriage, screaming at the top of my voice: Hadod! Hadod! Hurray! Thereupon all the three wagons stopped moving. Dr. Herzl rose from his seat and took off his stovepipe hat. As long as I'll live, I will see his holy face. He never died for me. I risked my life in those days to see Dr. Theodor Herzl in person. Now I am glad I did.

I started to run, being chased by the policeman, who could not catch me. Dr. Herzl must have thought me killed when he wrote in the Vienna *Neue Freie Presse:* "A child wanted to see me in Russia, and she was killed by a policeman." Our Zionist leaders, knowing what I had done, informed me later about what they had read in the German paper.

civilized world owes a great debt to the Jewish people, whose innocent millions were murdered wilfully.

As to my family in America, I had made up my mind to enable each of my four children to have a college education, and to give them the things of which I had been deprived during my youthful years. God has been good to me in this blessed country of ours. My children are good Americans and good Jews. My only son enlisted in the army during the Second World War and served as a lieutenant; while my heart was shaking as a leaf, I refrained from letting him suspect that I was fearful. I am constantly grateful for the liberty that was given to me and my family.

My eldest daughter has two sons, one of whom has served in the army. He is married and the father of a son. My second daughter is a teacher. Her husband came home from the Second World War a wounded soldier. My son, who is an American heart and soul, has three sons. My youngest daughter, having finished the Cleveland School of Art, has a position in a very big commercial advertising concern. She is the mother of one daughter.

The "old lady," meaning myself, still has big responsibilities in making a living, while having a sick husband for a good many years. So, my teacher will deserve a medal, if she'll be able to read this scribbling of mine. Oh, yes, my children received instruction in music, dancing, a small measure of Hebrew in the little town of Akron, N. Y., where modern Hebrew schools did not exist. My second daughter was the recipient of two medals in music contests.

Now, the *old lady* has entered kindergarten again . . . My dear teacher has restored me to my early youth, as the Russians are in the habit of saying: Live and learn until you reach the age of a hundred years. I have always wanted to acquire knowledge, but had no opportunity. I'll be grateful to my dear teacher for whatever she'll teach me.

Sixty-eight years ago, in 1903, I saw Dr. Theodor Herzl in person, after having heard a lot about him. When Dr. Herzl visited Russia in 1903, he came to Vilna, the city of my birth. The Czarist government prohibited him from speaking in public,

little money and attend a school for working-girls. The unforgettably noble Mrs. Mareuson served as principal of the school, which I attended during four winters. I took a liking to geography, which created in me a desire to travel, especially through the African jungles. In 1905, during the uprising in Russia. my mother pleaded with me to go to America at least for one year, until thngs would quiet down. A dear girl friend of mine, whose name was Masha, lost her life, being shot for no reason. I attended twenty-one funerals, including hers. It was indeed extremely dangerous to leave the house for a moment in those days, when the Russian Cossacks roamed the streets and were out to murder. So, here I am in blessed America, on account of my mother's pleas.

Soon after I reached America, the very first year, I made my biggest mistake in getting married as a greenhorn. I should have waited with my marriage and acquired a better education while working in Gloversville, New York, where I was making big money for my good work. Yes, it was one of my fellow countrymen, a *landsman,* who was after me until I married him. I gave birth to four children, three girls and a boy named Herzl, after Dr. Herzl, whom I had seen in Vilna in the year 1903, at two o'clock in the morning. This is fully described in my book. I nearly lost my life. My book is a collection of articles that I published, serially, in the Day-Morning Journal. I have pledged my income to the orphan children in Israel, where I visited a number of times and am planning to visit again in the near future.

A plain person like myself is not likely to write adequately about the State of Israel. People should go and see it for themselves. As a Jewess who fully experienced the miseries in Czarist Russia, I declare that we owe so much to our beloved America. Every Jew, I feel, should be ready to offer his life in defense of our beloved country, America. Yes, while I am ready to give my head for America, I dedicate my heart to Israel. When going to Israel and sensing the freedom there, gained by the suffering Jew, you have the feeling of pledging yourself to do your utmost in terms of help. This, I believe, is not only a Jewish duty, but rather a moral obligation that applies to every human being. The

# RECOLLECTIONS

By PAULINE L. COSOW

Before sitting down to write one's own recollections, one is expected to be in possession of two things, namely: proper language and a good memory, so as to record past events as they really occurred. I must admit, alas, that I am deficient in both. I possess neither writing style nor the power to remember. Yet, there is nothing like trying, as the saying goes in America. So, here I come to carry out the advice of a beloved teacher.

I was born in Vilna, known as *Yerushalayim d'Lita,* a thoroughly Jewish city, boasting of many synagogues, rabbis, and Jewish schools. I was reared in a strictly observant home, which bordered on poverty rather than riches. My mother, who came from a rabbinic family, was more observant than my father, though he was one of the big leaders in the community, regularly officiating at the synagogue services. Yes, my mother was by far more pious than my father. She was a good, noble person, ever ready to be of help to those in need, making no distinction between Jew and non-Jew. She was respected and loved by all, and trained her children to follow her footsteps.

We were three children in the family, girls, whose entire education consisted in learning to recite prayers morning and evening, and grace before and after meals. In order to learn the trade of making kid gloves, I had to invest two years' work without pay. I could have learned the trade within three or four months for a fee of ten rubles, which sum my mother could not afford to pay. So I worked like a slave for two years, earning hundreds of rubles for my bosses, while my mother had to feed and clothe me at her own expense.

When I used to come home and complain why she did not break the agreement, which was merely verbal, she would reply: "My child, you must not break my word." So, I slaved on and on until the end of the two years' term. Then I began to earn a

